ש. גאָדינער

# פיגורן אפן ראנד

(דערציילונגען)

קאָאָפּעראטיווער פארלאג „קולטור - ליגע“
קיעוו—1929

די ביבליאגראפישע פארצײ-
כענונג פון דעם בוך און די שי-
פערן פאר ביבליאטעק-קאטא-
לאגן זײנען אפגעדרוקט אין
„צײט-שריפט פון דרוק" און
אין דעם „קארטן-רעפערטואר"
פון דער אוקראינישער בוך-
פאלאטע.

מעלוכע - טרעסט „קיעװ - דרוק"
4-טע דרוק. װאָראָװסקי גאַס 42.
באַשט. № 4392. געדרוקט 3.000
16 בויגן. אָקרליט 1524

# די געשיכטע פונעם יונג לעווין.

.1

אף דער בארוטער און פארוואָרפענער מאָסקווער גאס — „פּאָוואַרסקאיא“ — דער אלט־מאָסקווער נאָמען אירער, „וואָראָווסקי־גאס“ — דער איצטיקער, סאָוועטישער נאָמען — האָט זיך א געוויסע צײַט, יעדן פרימאָרגן און פארנאכט א לאסט־אווטאָ גע־טראָגן: „פּאָרד“, העכסטע אָנלאָדונג — א האלבע טאָנע, נומער 88.

דעמדאָזיקן לאסט־אווטאָ האָט געפירט א יונג שאָפערל — לע־ווין, און זײַן געשיכטע גיי איך דאָ אײַך דערציילן.

דידאָזיקע גאס איז ברוקירט מיט שארפשפיציקן קיזלשטיין. צווישן די שפּאלטן פון די קיזלשטיינער שפּראָצן גרינע גרעזעלעך. די הײַזער אף דערדאָזיקער גאס זײַנען אלטפרענקישע, מיט גערט־נער און גערטנדלעך פון פאָרנט און פונהינטן, מיט קאָלאָנעס געלע, געשפּאָלטענע פון אלטקײַט, מיט שווערע, געקרימטע און פאַראָסטעטע אײַזערנע טויערן.

די אײַנוווינער אף דערדאָזיקער גאס — אלט־רוסישע פּריצים און גאָטפּאָרכטיקע פּריצטעס, געבויגענע, אין אלטמאָדישע אטלא־סענע אויסגעריבענע פּעלערינעס, יאָרדישע, פארעלטערטע און פארומערטע מענטשן, מענטשן איבערגעבליבענע פון א פארלאָ־רענער וועלט, וואָס איז ניט לאנג צוריק אומגעקומען, און וואָס האָט אין דער אומקום־בעהאָלע פארגעסן זיי מיטנעמען און פאר־לאָזן זיי דאָ אף איינזאמקײַט און טיפן טרויער און שטילן פּאכ־דאָנעסדיקן הוסט אין די אויסגעריבענע פּעלערינעס ארײַן.

די שאָטנס פון דערדאָזיקער גאס — גראף ראָסטאָוו, גראף לעוו טאָלסטאָי, וואצלאוו וואָראָווסקי. דער ערשטער איז געבליבן

שטעקן אין א ווינקל צימער פון זײַן פּאַלאַץ, אין דעם פּאַר־געלבטן פון מאַכאָרקע־רויך מירמלשטיין (דער פּויער־יונג, דער אַרבעטער־יונג האָט אַלע פּאַלאַצן פאַרנומען און אַלץ מיטן מאַ־כאָרקע־רויך פאַרויכערט, ווי ער וואָלט די בורזשואַזע נעסט פון דאָרט געוואָלט אויסרויכערן); דער צווייטער קומט באַהאַלטע־נערהייט, אין שטילע אָוונטן צו גאַסט צום ערשטן און באַקלאָגט זיך פאַר אים אויף דער קעלט פון א פאַרוואָרפענער רוסישער סטאַנציִע מיטן נאָמען אָסטאַפּאָווא; דעם דריטנס שטילער אָנ־דענק שוועבט איבער דער גאַס, ווי א פאַרשניטענער שטילער געזאַנג פון אָפּגעהאַקטע פינגער.

אָבער איבער זיי אַלעמען, לעבעדיקער און מאַמאָשעסדיקער פאַר זיי אַלעמען, הייסער און הילכיקער, מיט א יאָג־אָטעם פון א לעבעדיקער בריִע אויף אַן אַרבעטנדיקער מאַשין איז ער — דער שאָפער פון דעם אווטאָ נומער 88, דער יונג לעווין.

דער יונג לעווין האָט זיך דערוווּסט וועגן מאָסקווע פון אַן עלטער־זיידן, וואָס איז א יאָר צען, איידער דער יונג איז גע־בוירן געוואָרן, — געשטאָרבן, אָבער פאַר ווערמענס אָנדענק מע האָט דעם נאָמען „מאָסקווער זיידע" פאַרהיט. דעם יונגס זיידע איז ניט מער ווי א ניקאָלאַיעווער סאָלדאַט געווען. דער יונג האָט וועגן מאָסקווע אַזוי אַרום זיך דערוווּסט און גלײַך פאַרגעסן און ווידער זיך דערמאָנט ערשט שפּעטער, ווען ער איז א הונגע־ריקער קיין מאָסקווע געקומען און אויף די אָנגעוואַלגערטע שטיי־נער נעבן קאַזאַנער וואָקזאַל זיך אַנידערגעוואָרפן.

דער יונג איז קורץ־געפּאַקט. פאַרבאַקן־ברוין איז זײַן פּאָנעם, טונקל־מאַנדלדיק זײַנען זײַנע אויגן, און ווײַס־ביינערדיק זײַנען זײַנע געדיכטע ציינדלעך, שטענדיק אָפּגעדעקטע, אָפענע און גרייטע צו בײַסן.

זײַן עלטער־זיידע האָט אַמאָל פאַרענדיקט די ניקאָלאַיעווער דינסט און א שטיק ערד באַקומען. זײַן זיידע און זײַן טאַטע זײַ־נען אויפן כיילעק ערד געבליבן ביזן פרײַלעכן 1919 יאָר. אין דעמדאָזיקן יאָר האָבן די פּעטליוראָווצעס די גאַנצע מישפּאָכע זײַנע אויסגעקוילעט, און דער אַכצניעריקער יונג, ווען ער איז אויף דער שקאַפע אַהיים געקומען צו רײַטן און דערזעען די

הארוגים, האָט ער בלויז באוויזן די פעטליוראָווצעס אף א זאַפּ־טיקער און יאָדערדיקער אוקראַיִנישער שפּראַך אויסזידלען:

— שעדישע נעשאָמעס! א לעבעדיקן וועט איר מיך סײַ־ווי־סײַ ניט נעמען...

און מיט הינטער־גערטנער און פאַרדרייטע שטעגלעך אף דער שקאַפּע קאַם צו א דערנעבנדיקן דערפל זיך דערלאַנגט, צו א גוט־באַקאַנטער פּויערטע (יונג, ווי א באַגינען, פריש און געשמאַק, ווי א געבראָטענע ציבעלע, און דער מאַן איז בײַ די דײַטשן פאַרפאַלן געוואָרן). בײַ דער פּויערטע אפן הויף האָבן ערשט אָנ־געהויבן די קניִען זײַנע ציטערן און ער האָט די פּויערטע גערופן:

— מאַרינקאַ!.., צו דיר בין איך געקומען... באַהאַלט... די פעטליוראָווצעס... דעם טאַטן — געקוילעט... די מאַמע — געקוי־לעט... אַלעמען... דעם קליינעם אַבראַשקען — אויך... אַלעמען... ניטאָ... אַר־אַר־ך, שעדישע נעשאָמעס...

און — ניט געוויינט — א געשריי האָט זיך בײַ אים אַרויסגע־ריסן. די שקאַפּעס מיט די בעהיימעס האָבן זיך אזש אין דער זײַט א וואָרף געטון, ווי פון שויכעטס מעסער, אזא געשריי האָט ער אַרויסגעלאָזט.

די פּויערטע האָט אָן דעם איבערגעקערטן מעלקשעפעלע פאַר־געסן. מיט אָפענע און גיריקע אויגן, מיט אָנגעלאָפענעם שפּײַעכץ אין די ווינקלען מויל האָט זי אפן יונג געבליצט, און ווי א זינ־דיקע, ווי א פאַרליבטע אים אַנטקעגן געלאָפן, אַרומגעהאַלדזט, אַרומגענומען:

— אוי, יאָסעק, וואָס רעדסטו? אָן עמעס? טאַקע? קום, קום, געליבטער מײַנער...

און אינאָוונט, און באַנאַכט האָט זי זײַן לײַב געשלונגען און די הויט האָט אף אירע לענדן היציק געציטערט, און די אָדערן האָבן האַסטיק געקלאַפּט. און אין שפּעטער נאַכט האָט זי אים, ווי א קינד, בײַ א האַנט אָנגענומען, אין קעלער אים אַוועקגע־פירט און דאָרט ווידער דורשטיק געשלונגען און געזויפן דעם יִינגלס לײַב און אויסגעזויגן, און אומגעקערט, און אויסגעטריקנט אים, ווי א ליידיקע גלעזערנע קיילע און אַלץ באַצויבערט אזוי

געשאָסן מיט די אופגעלויכטענע אויגן און מיט די אופגע-
גלאַנצטע ציין.

— יאָסעק, ס'איז ניט קיין כאָלעם?... ביסט אף אן עמעס
געקומען?... יאָסעק... אוי, סאַרא שרעק...

זיבן וואָכן האָט זיך דער יונג בא דער פויערטע אין קעלער
אויסגעבאהאלטן, און זיבן וואָכן האָט די פויערטע באנאכט אי־
בערן יונג געבושעוועט און באטאָג אָנראכמאָנעסדיק אים גע־
קאָרמעט און געשראָקן זיך פאר זײַן ווייניק עסן:

— עס, מערער עס, יאָסקע, נאריש עקסל איינער, עס, דו
ווערסט דאָך אויסגיין דאָ אזוי...

זיבן וואָכן טעג האָט דער יונג זיך געמאטערט עסן און קיין
אָרט זיך ניט געקאָנט געפונען, ווײַל ענג איז געווען דער קע־
לער, און ארויסגיין האָט מען ניט געטאָרט, — די ווײַסע וועלט
איז ווי מיט היישעריקן, מיט פעטליוראָוועצעס געווען באשאָטן.
זיבן וואָכן נעכט האָט דער יונג מיט דער פויערטע געבושעוועט,
ווײַל די ערשטע פרוי, וואָס האָט מיט זיסער ביטערקײַט זײַן
לײַב אָנגעזעטיקט, איז געווען זי — דידאָזיקע מארינקע. און אף
דער אכטער וואָך, אין אן ערעוו־כאָגעדיקן אָוונט, איז די פוי־
ערטע צו אים אין קעלער ארײַן און געזעצט זיך אף דער בעט,
און צוגעדריקט זײַן פארברוינטע האנט צו איר הייסער און פולער
ברוסט און אים דערציילט:

— דו הערסט, יאָסעק? טאָפּלט קלאפט עס שוין איצט, פאר
צווייען...

זי האָט געקוקט אף אים מיט א מאמעשן בליק. זי האָט גע־
קוקט אף אים ווי א ווײַב. זי האָט שוין מיט אים אין איין טע־
פעלע א קאשע פארקאָכט. זי בליצט שוין אף אים מיט אירע
ווײַסע פעטע ציין און לאכט:

— יאָסעק, די פעטליוראָוועצעס, די שעדישע נעשאָמעס... זיי
זײַנען געסט... זיי וועלן אביסל רויטן קוואס א טרונק טון און
ניט ווערן, ווי ניט־גוטע... און א באלעבאטישקײַט איז בא מיר
א פעסטע... נעגל וואקסן מיר אונטער דער הויט פון די פינגער
שארפע... אוי, ליבינקער! בלײַב!... לעב!... אָן דיר וועל איך
עפשער צום טײַך אנטלויפן! מיט דיר קריכט מיר ניט קיין האָניק

אין האלדז!... אוי, ליבינקער!... עפשער האָב איך גאָר מײַנע אלע זעקס און צוואנציק יערעלעך אף דערדאָזיקער מינוט גע־ווארט!...

אינדרויסן איז הארבסט געשטאנען. א רעגנדל האָט געזיפּט געדולדיק און רויִק — אף מעסלעסן. אין קעלער איז געווען וואַ-רעם. פון איר לײַב האָט א היץ געשלאָגן. א געשמאקע לײַב גע־רוך. די ערדישע סטעליע פון קעלער האָט אף זײַן יונגן קאָפּ געדריקט. דער דרויסנדיקער אומוועטער האָט מיט טויזנט קיינען געווונקען און גערופן. פרײַהײַט איז דאָרט אומזיסטע אף די וועגן געלעגן — נעם דיר, וויפל דײַן הארץ גלוסט. ער האָט באשלאָסן מיט איר זיך געזעגענען. ער האָט אין זײַן יוגנטלעכן געדראנג אלע זײַנע אייוורים גרייט געמאכט. ער האָט זיך אין יענער נאכט אומישנע גוט געהאָלובעט מיט דער פויערטע. זי האָט זיך אזש אליין פארוווּנדערט. זי איז אזש אליין פארמאטערט געוואָרן פון זײַן ברען אין די אָדערן. זי איז אײַנגעשלאָפן בא אים אין די הענט, ווי א זיבעצניעריק צארט־געליבט ווײַבעלע. ער האָט זיך מיט איר האָלובעט, האָלובעט און פון קעלער ארויסגעגאנ־וועט. ער איז געלאָפן אונטער דער געדולדיקער און רויִקער רעגן־זיפּ. ער איז געלאָפן אין דער שווארצער נאכט ארײַן אזוי, אז ער האָט שיר די אייגענע טריט ניט פארלאָרן. ער איז גע-לאָפן ווי פון א סרייפע, ווײַל אויב פארהיטן בלויז די פעל, האָט ער ניט געהאט צוליב וואָס מיט די פעטליוראָוועס מילכאָמע האלטן, האָט ער געקאָנט עס טון נאָך מיט אַ צײַט צוריק. ניין, ניט די פעל פארהיטן! אים האָט זיך אויך געוואָלט זײַן אינמיטן, צווישן אלעמען.

איז ער אוועקגעלאָפן מיט א שליאך צו א צוג, זיך ארײַנגע-גאנוועט אין א וואגאָן און געבליבן זיצן אין א ווינקעלע.

ניט גוט האָט ער געטראָפן!

דער צוג האָט זיך געשלעפּט אין דער וויסטער הארבסטיקער נאכט ארײַן, ווי א הונגעריקע קליאטשע און ער איז געזעסן אין איינעם פון די וואגאָנעס און געפילט זיך ווי א פארשטיָקטע שמאטע אין אן אויסגעהאקטער שויב: פון איין זײַט א היץ, פון דער צווייטער — א פראָסט. ער האָט געבענקט נאָך דער

אומענדלעכקײַט פון די אוקראַיִנישע סטעפּעס, ווײַל צײַטן האָבן געיאָגט אזוינע, ווען אין סטעפּ, מיט א ווילדע כאיע האָט מען זיך געקאָנט צונויפּריידן און א גאנצער ארויס, און אין די דער־פּער, אין די שטעט, אף די שליאכן, צווישן מענטשן האָט גע־לויערט דער טויט און געזוכט וועמען באם גאָרגל אָנעמען.

— האלט די ציין, יאָסעק! — האָט עמעצער צו אים אין אויער אריינגעשריִען. — צי ארוף א זאק אפן פּאָנעם און פארשטעל זיך: ניט דיך מיינט ער, דער טויט!...

אין וואגאָן איז געווען טונקל. אנטקעגן אים האָט זיך עפּעס געגרויט. דאָס גרויע האָט זיך שפּעטער א ווײַלע פון אָרט אופ־געהויבן. אנטקעגן אים איז געשטאנען א מענטש אין א גרויען רעגן־מאנטל, מיט א בלאָנד־זײַדן יעזוס־בערדל, מיט גאָלדענע ברילן אף דער נאָז. זאָל ער אנטלויפן פון אים? ווּהין? ווּהין קאָן מען אנטלויפן פון א בייזן מענטשן? ווי קאָן מען זיי דער־קאָנען, די בייזע לײַט? נאָר דער מענטש האָט אף אים מילד גע־קוקט און שטיל א פרעג געטון:

— ווײַט פאָרט איר, יונגערמאן?

— ניין... אָט... א פּאָר סטאנציִעלעך...

— וואָס פאר א איניען?

— גאָרניט... א היימישער...

— א היימישער?

— יאָ...

— א באָלשעוויסטישער?

— פארוואָס עפּעס? ניין... פארקערט...

דער יעזוס־מענטש האָט זיך פון אים אָפּגעקערט. ער האָט ווי צו זיך אליין ארויסגערעדט:

— אָך, גאָט מײַנער! און ווען וועט מען דאָס שוין א קלאפּ טון די באָלשעוויקעס!

און דער יונג איז געווען אזוי נאריש צו ענטפערן:

— אין קורצן...

ער האָט זיך אזש נאָך א מאָל אויסגעדרייט צום יונג:

— יאָ? אין קורצן? און די זשידעס?

דער יונג האָט זיך פארהאמעוועט:

— אוי־אוי־ך !..

— אויך? און דו האָסט פארן טויט קיין מוירע ניט?

— איך?

— יאָ, דו...

— איך... בין דען א ייִד?

— איך ווייס? מע דארף באַם זשידאָווסקע קאהאל פרעגן.

— ניין...

— מירן זעען... — האָט דער יעזוס־מענטש אויסגערופן און מיט געלאסע באוועגונגען די ברילן פון דער נאָז אראָפּגענומען, אויסגעווישט זיי, אָנגעטון און ווידער געקוקט אפן יונג, און עס איז שווער געווען צו פארשטיין, וואָס ער וויל פון אים.

געוויס! ס׳האָט זיך גוט פארקאָרקעוועט דאָס אלץ בא אים אין זיקאָרן.

דער וואגאָן איז געווען געפּאקט. די מענטשן זײַנען דאָרט געלעגן, ווי קופּקעלעך שמאטעס. ער איז אויך געווען ווי א קופּ־קעלע שמאטעס, אָבער אינעווייניק האָט אים שטארק געבריט ווער איז ער, דער אין די ברילן? וואָס וויל ער פון אים? וואָס האלט ער אים אזוי אין דער קלעם, ווי א קאצעוו דאָס קעלבל פאַר דער שכיטע?

אָ, יאָ!... ער האָט געטראָגן א באהאלטן ווינקעלע אין דער נעשאָמע, ווי א בעטלער טראָגט א פארקניפּטן גראָשן אין די טראנטעס, און געציטערט, מע זאָל עס בא אים ניט אָפּנעמען. דאָס איז געווען — דאָס פּיצל לעבן זײַנס, וואָס ער האָט אומזיסט ניט געוואָלט אוועקגעבן.

ער האָט געמוזט עפּעס אן אייצע צוטראכטן. ער איז געווען איינער אליין מיט זײַנע פיס און הענט, און אף די פיס האָט ער געוואָלט גיין און מיט די הענט עפּעס טון, ארבעטן... ער האָט געטראכט, אז דער טאטע איז ניטאָ, און די מאמע איז ניטאָ, און דאָס פעלד איז פארוויסט, און פעטליוראָווצעס ווי וועלף בלאָנקען דאָרט ארום — איז אַיִב ער וועט דאָס פּאָנעם אָפּדעקן און דער־קאָנען זיך לאָזן, וועט ער אומקומען ווי א פליג.

ער האָט צו די איבעריקע פּאסאזשירן אין די אויגן ארײַנגעקוקט, ווי א הינטל. ער האָט געוואָלט, מע זאָל אים פון דעם

יעזוס־מענטשן פארטיידיקן. אָבער די פּאסאזשירן האָבן זיך אף אים ניט אומגעקוקט — גלײַכגילטיק זײַנען זיי געבליבן שטעקן אין זייערע שמאטעס. ער האָט זיך אף א שמועס צו זיי אָנגעבעטן, און שמועסן האָבן זיי מיט אים ניט געוואָלט. ער איז געווען אליין און האָט זיך אליין באדארפט אן אייצע געבן. האָט ער זיך אליין מיט יענעם מענטשן גע־ראנגלט:

— געוויס... אין קורצן... גאָר איר קורצן... וועט מען פון זיי א טעל מאכן... וואָס-זשע? צעפּליקט אזא טײַער לאנד!...

אָ, איצט ווייסט ער שוין, ווי נאריש ער האָט דעמאָלט גע־האנדלט. דאָסדאָזיקע וואָרט האָט אים גענוג געקאָסט. דער יעזוס־מענטש איז פונעם דאָזיקן וואָרט אזש אונטערגעשפּרונגען, ווי מע וואָלט אים א שפּילקע אין סאמע פּילבארסטן אָרט ארײַנגע־לאָזט. דער יעזוס־מענטש האָט זיך הויך צעלאכט און געבעטן בא אים:

— ניין... וואָרט... כאזער איבער... ווי האָסטו געזאָגט? „צע־פּליקט אזא טײַער לאנד"... אָ, דאָס איז אויסגעצייכנט... ס'איז נאָר א זשידאָוושקער רוסיש, אָבער... אזא מין געדאנק!

דער יונג האָט נאָך אלץ די שפּיל ניט באנומען און ערלעך איבערגעכאזערט און איך זיך צעלאכט, אָבער זײַן געלעכטער איז עפּעס געבליבן הענגען אין דער לופטן, ווי אן אנטלױַענער און ער איז געבליבן שטיין אין וואגאָן ווי א פארבלאָנדזעטער.

און דער יעזוס־מענטש האָט באקומען לאָשן. ער האָט זיך אינמיטן וואגאָן געשטעלט און א גאנצע רעדע געהאלטן:

— אָט, מיר, רוסישע, זײַנען א לײַכטגלויביק פאָלק! ביז גאָר זײַנען מיר לײַכטגלויביק און בלינד און קאָנען ניט אונטערשיידן פון א סוינע ביז א פרײַנט. יונגער מענטש, — האָט ער זיך צו אים געווענדעט, — אָט, איר פאָרט, קאָן מען זאָגן, די נעשאָמע פארן פאָטערלאנד אוועקגעבן, און איך האָב אײַך כוישעד געווען אין אזא שרעקלעכער זאך: איך האָב געמיינט — איר זײַט אן אונטער־ערדישער באָלשעוויק. זאָגט, איך בעט אײַך, וויפל מיליאָנען רוסישע מענטשן וועלן זיי נאָך דארפן אומברענגען אף איבער־ווארפן א בריק צום סאָציאַליזם?...

ס׳איז געווען א מעשוגענע שפּיל: דער יעזוס־מענטש האָט אים גאָר באַן ארבל אָנגענומען און אוועקגעפירט מיט זיך:

— יונגער מענטש, — האָט ער צו אים געזאָגט, — קומט א מינוט מיט מיר, איר פארשטייט — איינס און צוויי — און סאָציאַליזם איז ניטאָ. עס מוז עפּעס קאָסטן, יאָ... קומט א מינוט מיט מיר, איך בעט אײַך, איך דארף אײַך נייטיק האָבן...

דער יעזוס־מענטש האָט אים פעסט פאר אן ארבל געהאלטן און געשלעפּט צו דער טיר. ער האָט נאָך אַלץ גאָרניט באַנומען און געלאכט מיט זײַן אנטלײַענעם געלעכטער און צוגעיאָקעוועט:

— יאָ... יאָ...

אָהאָ, וואָס פאר א שפּיל דאָס איז געווען!

דער יעזוס־מענטש האָט אים צום בייסאקיסע גאָר געשלעפּט.

די טיר פון דעם בייסאקיסע איז אָפן געווען, און אף א גראָבן פּאַק איז דאָרט א פּויערטע געזעסן. זי איז געזעסן, ווי א הון אין א רעגן היגטער א פּלויט. דעם קאָפּ האָט זי אף דער ברוסט אראָפּגעלאָזט, און די נאָז אין דער פאטשיילע פארשטעקט, ווי א שנאָבל אין פעדערן. זיי זײַנען אין בייסאקיסע ארײַן. די פּויערטע האָט אף איר פּאַק געדרעמלט, נאָר ווען זיי זײַנען אין בייסאקיסע ארײַן, האָט זי איר קאָפּ אופגעהויבן און אָנגעקוקט זיי מיט גלײַכגילטיקע אויגן. זי האָט ניט גלײַך פארשטאנען, וואָס זיי באַדארפן דאָ אין בייסאקיסע. דערנאָך האָט זי זיך געכאפּט און פון פּאַק אופגעהויבן.

— וואָס־זשע, איר ווילט עפּעס טון?...

די פּויערטע האָט זיי אף דער קעגנײַבערדיקער אָפענער טיר אָנגעוויזן:

— מאכט אהין... גלײַך אינעם דרויסן ארויס... דאָ זיצט א מענטש... די אויגן זײַנען אײַך ארויס?

נאָר דער יעזוס־מענטש האָט זי מיט דער צווייטער האנט פאר אן ארבל אָנגעכאפּט:

— ווארט צו... דו ביסט א רוסישע פרוי?

— וואָדען? א טאָטערקע?

— כּידעש זיך ניט, מוטער, אף מײַן פראגע. דו האָסט דען געציילט? עפּשער זײַנען איצט אין רוסלאנד מער זשידעס און טאָטערן פאראן איידער רוסישע... אזא צײַט איז איצטער געקו־מען. זיך, מוטער, אן איידעס וועסטו זײַן.

די פויערטע האָט א פארכידעשטע געקוקט אף זיי, און בא אים האָבן גלעקער אין די אויערן זיך צעקלונגען. דער יעזוס־מענטש האָט די טיר פון בייסאקיסע מיט א שטופּ פון זײַן פּלייצע פארמאכט און פארשטעלט און צו אים זיך געווענדעט:

— נו, און איצט זאָג אָפּן, יונגער מענטש, פון וועלכן אונ־טערערדישן רעווקאָם און וווהין וועלכע שליכעסן פירסטו.

דער יעזוס־מענטש האָט געלאסן פון דער הינטער־קעשענע א רעוואָלווער ארויסגענומען און אף אים אָנגעשטעלט.

— ליידיק אויס אלע טאשן!

אָ, דאָס איז א קלייניקײַט! די טאשן זײַנען בא אים לעכער־דיקע געווען. אונטערן אויסגעריבענעם שינעל האָט ער נאָר הויזן און א העמדל געטראָגן. און דער יעזוס־מענטש האָט געשמייכלט:

— וואָס־זשע, קיין דאָקומענטן ניטאָ? פירסט מיט זיך אליך אף דעם שפּיץ צונג? וועלן מיר דעם צונג אָפּשנײַדן. נאָר, ווארט צו, — האָט ער זיך געכאפּט, — פריִער וועלן מיר פעסטשטעלן, צו וועלכער נאציִע דו געהערסט. דאָס איז גאנץ לײַכט. פאראן אזעלכע גוטע סימאָנים... מוטער — האָט ער זיך צו דער פויערטע געווענדעט — דו ביסט א רוסישע פרוי, און דו דארפסט דײַן בירגער־כויוו אויספילן — טרייסל אראָפּ פון זיך דעם דרימל, אניט וועסטו רוסלאנד, דײַן טײַער לאנד, פארשלאָפן. שעם זיך ניט, קוק מיט ביידע אויגן, אן ערלעכער און זײַטיקער איידעס וועסטו זײַן. טוט זיך אויס, יונגערמאן, — האָט דער מענטש מיטן ברוי־נינג צו אים זיך געווענדעט, — טוט זיך אויס און באווײַזט אונדז אײַער זשידאָווסקע בריס־מילע.

ער האָט קיין ברײרע ניט געהאט. ער האָט מיט ציטערדיקע הענט די קנעפּלעך געשפּילעט. דערנאָך האָט דער יעזוס־מענטש אן עלעקטריש לעמפּל פון טאש ארויסגענומען און דעם יונגנס נאקעטן קערפּער באלויכטן.

— זשיד, — האָט ער זיך צו אים געווענדעט, — דו זאָלסט ניט מיינען, אז מיר זײַנען באַרבאַרן; מוטער, — האָט ער זיך צו דער צעטומלטער פּויערטע געווענדעט, — איך באַפּויל דיר א קוק טון, דו זאָלסט קאָנען איידעס זאָגן, דער איינציקער סימען זײַנער איז דער ייִדישער דאָקומענט זײַנער, ער איז פאַרבונדן מיט זײַן פאַר־שאָלטן פאָלק דורך א שניט אפן לײַב און גיט זיך ארויס פאַר א היטער פונעם „טײַער לאנד”, וואָס ער וויל אומברענגען. מיר זײַנען ניט קיין באַרבאַרן. כ׳וועל דיר איצט, אָן א גערײַכט, גאָר־נישט ניט טון. טו זיך אָן, פאַרקנעפּל זיך. אף דער נאָענטסטער סטאַנציִע וועלן מיר אראָפּ.

האָט ער צוריק די הויזן געקנעפּלט און די קניִען האָבן בא אים געציטערט און אין האלדז האָט א שטיין זיך געקוילערט — ניט אראָפּצושלינגען, ניט אויסצושפּײַען. א בייזער צאָרן האָט אים געשטיקט און אים איז אײַנגעפאלן, אז ער האָט שוין ניט וואָס צו פארלירן און מעג זיך א איזדיעקעווע טון איבער עמעצן א מינוט פארן טויט. האָט ער דעריבער די הויזן צוריק אָפּגע־שפּילעט און צו דער פּויערטע צוגעטאנצט:

— קוק! זע! באַקוק מיך גוט! נו!...

האָט די פּויערטע גאָר די אויגן פארשטעלט און דעם יעזוס־מענטש צו די פיס געפאלן:

— פּאָרעצל, טאַטעלע, לאָז מיך פרײַ. לאָז מיך אהיים... כ׳האָב ניט געקוקט... כ׳האָב גאָרנישט ניט געזען...

באם יונג האָבן אזש די שפּיץ נעגל געבריט. די אויגן זײַנען אינעווייניק, אין האַרץ ארײַן, ערגעץ אראָפּגעפאלן און דעם שפּיץ צונג האָט געביסן:

— שעדישע נעשאָמעס...

איצט איז אלץ קלאָר געוואָרן.

ער האָט ווי א שלײַען אפן אײַז, מיטן קאָפּ אָן דער שוואַר־צער לופט פונעם אָפענעם פענצטער זיך אָפּגעקלאַפּט און ארויס־געוואָרפן זיך און ניט געוואָרן.

די נאכט איז געווען א פינצטערע און אין וואָלקנס פאַר־הילטע. דער טיף־הארבסטיקער רעגן איז געדולדיק און געדיכט אף דער ערד געפאלן און געוואשן אים זײַן צעריסן און

פארוואונדעט לײַב, און אַלע געדאַנקען האָבן זיך באַ אים צעשאָטן, און ער האָט זיי קלײַבן ניט געוואָלט. איין זאָרג איז נאָר געוועז:

— די הענט מיט די פיס זײַנען גאַנץ?

— יאָ, גאַנץ.

— איז גוט. יאָג ווײַטער.

— וווּהין?

פאָרויס ליגט דער וועג באַהאַלטן, ווי דער אינהאַלט פון מאָרגנדיקן טאָג, ווי די ליכט פאַרן בלינדן, ווי דער קלאַנג פאַרן טויבן, און דער צעהוליעטער ווינט יאָגט אין דער פלייצע אַרײַן. דער פאָרויס שעמערירט און נאַרט מיט העלע ליכט פון די קומענדיקע טעג.

ער איז אָן אַ „וווּהין" אַוועק. ער איז אַוועק מיטן וועג פון זײַנע אייגענע שפּיץ־פינגער. ער האָט ניט שלעכט אויסגערעכנט: פונדאַנען קומען די ווײַסע און אַהין גייען די רויטע. די ווײַסע מיט די רויטע שטייען מיט די פּנימער איינע צו די אַנדערע, דאַרף מען גיין אַהין, וועט ער קומען צו די רויטע און דערציילן זיי אַלץ, ווי געוועזן, און וועט אַליין אַ רויטער ווערן.

ער האָט זיך געוואַלגערט אויף די וועגן, ווי אַ ווערעמל אין מיסט. ער האָט געשמירט זײַן פּאָנעם אין בלאָטע, קעדיי ער זאָל פון די האַרבסטיקע בלאָטעס ניט איבעריק אַרויסשײַנען. ער איז געוועזן איינער אַליין אין סטעפּ און אין וואַלד, און ווי אַ מאַלפּעלע איז ער פון בוים צו בוים געשפּרונגען.

און דערנאָך האָט ער באַוואָפנט פויערים און מאַטראָסן באַגעגנט. ער איז ווי אַ הינטל צו זיי געלאָפן און אָן קויכעס צו זייערע פיס געפאַלן. ער האָט זײַן פאַרבלאָטיקטן קאָפּ אויפגעהויבן און זיי דערציילט:

— אויב זיי זײַנען ווײַסע, דאַרפן זיי אים צעשיסן, ער איז נאָר וואָס פון די פּעטליוראָווצעס אַנטלאָפן. און אויב זיי זײַנען רויטע.

האָט ער ניט געוווּסט, וואָס זיי דאַרפן מיט אים טון.

איז איינער מיט אַ געדיכטער באָרד און מיט אַ פּיפּקע אין מויל פאָרויס אַרויס, פּעטע וואָלקנס רויך פון מויל געוואָרפן און הויך געלאַכט:

— אָט א געפינסל! נו, נו, דערציייל, דערציייל, וואָס מאכן עפּעס די ווײַסע? ווו זײַנען זיי? ווי פילן זיי זיך? די מאָגנס זײַנען בא זיי ניט קיין לויזע? לויפן קלײַבן זיי זיך ניט?

די באוואָפנטע מענטשן האָבן הילכיק געלאכט און ער האָט ערנסט צו זיי א זאָג געטון:

— מײַן טאטן האָבן די פּעטליוראָווצעס געשאָכטן... מײַן מאמע — אויך... דעם קליינעם אבראשקע — דריטהאלבן יאָר אלט — אויך...

דער געדיכט־בערדיקער מענטש מיט די קליינע אייגעלעך האָט לאכן אופגעהערט. ס'איז אים עפּעס מיטאמאָל אומהיימלעך געוואָרן. אָבער א קליינע ווײַלע האָט עס בא אים אינגאנצן גע־דויערט. ער האָט גלײַך צוריק אופגעשײַנט און מיט א נײַעם שמייכעלע ארויסגערעדט:

— נו, גוט. לויף נאָך דער כעוורע, ווי א צוגעבונדן קעלבל צום וואָגן. שפּעטער וועלן מיר זעען — עפשער וועלן מיר דיר א ביקס אין דער האנט געבן.

און ער איז נאָכגעלאָפן. און שפּעטער האָט ער א ביקס באַ־קומען און איז ארײַנגעוואקסן אין דער כעוורע, ווי עס וואקסט זיך ארײַן און גיסט זיך צונויף א שטיקל טייג מיט א לאבן ברויט אין א הייסן אויוון. און געהאלטן האָט עס זיך ניט.

ס'איז אים ניט געראָטן. ער איז דורכגעפאלן, ווי אין א לאָך.

ער האָט באקומען אן אופגאבע דעם סוינע אויסשפּירן. ער האָט מיט זיך מיטגענומען נאָך א יונג און איז אין דערפל דער־נעבן אוועק. דאָס דערפל איז געווען פּוסט און וויסט. אן אייב־זאמער האָן האָט זיך דאָרט ארומגעדרייט, ווי א שוימער. דער יונג האָט אים געוואָלט כאפּן — איז ער אנטלאָפן. און יאָגן זיך איז קיין כיישעק ניט געווען. די געקאלכטע קוימענס פון די אָפּ־געברענטע כאלופּקעלעך זײַנען ווי נאקעטע מענטשן געשטאנען. אן אומעט און ווייטיק האָט פון זיי געיאָגט.

נאָר ווו־הין דער האָן איז אנטלאָפן, האָבן זיי גוט געזעען. זיי האָבן די וועגן, ווי אויסשפּיר־הינט גוט אויסגעשמעקט. זיי זײַנען נאָך פערדישע טלאָען אפן פריש־ארויסגעפאלענעם שניי נאָכגע־גאנגען, ווי נאָך א פירנדיקער האנט, און פארקראָכן צו א

כאַלופּקעלע אין עק דאָרף. דאָס כאַלופּקעלע איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע שטרויענע לעדלעך אויף די פענצטער, ווי אַראָפּגעלאָזטע ברעמען בײַ אַ שלאָפעדיקן.

זיי האָבן אַלע זיבן פאַרזיכטיקייטן, וואָס עס איז נייטיק געווען, אָנגענומען, און דאָס כאַלופּקעלע באַלאַגערט. דערנאָך האָבן זיי אָן אַ שלאַכט און אָן אַ בלוט־פאַרגיסונג דאָס כאַלופּקעלע גענומען. אין דעם כאַלופּקעלע אויפן אויווון האָבן זיי אַן אַלטן פויער געפונען. ער איז געווען דאַר און ברוין, ווי אַ פאַרזשאַווערטע נאָדל. ער האָט זיי דערציילט דאָס אַלץ, וואָס ער האָט וועגן די ווײַסע געוווּסט און אַרויסבאַלייט זיי אויפן הויף און געוויזן, ווו זיי דאַרפן ווײַטער גיין.

— און דער האָן איז דײַנער?

— מײַנער.

— היט אים! איך האָב אים שיִער אויף וועטשערע ניט מיטגענומען.

דער אַלטער האָט דעם האָן אויף די הענט גענומען און אין דער כאַלופּע אים אַוועקגעטראָגן. און די יונגען האָבן געלאַכט.

נאָר אויפן הויף, הינטערן שטעלכל, איז אַ יונג שיקסלקע געזעסן. זי איז געזעסן אין אַזאַ פּאָזע, אין וועלכער זי האָט זיך גראָד די מינוט געניייטיקט. נאָר ווען די צוויי יונגען האָבן זי דערזעען און ווען זי האָט זיי באַמערקט, האָט זי ווי אַ דערשראָקן הינדל מיט צוויי צעשפּרייטע הענט, ווי צוויי פליגל פון אָרט זיך אַ ריס געטון און אַנטלויפן געוואָלט. נאָר ס'איז שוין שפּעט געווען.

איין יונג האָט זי געפּאַקט און מיט געהילך און געלעכטער זי אַ נעם געטון בײַ אַ זײַט. אין דעם צווייטן יונג האָט דאָס בלוט פּלוצלינג אופגעבראַזט און אַ פּלייץ געטון צו די געהירן. ער האָט זיך אָן מאַרינקען דערמאָנט און נאָכן יונג מיט דעם שיקסל זיך אַ יאָג געטון.

דאָס בלוט האָט זיך בײַ ביידע יונגען צעשפּילט און זיי האָבן זיך איבער דעם שיקסל געריסן, און דאָס שיקסל האָט געקוויטשעט. פון דעם כאַלופּקעלע איז דער אַלטער אַרויסגעלאָפן און מיט אַ הילצערנעם קרעכץ און בראָך אין דער שטים האָט ער געשריִען:

— וואָס טוט איר, מאָרדעווער אײנע? אוועקט! אוועקט! איך וועל אײַך מײמעסן!

דער יונג לעווין האָט דאָס שיקסל אָפּגעלאָזט, און דער צווייטער יונג האָט זיך מיט איר אין שניי געוואלגערט און הילכיק געלאכט. זײַן בלוט האָט געזאָטן פון איר הייסן צאפל אין ברענענדיקן קאלטן שניי, און דער יונג לעווין האָט די ביקס אפן צווייטן יונג אָנגעצילעוועט:

— טראָשקא! כ'וועל שיסן... לאָז זי אָפּ!

טראָשקא האָט זיך מיט דעם יונג גערייצט און מיט דער פרײַער האנט א כאזער־אויער פון זײַן שינעל־פּאָלע אויסגעדרייט:

— יאָשקא, זשידאָקל ליבער, נא, פארזוך!

באם יונג האָט דער מארך אופגעפלאמט און ווי פּולווער אין איין רעגעלע פארברענט געוואָרן. דער צײַג־פינגער פון דער רעכטער האנט האָט אליין דאָס ביקס־צינגל אָנגעדריקט און זײַן ביקס האָט אויסגעשאָסן.

מיט א בלייכן פּאָנעם האָט טראָשקא פון דעם שיקסל זיך אָפּגעריסן. מיט דער לינקער האנט האָט ער די רעכטע באק פארקוועטשט. פון אונטער זײַן הויפן האָבן פעטע, טונקל־רויטע טראָפּנס בלוט אפן שניי געטריפט. מיט א ווײַסן פּאָנעם, מיט דער ביקס אין דער רעכטער האנט און מיט א צוגעדריקטער צו דער באק לינקער האנט איז טראָשקא צו לעווינען צוגעגאנגען:

— שעדישער זשידיוהא! אין וועמען האָסטו געשאָסן, ווייסטו? אין דער סאמע רעוואָליוציע האָסטו געשאָסן! פארשטונקענער זשיד!

דער יונג האָט געפּיבערט און די ביקס גרייט געהאלטן:

— גיי ניט צו מיר... כ'וועל דערשיסן... מעטורעפער הורן־זון!

טראָשקען איז דער קאעס אריבער, און ער האָט געשמייכלט מיט די טראָפּנס בלוט פון זײַן דורכגעשאָסענער באק און געטראָטן נעענטער צום יונג. די טראָפּנס האָבן געטריפט, און טראָשקע האָט זײַן האנט פון דער באק אָפּגעריסן און מיטן פולן בלוט־נאסן הויפן, מיט ברייטן פארמעסט דעם יונג אין דער לינקער באק דערלאנגט. באם יונג האָט פון אונטער די יאסלעס

אפּער, ווי א ווילינגערישער ווײַטער שפּיי, בלוט א שפּריץ געטון. טראָשקע האָט געלאכט. זײַן באק האָט געבלוטיקט און מיטגעלאכט, נאָר ער האָט דעם יונג זײַן פאַרבלוטיקטן הויפּן אויסגעצויגן:
— קוויט?
דער אלטינקער האָט מיט די הענט צעפּירט און מיטן אלטן קאָפּ זיך צעשאָקלט. דאָס שיקסל איז א דערשראָקענע אין שנייִקן פעלד געשטאנען, און טראָשקע האָט דעם יונג א מארליע־בינט דערלאנגט און בא ארבל אָנגענומען:
— נא, פאַרבינד... העלדישער יאט! היִנטישער ביין!
ער האָט אים די באק איבערגעבונדן און בעעמעס ראכמאָנעס געקראָגן אף זײַן ליבן כאווער טראָשקע, וואָס וועט איצט א קרומע צורע באקומען.
ער האָט זיך אים איצט שוין ניט קעגנגעשטעלט, און זיי זײַנען געבליבן אין יענעם דערפל נעכטיקן, געפּראוועט א פרייִלעכע וועטשערע מיט געבראָטענעם האָן, דאָס שיקסל אויך דערמיט מעכאבעד געווען, און מיט פריסטן באגינען, ווי ערלעכע אָרכים, פון דערפל אוועק.
אָך, ווען מע קאָן דאָס פאַרגעסן!
אָבער אין א שטיקל צײַט ארום איז דער איניען ארויסגעשוווּמען אף דער ליכטיקער שײַן, און זיי האָבן זיך ביידע גענוזט באוויַיזן פאר דעם מענטש מיט דער געדיכטער באָרד.
דער מענטש מיט דער געדיכטער באָרד און מיט דער רויטער ליולקע אין מויל האָט מיט די שמאָלע אייגעלעך איבער זייערע קערפּערס ארומגעטאנצט, ווי ער וואָלט אָן אָרט געזוכט, ווו איז בעסער א ביס צו טון. ער האָט שטיל אויסגעהערט דעם ראפּאָרט זייערן און ניט ארויסנעמענדיק די ליולקע פון מויל — געלאסן און מיט א געוויינלעכער שטימע דערקלערט:
— גוט. איר האָט שטיפן אָנגעהויבן, ווײַל פארן טויט, דוכט זיך אײַך אויס, האָט איר שוין קיין מוירע ניט, און אין צוויי און צוואנציקסטן, מיינט איר, גילט נאָך אלץ די אלטע שטראָף: צעשיסן, אָדער גאָר קיין שטראָף ניט. הא? און איך וועל נעמען און צולייגן אײַך יעדערן צו זעקס פלאסטערלעך צום הוילן. לערנט זיך, כעווריע. הא? געשמאק?

און אויסגעדרייט זיך מיט דער פּלייצע צו זיי, און געשמיסן נאָך זיך קנוילן געדיכטן, פעטן רויך און דעם איניען דעם פּראָ־קוראָר איבערגעגעבן.

דער געריכט האָט מיט אים מאסקים געווען און ביידע כעוו־רע איינגעטיילט צו זעקס צוקערלעקעכלעך — צו זעקס כאדאָשים און פון דער ארמיי ארויסגעשמיסן.

אזוי איז דער יונג ווידער אָפּגעריסן געוואָרן פון דעם, צו וואָס ער האָט זיך אָנגעקניפּט, און אין זײַן רײַפער־געוואָרענעם מארך האָט זיך א געדאנק, ווי א קרישטאָל אָפּגעזעצט:

— ניט געראָטן, הא? צוריק אין א קעלער, הא? און קיין מארינקע ווארט דאָרטן אף דיר ניט, הא?

אומבאוווסטזיניק האָט ער דעם מענטש מיט דער געדיכטער באָרד אזוי נאָכגעמאכט:

— הא?

און זעקס כאדאָשים, ווי זעקס פולע יאָדערן, אופגעגעסן און קיין קרים זיך ניט געטון, און אף דער פרײַ ארויס.

און ווען ער איז אף דער פרײַ ארויס איז יונגער פרילינג געשטאנען און ער האָט זיך ערשט רעכט אף אייגענעם באראָט דערפילט. ער האָט זיך ארופגעוואלגערט אף א דאך פון א וואַ־גאָן — האָט מען אים פון דאָרט אראָפּגעטריבן. האָט ער אנדערע לעכער אין די וואגאָנעס געפונען, פארשטעקט געלעגן דאָרטן און געטראכט, אז ערשט איצט גיט ער זיך א יאָג אוועק אין דעם עמעסן שווינדלדיקן געווירבל.

יאָ. אינעם געווירבל.

.2

אין גרויסן געווירבל, געטויש און געמיש פון דעם בארימטן און ווונדערלעכן פּערטל — 1900 — 1925 האָבן לויטערע אויגן פון קינסטלער אין בונד מיט שווערע פּראצעדיקע הענט די מאָטיוון פון טאָטערשן קאזאנער קרעמל, פון צויבערדיקן און פארכאָלעמטן מיזרעך מיט דער גרויסארטיקער געהויבנקײַט פון די ליכטיקע רוסישע פעלדער צונויפגעקנאָטן און א רויטן ריז קיין מאָסקווע אף קאלאנטשא־פּלאץ געבראכט צו טראָגן און אני־

דערגעזעצט אים דאָרטן און א נאָמען געגעבן אים קאזאנער וואָקזאל.

מיט וואָס האָבן זיך דען ניט געביטן און געטוישט צווישן זיך די אופקומענדיקע און אופגערודערטע פעלקער אין דעמדאָזיקן אויסגעצייכנטן פערטל יאָרהונדערט?

די רוסן האָבן געוויס דעם אלט־טאָטערשן קאַזאן א פּראוואָ־סלאווגעם קאטעדראל אין ביזאנטישן סטיל געשענקט, און די טאָטערן האָבן דערפאר זייערע שטײַפע זין אף דער מיל־כאָמע געשיקט. און אף דער מילכאָמע האָבן די יונגען מיט דעם טײַערסטן — מיט זייער יונג בלוט זיך געביטן און געמישט און פון דער מילכאָמע, ווי פון א פרעמדן הויף אין פײַער, ווי פון א זינקענדיקער שיף אנטלאָפן, און זיך גענומען זייער לעבן מיט גראָב־אײַזנס ארומגראָבן, מיט אייגענעם ביין דעם פּלויט צו זיי־ערע נעסטן פארצאמען.

אין דעמדאָזיקן גרויסן געטויש האָט אויך דער יונג לעווין זײַן כיילעק געהאט, און מיט רײַף־ווערנדיקן ווילן זײַן טייל סכאר מיט אָפּענע, צום בײַסן גרייטע ציין געמאָנט.

דער יונג לעווין האָט הינטער זיך, ווי שפּורן פון טריט, ווי שאָטנס אומהאפּטיקע, ווי ווונדן פארגייענדיקע איבערגעלאָזט די מארינקע מיט איר הארץ, וואָס קלאפּט טאָפּלט, פאר צווייען, אוועקגעוואָרפן דעם יעזוס־מענטש, וואָס אָטעמט ארויס פון זיך שווארצע לופט, ווי ער וואָלט מיטן טויט געאָטעמט, געבענקט נאָך די קנוילן רויך פון דעם בערדיקן שעף, מעקאנע אים גע־ווען זײַן קורצן „הא?", אומגעוויינלעך צארט געדענקט דעם נאָ־מען פון זײַן בלוט־כאווער טראָשקען (אזוי געדענקט מען נאָר דעם נאָמען פון א געליבטער), גערופן אים גאנץ אָפט, ווי ער וואָלט דאָ נעבן אים ערגעץ געווען:

— טראָשקע! טראָשקע! הא? וווּ ביסטו אהינגעקומען, שעדי־דישער מאמזער איינער, ליבהארציקע באשעפעניש, הא?... עך, ווען דו ביסט איצטער דאָ!... טראָשקע, אין דײַן מאמען אַרײַן!..., אזא יאט! הא!...

און ווי א שטילער ווארעמער כאָלעם אין דעם איבערבראָך פון א שווערער קרענק האָבן אים פון הינטער דער פּלייצע

זײַנער געװונקען זעקס כּאַדאָשים טפּיסע, װי זעקס װוּנדערלעכע מײַסעלעך, װאָס װײַזן נײַע װעלטן, װי זעקס בערגעלעך ליים אַף אױסצוקנעטן זיך אַ נײַע נעסט.

דער יונג לעװין האָט זיך אַף אַ שלייף פֿאַרהאַקט די אַלע פּאַסירונגען זײַנע און אין יונגן פֿרילינג קײַן מאָסקװע מיטן באַ־רימטן נײַעם קאַזאַנער װאָקזאַל אָנגעקומען.

נעבן װאָקזאַל, אַף אָנגעװאַלגערטע גרױסע קװאַדראַטע גראַ־ניט־שטײנער (דער װאָקזאַל איז נאָך דאַן ניט פֿאַרענדיקט געװען און דאָס געהילץ איז אַף זײַן רױטער הױט ערטערװײַז געהאַנגען, װי אַ פֿאַרטריקנטע שאָלעכץ) זײַנען מענטשן געלעגן, געזעסן, אײַנציקװײַז, גרופּעסװײַז, ליידיקגײערישע שפּילן געשפּילט, אין ליידיקגײערישער צערײצטקײַט מיִעס זיך געזידלט, מיִעס און שמוציק זיך געװוּימלט, געגעסן, געטרונקען, געטון זײערע אַלע נאַטיר־לעכע און אומנאַטירלעכע באַדערפֿענישן און געלעבט אַן אײגן לעבן, װי אַ באַזונדער מעלוכעלע, װי דערװאַקסענע פֿאַרװאָר־לאָזטע.

צו דערדאָזיקער מישפּאָכע האָט זיך באַהעפֿט דער יונג לעװין

דער יונג לעװין האָט איצט זײַן פֿאַרמעגנס געהאַט אַ טעמפּן גאָלמעסער אין אַ שמוציקן האַנטעך פֿאַרװיקלט, אַן אָפּגעגריזשעט און אָפּגעריבן שפּיגעלע, און אַ שטיקל פֿאַרדריפּעטן זײף אין אַ גרינעם לאַנדרין־שאַכטעלע.

דער יונג לעװין האָט געזען, װי אַפֿן פּלאַץ, אַף די אָנגע־װאָרפֿענע שטײנער שטײען יונגען איבער פֿאַרשמיסענע און באַ־װאַקסענע פּענימער אַריבערגעבױגן און שאָבן זײ מיט זײערע גאָלמעסערס. האָט ער זיך אױך אַ שטײן אָפּגעקליבן און אָפּגע־שטעמפּלט אַף די הײַטלעך פֿון זײַנע אױערן דעם געשרײ פֿון די גאָלער:

— קומט צו, כאַפּט אַ װילדע מעציִע... פֿאַר דרײַ גאָלד־קאָ־פּיקעס שײַערן מיר אָפּ אַ פֿאַרזשאװערט פּאָנעם, װי אַ מעשענע טאַץ! קומט צו! לױפֿט! כאַפּט! אירט פֿאַרשפּעטיקן! אין דער ריי! אין דער ריי!

ס'איז געגאַנגען דאָס קײַלעכיקע און מעװבערעסע 1923 יאָר. ס'איז איבער מאָסקװע הױך אױפֿגעגאַנגען די זון פֿון אױסגעשײַערטע

שוי-פענצטער, פון פריש־אויסגעפארבטע שילדן און פון פענימער, וואָס שטאָפּן פרישן געפרעס אין די אויסגעליידיקטע פאר די הונגער־יאָרן הויט־זעקלעך אריַין און ווערן גלאט און שיַינענדיק און שמייכלען צו דער צוריקגעקומענער גראָשענער לעוואָנע זייערער.

דער יונג לעווין האָט זיך אָן די הינטער־טרעפּלעך פון לעבן געהאנגען, ווי פארוואָרלאָזטע גאסן־קינדער הענגען זיך אָן די הינטער־טרעפּלעך פון די טראמוויַי־וואגאָנעס, און פון אומעטום איז ער אראָפּגעשמיסן געוואָרן און קיין צוטריט צו דער פּאָדער־שטער טיר פון לעבן האָט ער נאָך ניט געהאט. דעריבער האָט ער זיך אליין גענומען גליַיכבארעכטיקונג אף א שטיין נעבן קאַ־זאנער וואָקזאל און פונקט אזוי ווי אלע איבעריקע האָט ער אויך געשריִען:

— קומט צו, כאפּט א ווילדע מעציִע!...

דער יונג האָט זיַינע טעג געלעבט מיט הילכיקע געשרייען, ווי געבילן פון א הונגעריקן ארומלויפנדיקן גאסן־הונט. זיַינע נעכט האָט ער פארבראכט צווישן צוויי שטיינער אפן זעלבן פלאץ און געוואָרעמט אונטער זיך זיַין צאפּלדיקן באגער אָנצוקנעפּלען זיך אָן לעבן, ווי עס וואָרעמט א גאסן־הונט באַד נאכט זיַין צונג אין מויל נאָך א טאָג ארומשלעפּן אים איבער פארשטויבטע גאסן אָן אומזיסט ארויסגעשטעקטן.

אזוי איז מיט אים געווען אין פרילינג און אין זומער.

און צו הארבסט האָט דער יונג שוין פארמאָגט א גאָלדן רינגעלע מיט א גרינעם שטיין (ער האָט עס געטראָגן אפן מינדסטן פינגער), א געמאכטע געווינהיַיט צו קאָנען טרינקען דאָס אלץ, וואָס קניַיפּט באם גאָרגל, און א טיַיערן פריַינט און כאווער — וואנקע בערעגיכאטקע.

דערדאָזיקער וואנקע בערעגיכאטקע איז אין איינעם א הייס זומער־טאָג צום יונגס „געשטעל״ צוגעקומען און אים געמאָלדן:

— די מאָרדע ביַיסט — שאָב פאר א דריַיער!

און מיט לויטער־פריילעכע אויגן אין פּאָנעם אים אריַינגעשיַינט:

— ס'איז מיר אנגענעמער בא דיר זיך צו גאָלן, דו טראָגסט א גאָלדן פינגערל און איך בין דיר ניט אן אבי־ווער — א פּראָ־לעטאריִער...

דער יונג האָט אים געוויסנהאפט די מאָרדע אָפּגעקראַצט און פון א הויזן־קעשענע א דרײַקאַנטיק פּלעשעלע פון עסיק־עסענץ ארויסגענומען און באַשפּריצט דאָס געגאָלטע מיט א פּויל־שמע־קעדיק וואַסערל. דער יונג האָט א ווײַל געטראַכט און דערנאָך פון א צווייטער הויזן־טאַש א צווייט פּלעשל, א גרעסערס, ארויס־גענומען און די צעשויבערטע האָר אים באַשפּריצט און פאַרקעמט און פאַרגלעט און דעם האַנטעך פון זײַנע אַקסל אראָפּגענומען און מיט קנאַק אָפּגעטרייסלט.

דער יונג האָט דערנאָך אויף זײַן דרײַער געוואַרט, און וואַנקע בערעגיכאַטקע האָט שוין איצט אויף אים אויך מיט דער בלויער שײַן פון זײַן געגאָלטן פּאָנעם געשײַנט.

— דו ווילסט דײַן דרײַער? און מיר געפעלט גאָר דײַן רינג... קום, — האָט ער אים בא אַן אָרבל אָנגענומען, — דו וועסט שטעלן א פּאָר ביר, און מיר וועלן עפּשער כאַווער ווערן מיט דיר. קיין דרײַער פאַרמאָג איך ניט און פרעסן ווילט זיך.

באַם יונג איז אין האַרצן אײַנגעפאַלן, ווײַל ווי דער אומגע־ריכטער הויב פון א פּאָר ברעמען, וואָס דעקט אויף שטומע גע־גאַרטע ליבע, אַזוי האָט וואַנקע בערעגיכאַטקעס שײַנענדיק גע־גאָלטע פּאָנעם מיטאַמאָל דעם יונג אין זיך פאַרליבט. דער יונג האָט דעריבער געלאָסן זײַן האַנטעך צונויפגעוויקלט און געבליבן שטיין אַנטקעגן וואַנקען.

מיר דוכט, אַז איך קאָן אַזא מין קוק אויג אין אויג.

מיר דוכט — א טיפער אָפּגרונט איז דעם מענטשנס אויג. ווי דאָס פליִען אין אָפּגרונט — דעם מענטשנס בליק צום צווייטן אין אויג אַרײַן. דער מענטש איז מאַכטלאָז און הילפלאָז אין זײַן אײַנזאַמען ארויסשײַנען מיטן פּאָספּאָר פון זײַנע אויגן אין די וויסטע האָריזאָנטן אַרײַן. דער מענטש זוכט דעם מענטשן אויף גיין מיט אים האַנט בא האַנט, און ווען ער געפינט אים — דערשרעקט ער זיך פאַרן צווייטן מענטש, וואָס איז ניט מער ווי דאָס, וואָס ער אַליין איז — מענטש.

נאָר דער מענטש איז ווי די כאַיע, האָט פליסיק און הייס בלוט און האָט שטענדיק ליב א שפּיל טון זיך מיטן מענטשן, ווי מיט פײַער. נאָר דער מענטש, ווי די כאַיע, איז שטענדיק גיריק

נאָכן ניט געזעענעם און שטענדיק גרייט נאָך יעדן צוזאָג נאָכ־לויפן, ווײַל דאָס ליבסטע פאר אים איז דאָס קיינמאָל ניט פאר־זוכטע נאָך.

וואנקע בערעגיכאטקע איז געשטאנען אנטקעגן דעם יונג מיט אזא מין „נו!" אף די ליפּן און מיט אזא מין אויסדרוק אפן פּאָנעם, ווי ער וואָלט א געהיימניספולע, וועלט פאר אים צוגע־גרייט, און דער יונג קאָן זיי לײַכט פארלירן, אויב ער וועט נאָר זיך אָפּזאָגן צו גיין מיט אים אף א פּאָר ביר.

באם יונג איז אין הארצן אײַנגעפאלן, ווײַל ס'איז אים אומ־געוויינלעך שטארק מיִעס געוואָרן צו שטיין דאָ אף די שטיינער און רופן פארשמיסענע און באוואקסענע מאָרדעס און פאר־בײַלאָזן פארבײַ זיך דאָס פליסיקע לעבן, ווי מע לאָזט פאר־בײַ א דורכלויפנדיקן צוג אין דער געגארט־אומבאקאנטער ווײַט אריין. דער יונג לעווין האָט אים דעריבער אין פּאָנעם ארײַנגעשריִען:

— וואָס — נו? דו ווילסט א פּאָר ביר? איך שטעל א פּאָר ביר! הא! וואָס־זשע דען האָסטו געמיינט? הא?...

און בא דעם ערשטן פּאָר ביר האָט אים וואנקע דערציילט, אז ער ווייסט, אז דער יונג איז א ייִד, און אז אועלכע ייִדן קומען צו לויפן קיין מאָסקווע, מאכט נאָך ניט אויס, ווײַל דער יונג איז אן ארבעטער־יונג, א האָרעפּאשנער עלעמענט, ווי ער, און — ס'איז קיין שום כילעק ניטאָ צווישן אים, וואנקען דעם שאָפער, און אים, יאשען דעם שערער. קיין שום כילעק — האָט וואנקע אויסגעצויגן דעם יונג אין פּאָנעם ארײַן, — אָבער... דידאָזיקע... די נעפּלײַט... — ווי קראָען אף נעוויילע זײַנען זיי דאָ אהער גע־קומען צו לויפן אַון... ע־ע־ך! — האָט וואנקע אָפּגעזיפצט, — אין א זומפּ איז זי פארקראָכן, די טײַערע רעוואָליוציִע אונדזערע... אָט וווּהין!

און בא דעם צווייטן פּאָר ביר האָט ער אים דערציילט, ווי אזוי די רעוואָליוציִע איז אין א זומפּ פארקראָכן, און ער, וואנקע, מוז איר נאָכקריכן, ווײַל אן ארבעטער איז ער, און די רעוואָליו־ציִע — ווי אן אייפעלע איז זי, וועסטו זי אליין לאָזן, אָן אן אויג אף איר, וועלן זי כאזיירים אופרעסן...

און בא דעם דריטן פּאָר ביר איז וואנקע אין קוראזש אריַין, האָט אין טישל מיטן ביינערדיקן שווארצן פויסט א זעץ געטון, מיטן יונג זיך צעקושט און מיט שיקערן ווייטיק אין די אויגן דעם יונג אין פּאָנעם ווערטער, צעווייקטע אין ביר־דאמף, ארויס־געשפּריצט:

— ע־ע־ך! אויסווורפן! פּארפּאסקודיעט האָבן זיי די רעוואָ־ליוציִע אונדזערע, פאר א מיַיל טראָגט איצט פון איר, אָט וואָס... טיַיערער כאווער מיַינער!...

דערנאָך האָט ער זיך מיטן קאָפּ צעשאָקלט, ווי ער וואָלט עפּעס באדויערט, ווי אים וואָלט ניט גוט געווען, שטומע היל־צערנע בליקן אפן יונג געוואָרפן און מיט סינע אינמיטן דערינען זיך דערמאָנט:

— דו זאָג מיר... זשיד... דעם עמעס... רעליגיִע — דאָס איז א דורמאן פארן פאָלק... יאָ — אָ!... ריכטיק!... א דורמאן... נו, און דו?... דיַין זשידישע רעליגיִע?... דיַין דורמאן?... ווי?:.. דו האָסט זי אוועקגעוואָרפן?... אָדער ווי?...

ס'איז אין ביר־הויז א געדיכטער טאבאק־רויך געהאנגען, און שווערע ביר־אויסדאמפונגען האָבן זיך צווישן די בארוישטע קעפּ געקנוילט, און צום טישל, וווּ די צוויי יונגען זיַינען געזעסן, האָט זיך א לײַכט מיידעלע אין דורכזיכטיקן אָנטועכץ צו־געשארט.

דאָס מיידעלע האָט וואנקען מיט א מענערישן פארמעסט אי־בער דער פּלייצע א פּאטש געטון, פון הינטן ארום מיט די נאַ־קעטע הענט וואנקעס קאָפּ ארומגעכאפּט, מיט די הויפן די אויגן אים פארשטעלט און צום יונג לעווין געווונקען, ווי צו אן אלטן באקאנטן, און געשמייכלט מיט די שארף־געפארבטע ליפּן, ווי מיט שטיקער פריש־געשניטן רויען פלייש, און דער יונג לעווין האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן דעם איבלדיק־זיסלעכן גערוך פון פרויען־לײַב.

דער יונג לעווין איז פון אויסגעטרונקענעם ביר אביסל בא־רוישט געווען, און פון יונגקייַט און קליינשטעטלדיקיַיט גאָר ווײַ־גיק געניט געווען אין די שטאָטישע יונגע מיידעלעך, וואָס זעען אלע אויס פרעכע און אָפענע, ווי מיט גוואלד אופגעריסענע און

פארשטויבטע בלומען־קנאָספּן. דער יונג לעווין איז דעריבער פון שטול אופגעשפּרונגען און אָנגעכאפּט דאָס מיידל אונטער די אָרעמס און פארשטאָכן זיך די פינגער מיט די שארפע, געגאָלטע האָר־בערשטעלעך דאָרטן. דאָס מיידל האָט אויסגעדרייט צו אים דעם קאָפּ אירן, פון וואנקעס אויגן די דלאָניעס אראָפּגענומען און דעם יונג מיט שפּיציק־נעגלדיקע שארפע פינגער בא ביידע באקן אָנגענומען. דעם יונג האָט אין נאָז א שלאָג געטון א שארפער ביליקער לאנדרין־רייעך פון נעגל־לאק, און אין די אויגן — דער נאסער פוילער פלאם פון אויסגעמאטערטע מיידלשע אויגן, ווי בא א פארמאטערטער און הונגעריקער קליאטשע, און וואנקע בע־רעגיכאטקע איז מיטאמאָל אופגעלעבט געוואָרן און אפן געזעס אונטערגעשפּרונגען, ווי פון א שפּילקע־שטאָך:

— אַ! ניגקע! שרויף־קאָרעקל! צייגל אויסגעשמירטס! געקו־מען צו מעלדן זיך! טראָג זיך אָפּ מיט די פוילע ביינער! דער פּראָלעטאריאט מיט דער רעוואָליוציע פארברענגען דאָ!..

דאָס מיידל האָט דעם יונגס באקן אָפּגעלאָזט און אף א שטול זיך אנידערגעזעצט.

— זיץ, וואניא! איך בין מעכאבעד. און — ניט צו דיר בין איך געקומען...

דאָס מיידל האָט פון איר לאקירטן ברייטן רידיקיול א פאפּי־ראָס ארויסגענומען, טיף און דורשטיק זיך פארצויגן, און די בלויע אָדערלעך אף איר נאקעטן האלדז האָבן זיך אָנגעבלאָזן און גע־שוואָלן געוואָרן און זי האָט שטיפעריש און באפוילנד צום קעל־נער אונטערגעשמייכלט:

— א ווייס וואסערל אין א שווארץ פלעשל... די ציין אויס־צושווענקען!..

דער קעלנער איז אוועק און דאָס מיידל האָט זיך צום יונג צוגערוקט, דעם רויך אין פּאָנעם אים ארייַנגעבלאָזן, און מיט דער לינקער האנט דאָס קליידל ווייַט איבער די קני פאריסן און די גרינע זאָקנבענדלעך אף די שווארצע זייַדענע זאָקן פארריכט. דערנאָך האָט זי זיך פונעם יונג אָפּגערוקט און וואנקען אין די אויגן ארייַנגעקוקט מענטשיש און געשעפּטלעך:

— וואניא, דו ווילסט ארבעט?

זי האָט דעם פּאַפּיראָס נאָך אַמאָל טיף פאַרצויגן, און איידער זי האָט נאָך דעם רויך פון מויל אַרויסגעלאָזט, האָט זי שוין דאָס קערטל אַף דער ערד אַ שמיץ געטון און אָפּגעאָטעמט טיף און מיט אַ זיפץ:

— וואַניאַ, דו ווילסט אַרבעט, אָדער דו וועסט וואַרטן, ביז דער ראַטפּאָלקאָם וועט דיר פאַרן פּאָרזיצער פון ציק אויסקלײַבן?

זי האָט געהאַט אַ הייזעריקלעכע שטים, ווי די האַלדז-אָדערן וואָלטן בא איר געפּלאַצטע און פאַרפוילטע געווען. זי האָט גע־האַט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן, אַרויסגעקוילערטע און פרעך גלאַנצנדיקע, ווי אַ פּאָר בלישטשענדיקע קוילן, געקויפטע אין אַ גאַלאַנטעריי־קראָם, און זי האָט זיך פלוצלינג צום יונג אַף אַן עכטן און ריינעם יִידיש געווענדעט:

— אָט, אַ הילצערנער יאָלד, אַ פּאָניע קוואַטש!..

דער יונג איז פון זײַן געזעס אופגעשפּרונגען און מיט דער־שראָקענע אויגן אַפן שאָפער זיך אָנגעשטעלט:

— וואַניאַ!..

דער קעלנער האָט אונטערן שמוציק־ווײַסן פאַרטעך אַ שוואַרץ פלעשל מיט אַ ווײַס וואַסערל געבראַכט צו טראָגן. און דאָס מיידל האָט דרײַ גלעזער אָנגעגאָסן און די ערשטע איר גלאָז אויסגעטרונקען און די אויגן האָבן בא איר אופגעפלאַמט מיט אַ בלוי פײַערל, ווי בענזין אַף נאַסע קוילן, און זי האָט מיט צוויי דינע פינגער ווידער דעם יונג פאַר אַ באַק אָנגענומען.

— וואַניאַ, ווער איז דאָסדאָזיקע פרישע אויפּעלע?

דאָס מיידל האָט געטרונקען און וואַניאַ האָט געטרונקען, און פון דער גריגער עסטראַדע אַראָפּ האָבן גרילצנדיקע טענער פון די האַרמאָשקעס זיך געטראָגן און הייזעריקע אויסגעשרייען פון אונטערגעריסענע בײַכער און נאַסע קלעפּ פון פאַרשוויצטע דלאָ־ניעס בא טענצער און טענצערנס, וואָס האָבן זיך איבער די טאָרסן און לענדן געפּאַטשט, און דעם יונג האָבן שיידים די שלייפן מיט טעמפּע פײַלעכלעך געפײַלט, און ער איז געזעסן און געטראַכט, ווי גרינג ס'איז געווען צו אַנטלויפן פון מאַרינקען, וואָס האָט אַף אים ווי דער טויט געדריקט, ווי לײַכט ס'איז גע־ווען אַנטלויפן פונעם יעזוס־מענטש, וואָס האָט זיך מיט די נעגל

אין לײַב אים אײַנגעביסן, און ווי שווער ס'איז אוועקצוגיין פון אָט דעם מיידל, וואָס האָט אזוי הויך דאָס קליידל פאריסן און געוויזן די פולע ווײַסע פיס אונטער די שווארצע זאָקן.

און דאָס מיידל האָט געכריפּעט און שיקער־הייזעריק געלאכט:

— וואניא, וואניושא!.. ווילסט א געשעפט?.. פארשטעק אין א לאָך די גאנצע רעוואָליוציִע דײַנע... איך האָב א פּאָרדיק געקויפט... א פּרימוסל... יאַשא!..—האָט זי אויסגעשריִען און דעם יונג מיט אירע קאלטע הענט אָנגעכאפּט, — מיך זעסטו? איך געפעל דיר? א נו, פּרוווּ, זוך באטאָג מיט די אויגן אין די הענט, וועסטו אזא שטיק ווײַב ניט געפונען... און דעם פּאָרדיק וועל איך אײַך באלד ווײַזן. כעוורע־לאפּ!—האָט זי ווידער אף יִידיש אויסגעשריִען און באלד צוריק אף רוסיש אריבער — מירן אין דרײַען ארבעטן... אפן פּאָרדיק... און יאשע מיט מיר...

קנוילן רויך האָבן זיך איבער זייערע קעפּ געוויקלט, ביר־אויסדאמפּונגען האָבן זיך צו דער סטעליע געהויבן, און דאָס מיידל האָט זיך פון איר אָרט אופגעריסן און גיך, אײַלנדיק אין יונג ארײַנגעשריִען. אין אלגעמיינעם טומל האָבן אירע שיקערע און אָפּגעריסענע ווערטער געהילכט, ווי דער הייזעריקער הוסטן פון א צויג, וואָס וואָרגט זיך מיט איר ביין. דערנאָך האָט זי איר רידיקיול אופגעריסן און א בינטל ווײַסע פּאפּירלעך אף דער עסטראדע ארויסגעשמיצט:

— שפּילט, קלעזמער! א יִידישע כאַסענע שפּילט! נאט!.. שפּילט!..

די געסט האָבן געלאכט, דער זאל האָט געהילכט, די קלעזמער האָבן הילכיקער און ראשער געשפּילט און נידעריקער די פּארשוויצטע קעפּ זייערע אײַנזײַטיק, מיט איין אויער צו די האר־מאָשקעס געבויגן, און דער יונג האָט זיך פון ביר־שענק ארויס־געגליטשט און ניט געוואָרן, און געבליבן שטיין אין גאס אין פינצ־טערן שאָטן צווישן די ווענט. דאָס מיידל האָט זיך אומגעקוקט און אף דער גאס ארויסגעלאָפן און געוואָרפן זיך רעכטס, און געוואָרפן זיך לינקס, און דעם יונג געפּאקט און אים בא אן ארבל אָנגענומען:

— א־א! כוליגאן! מײַן רינג! מײַן רינג גיב אוועק!

דער יונג איז ווי א הילצערנער געשטאַנען, און דאָס מיידל האָט אים דאָס גאָלדן פינגערל מיטן גרינעם שטיין פון פינגער אראָפּגעריסן, און איינער, אין בלויע ברילן און א הארטן הוט, אראָפּגערוקטן אף דער נאָז, א ניט געגאָלטער איז געלאָסן צו דעם מיידל צוגעגאַנגען, מיט א זײַטיקן קוק אין די ארויסגעהאַנגענע אויגן אירע ארײַנגעקוקט און אוועק מיט איר אין דער זומערדיקער נאכט ארײַן.

וואנקע בערעגיכאַטקע איז אין ביר־שענק געזעסן, דעם קאָפּ אפן פויסט פארלאָרן, און אז דער קעלנער האָט אים אופגעוועקט און גראציִעז און לײַכט פאר דער טיר ארויסגעשטעלט, האָט ער מיט די פארשווומענע אויגן אין דער שטאָטישער נאכט זיך פארקוקט און קיינעם ניט געפונען און פארלוירן דעם קאָפּ אף דער ברוסט, און מיט פארמאַכטע אויגן זיך אליין אונטער דער נאָז אונטערגעברומט:

— אוועק... א ליכטיקן גאניידן אײַך!..

און איז אויך אוועק, וואקלענדיק און שווער, ווי אן אָנגעלאָדענע שיף.

3.

דער זומער האָט זיך געשטארקט, דער גאסן־שטויב האָט זיך אין היץ געבראָטן, און דער יונג לעווין האָט נעבן וואָקזאל גרויסע מאסן מענטשן דערזעען און איז אוועק אהין.

דער יונג לעווין האָט איבער די מאָסקווער גאסן אלע זײַנע קנאפּע ייִדישע מידעס צעווייט און פארלוירן, ווי דער ווינט ווייט אויס דעם שטויב פון דער אָפּגעדראָשענער טוווע אפן נאקעטן פעלד. אָבער ווי דער ווינט קען ניט אופהייבן די שווערע קערנער און צעשטויבן און צעטראָגן אף אומפרוכטבארן אומקום, — אזוי האָבן די מאָסקווער גאסן ניט געקענט אופרײַסן באם יונג זײַנע אלט־ייִדישע אָדערן, פארשטארקטע אף די אוקראַיִנישע פעלדער אין שווערער האָרעפּאשנער ערד־מי. באם יונג האָט דאָס בלוט זיך געשטעלט, ווי עס שטעלט זיך פון דער צײַט די שטארקײַט פון א גוטן ווײַן. באם יונג האָט זיך דער פארלאנג

זײַנער אויסגעקלאָרט און רײַף געוואָרן, ווי עס וואַקסט אויס און ווערט רײַף א פרוכט אף א בוים. דער יונג האָט זײַן „געשטעל“ אף די שטיינער געוואָרפן און איז אוועק מיט די טויזנטער אנדערע אין דער ביוראָ פאר ארבעטלאָזע און זיך געמאָלדן.

דעם יונג האָט מען אין ביוראָ קורץ באַגעגנט:

— א פויער־יונג? פון דאָרף? זוכט ארבעט?—האָט דאָס מיידל אויסגערופן און פארשריבן די פאמיליע, זײַנע און צוגעזאָגט, אז עס וועט ארבעט זײַן, וועט מען אים געבן — זאָל ער זיך מעלדן, עפשער שטיינער פון די ברוקן וועט ער רײַסן, עפשער עפּעס אנדערש וועט ער טון.

דער יונג איז אַלע טאָג צו דער ביוראָ ווי אהיים געגאַנגען און אינמיטן זומער ארבעט געקראָגן און געארבעט מיט לוסט און האסמאָדע, ווי ער וואָלט אין גאניידן ארײַנגעפאלן.

אין יענעם זומער און הארבסט זײַנען די ברוקן אף די מאָסקווער גאסן אופגעטרענטע געלעגן, ווי אלטע בגאָדים אפן שנײַדער־טיש. מענטשן מיט ארונטערגעבויגענע קניִען האָבן דאָרטן שטיין צו שטיין געלייגט און מיטן האמער צוגעקלאפּט, און דער יונג לעווין איז אָן א זײַט, בא אן אײַזערנער זיפּ געשטאנען און געזיפּט אָפּפאל פון צעשאָסענע און צעשאָטענע הײַזער, געזיפּט אזא מין זאמד־מעל פון צעריבענע שטיינער אף פארשיטן און פארגלעטן דעם פריש אויסגעלייגטן ברוק.

דער יונג לעווין האָט אין וואנקע בערעגיכאטקע פארגעסן, ווי מע פארגעסט אין א געוועזענעם חרײַנט, וואָס איז איבערן יאַם אוועק, און דו ווייסט ניט, צי ער איז צו א ברעג געקומען, אָדער די וואסערן האָבן אים אף אייביק פארשלונגען. דער יונג האָט די מענטשן־מענגע, די ברוקערס, געזיפּט דורך די אויגן, ווי דעם צעריבענעם שטיין אף דער אײַזערנער זיפּ, און ניט געפונען מער פאר זיך קיין כאווער און קיין פרײַנט, ביז איינער א גאָלד־טונקעלער הארבסט־פארנאכט איז אָנגעקומען, און דעם יונגס ארבעט האָט זיך אויסגעלאָזט, און דער יונג האָט באקומען אַ צווייטע ארבעט — געלן, נאסן, שווערן זאמד, — אלץ פאר די געלאַטעטע ברוקן — צונויפצושארן.

דער יונג איז אין דעמדאָזיקן פאַרנאַכט געבן דעם געוועזענעם ענגלישן קלוב, אויף טווערסקאַיאַ גאַס, געשטאַנען מיט דער לאַ־ פּעטע אין דער האַנט און געוואַרט אויפן אָנקומען פון אַ לאַסט־ אויטאָ מיט זאַמד געלאָדן. דער יונג האָט דעמדאָזיקן פאַרנאַכט זיך פאַרקוקט אויף דער פאַרגייענדיקער הינטערן באַלטישן וואָקזאַל מאָסקווער זון, און אַ לאַסט־אויטאָ האָט הייזעריק געגראַגערט און געוואָרנט, מע זאָל אים אַ וועג מאַכן. דער יונג האָט עס ניט געהערט און געשטאַנען אויף זײַן אָרט אַ פאַרגאַפטער, ביז דער שאָפער האָט זיך פון זײַן געזעס ניט אופגעהויבן און אַרויס־ גערוקט דעם נאַקעטן און צעשויבערט־פאַרשוויצטן קאָפּ זײַנעם פון דעם אויטאָ־פענצטערל אַרויס און געשריִען מיט אַ מעטאַ־ רעפן קאָל:

— די גלאָצערס זײַנען דיר אַרויסגעקראָכן, הינטישער זון דו. צי וואָס?

דער יונג לעווין האָט זיך דאַן אויף זײַן אָרט אַ דריי געטון, ווי אַ שרויף אויף זײַן שפּיץ, און די אויגן אויסגעשטעלט. דער יונג האָט ניט אַלץ מיטאַמאָל באַנומען: דער צעשויבערט־פאַר־ שוויצטער קאָפּ באַם שאָפער איז געווען צעפּריִעט און רויט, ווי אַ נאָר־וואָס אָפּגעבריט שטיק פלייש. פון די אויגן האָבן שפּיזעלעך זיך אַרויסגערוקט אויף דורכשטעכן דעם, וואָס האָט זיך אים אין וועג געשטעלט, און אַז דער שאָפער האָט דערזען דאָס פּאָנעם פון דעם, וואָס האָט אים דעם וועג פאַרשטעלט, זײַ־ נען אים די אויגן אופגעלויכטן און ער האָט זיך פון דאָס נײַ־ ערשט רעכט זיך צעשריִען:

— יאשא! הינטישער זון דו!... דו לעבסט? איך האָב דאָך דיך אַרומגעזוכט, ווי אַ גראָשן אין אַ לעכערדיקער קעשענע!... דו ביסט דאָך ניט געוואָרן ווי אַ שלײַען אונטערן אײַז... איך האָב דאָך שוין לאַנג אַ ליכטל נאָך דיר געוואָלט שטעלן... אהא!—האָט דער שאָפער, וואַנקע בערעגיטשאַטקע, אויסגעשריִען, — איך האָב דיך געפּאַקט! דו וועסט שוין איצטער פון מײַנע הענט ניט אַוועק!

וואַנקע איז פון זײַן שאָפער־געזעס אַראָפּגעשפּרונגען, די גרוי־ לעדערנע הענטשקע פון האַנט אַראָפּגעשלעפּט און מיט ברייטן פאַרמעסט דעם יונג אין דער פּלייצע אַ זעץ געטון:

— יאשא! איך בין דאָך דיר שולדיק א פּאָר ביר! טו אָפּ די ארבעט דייַנע גיכער, לאָד אויס, וויבאלד דו ביסט אן ערלעכער פּראָלעטאריִער, מירן הייַנט ביר טרינקען!

דער יונג איז געשטאַנען און אף וואנקען געקוקט, ווי מע קוקט אף א גליקלעך פארליבטן כאווער — מיט סינע און פרייד — און ארויסגערעדט ווי א גלייַכער, ווי א כאווער אן אלטער:

— וואניא! דו שלעפּסט גאָר זאמד פאר „מ. ק. כ.”? טאָ ווער־זשע פירט די פּאָרלעך אין יענעם פּאָרדיק ארום?...

— צו אלדי שווארצע יאָר זי מיט די פּאָרלעך אירע צוזא־מען! יאשא! — דו בענקסט נאָך איר, וואָס? יאשא! איך האָב דאָך געמיינט דו ביסט אומגעקומען מיט איר, זי טראָגט דאָך דעם סיפאָן אירן אין איר שפּייַעכץ פון מויל! וואָס־זשע דען האָסטו געמיינט?... און דו האָסט די אויגן געגלאָצט און אופּרעסן זי געוואָלט, האָב איך געמיינט דו ביסט אוועק מיט איר און גע־וואָלט א ליכטל נאָך דיר שטעלן...

— וואַניא! דאָס מיידל האָב איך פריִער נאָך, לאנג שוין, איידער אַיך בין נאָך אין מאָסקווע געקומען, געזעען ערגעץ... דו ווייסט... דאָס איז א ייִדיש מיידל... דו ווייסט בא וועמען זי האָט דעם סיפאָן געפּאקט? דו ווייסט?...

דער יונג איז מיטאמאָל בלייך געוואָרן, און די נאָז האָט זיך בא אים פארשניצט, שארף און בלאָ־דורכזיכטיק געוואָרן, ווי בא א מעס און ער האָט וואנקען פאר דער צעכראסטעטער העמד אָנגעכאפּט און אין ווילדער אופּרעגונג געטרייסלט:

— וואנקע! היניטישער זון! רעד ניט... דו ווייסט וועמעס סיפיליס דאָס איז? — דער יונג האָט זיך צו וואנקען אָנגעבויגן — פּעטליורעס, היניטישער זון! איך וועל זי טרעפן, וועל איך זי ווי א צויג דערשטיקן, וואניא, ס'טו זען!...

דער יונג האָט אין ווילדער בייזקייַט דאָס לעצטע וואָרט אי־בער דער גאנצער גאס אויסגעשריִען און פון וואנקען זיך אָפּגע־דרייט, און פלינק די זייַטיקע לייַסט פונעם לאסט־אווטאָ אָפּגע־וואָרפן, אפן פולן קאסטן זאמד ארופגעשפּרונגען, מיט דער לאָ־פּעטע הויך זיך צעפאָכט און צעשריִען:

— אהער, כעוורע! דעם זאמד אויסלאָדן! אהע — ע...

נאָר באַם יונג האָט זיך די שטים מיטאַמאָל אָפּגעריסן און געפּלאַצט, ווי א דינער, צו שטאַרק אָנגעצויגענער פּאָדעם. דער יונג איז פאַרגליווערט געבליבן מיט דער אופגעהויבענער לאָפּעטע אין האַנט. דער יונג האָט פריִער די ווײַסע געדיכטע צײנדלעך זײַנע באַוויזן, דערנאָך פּאַמעלעך פון אווטאָ אראָפּ און וואַנקען בא א לאַץ אָנגעגנומען:

— וואַניא!... אָן... דו זעסט?... צו דער ריכטיקער מינוט... הו — ו — ר!...

דער יונג האָט זיך פון דעם שאָפער אויסגעדרייט און מיט דער אופגעהויבענער לאָפּעטע צום טראָטואַר־צו אוועק. וואַנקע האָט די מאַשין געוואָרפן און איז אים פוס־טראָט נאָכגעגאַנגען און באַמערקט, ווי דאָס מיידל מיט די אַרויסגעהאַנגענע אויגן שטייט אפן טראָטואַר און ווינקט צום יונג.

דאָס מיידל איז געשטאַנען אפן טראָטואַר מיט איין האַנט א זײַט אונטערגעשפּאַרט און דעם קאָפּ עטוואָס אַרופגעריסן, און די אַרויסגעהאַנגענע אויגן אירע האָבן אפן יונג געבליצט און געריסן זיך אין דער הויך, ווי צום הימל. די דיקע, געשוואָלענע ליניִע פון איר קורצן פוס האָט זיך אונטער דעם לײַכטן שפּעט־זומערדיקן קליידל אפן קאָרעק געדרייט. אויסגעזעען האָט זי, ווי א פּרע־כער, נאַקעטער דענקמאָל דער פּראָסטיטוציִע.

דער יונג לעווין האָט זיך צו איר מיט אַן אופגעהויבענער לאָפּעטע געררוקט און וואַנקע איז א מעווולוועלער אים נאָכגע־גאַנגען פון הינטן און געהיט אים די הענט, ווי מע היט דעם טויט אף דעם שפּיץ נאָז פון א גויסעס.

דאָס מיידל האָט זיך א באַוועג געטון, אויסגעגלײַכט זיך און אוועק די צוויי יונגען אַנטקעגן. דער יונג לעווין האָט זײַן טראָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן, — ווי פון א קלאַפּ — אזוי האָט ער זיך צו־נויפגעהויקערט און דעם קאָפּ אין די פּלייצעס פאַרוקט און פלינק געלאָפן מיט אן אופגעהויבענער לאָפּעטע אין דער רעכטער האַנט און מיט א מויזן־אויסדרוק אפן פּאָנעם, א שאַרפן און פאַרשניצטן, א מעשוגענעם אויסדרוק אפן צעקרימטן פּאָנעם, ווי ער וואָלט סאַם אײַנגענומען. וואַנקע איז אים דעם וועג פאַרלאָפן און גע־שטעלט זיך צווישן זיי.

— יאשא! אויסוווּרף! דו האָסט דאָך דײַן שעדישע רעליגיִע אוועקגעוואָרפן... א דורמאן פארן פאָלק איז עס דאָך.., יאשא!...
לאָז זי אָפּ... זי וועט אליין איר פּעגירע הינטער א פּלויט באקר־מען. יאשא — האָס וואנקע אויסגעצויגן — דו וועסט כאפּן א קנאק, אז דו ויעסט די ביינדעלעך אפן טראָטואר איינציקוויַיז צונויפקלײַבן...
יאשא, דו ביסט דערוף דען קיין מאָסקווע געקומען, נו?...

דערנאָך האָט וואנקע בערעגיכאטקע צו צוויי פינגער פון יע־דער האנט אין מויל אריַינגעשטופּט און א הילכיקן פײַף איבער דער גאנצער טווערסקאיא גאס ארויסגעלאָזט, און אפן פײַף, ווי אף א שאלנדיקן רוף, איז א מיליציאָנער אין א גרינעם היטל פּאמעלעך און געזעצט אָנגעקומען און רויִק אין מענטשן־רעדל געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט בלויז א זײַטיקער צושויער געווען, ווי פון נייגיר בלויז וואָלט ער אהער געקומען. דער מיליציאָנער האָט רויִק דאָס מיידל פאר אן ארבל אָנגענומען און די יונגען מיט א פינגער פאָרויס געוויזן, ווי ער וואָלט א גאס אן אומבא־קאנטע פאר זיי געוויזן, נאָר דער יונג האָט ניט געוואָלט גיין, און וואנקע בערעגיכאטקע האָט אפן מיליציאָנער זיך געוואָרפן, ווי א באלעבאָס ווארפט זיך אף זײַן שלימאזלדיקן מעשאָרעס:
— באטאָג איז אויך די גאס מיט זיי פארפלייצט, נעוויילעס!...
דאָס מיידל האָט הילכיק און פּוסט איבער דער טווערסקאיא גאס געלאכט, און דער געלעכטער אירער האָט זיך אין די פאר־זאמלטע אָנגעשטויסן, און די פארזאמלטע האָבן זיך פון איר גע־לעכטער, ווי פון בלאָטע־שפּריצן, געזײַטיקט און דער יונג לעווין האָט הויך, אף א קאָל, ווי אן אָראטאָר אויסגעשריִען:
— זי האָט פּעטליורעס סכוירע קיין מאָסקווע געבראכט, פראנצן פארקויפט זי, שעדישע הור!...

און דער מיליציאָנער האָט דעם אוילעם געטריבן — „צעגייט זיך! צעגייט זיך! ניטאָ דאָ וואָס צו זען! דער נײַגיר האָט זיך צעשפּילט, וואָס? צעגייט זיך!...״

וואנקע בערעגיכאטקע האָט יאשען פאר אן ארבל פעסט אָנ־גענומען און פון געדיכטן מענטשן־געזאמל ארויסגעשלעפּט, ווי מע שלעפּט ארויס א פארשטאָכענעם שפּאָן פון א הארטער הויט, און דער יונג לעווין האָט זיך געווערט און אין וואנקעס הענט זיך געוואָרפן:

— וואָס שלעפּסטו מיך? איך ווייס אליין דעם וועג! א הור!...

וואַנקע האָט געשלעפּט דעם יונג און שטיל פאר זיך גע־שמייכלט און געטראַכט, וואָס פאר א היציק בלוט עס פליסט אין די ייִדישע אָדערן, און ליב איז אים מיטאמאָל דער יונג לעווין געוואָרן, ווי ליב עס ווערט א ברודער א פאַרפרעמדטער און צו־ריקגעקומענער. וואַנקע האָט דעם יונג אפן לאַסט־אווטאָ ארופגע־שלײַדערט און געלאַכט:

— לאָד אויס, וויבאלד דו ביסט אַן ערלעכער פּראָלעטאַ־ריִער! ס'איז דיר, ברודער, מאָסקווע דאָ און רעספּעספּערע און ניט דאָרט עפּעס א באַרדיטשעווער מארק דײַנער, יאשא! — האָט וואַנקע אויסגעשריִען און אין די הויזנס אָנגעשפּיגן — נעם! רו־דער! זײַ א פּראָלעטאַריִער, — און די לאָפּעטע דעם יונג אין די הענט ארײַנגעשטעקט און ווידער געבליבן שטיין אנטקעגן אים א שטײַפער און ווינקל־ביינערדיקער, א שטעכעדיקער און ווייך־שמייכלענדיקער:

— נו!?...

ס'האָט א קילער ווינט דעם שווערן זאמד א ריס געטון און אָנמעכטיק פארבײַגעגליטשט זיך. דער יונג לעווין האָט דעם זאמד פון אונטער די רעדער פונעם אווטאָ ארויסגעשאַרט און צונויפגעשאַרט עס אין א בארג, ווי ער פלעגט אמאָל אפן פעלד היי צונויפשאַרן. וואַנקע איז געשטאַנען און געוואַרט, דער יונג זאָל די ארבעט פאַרענדיקן. און אז דער יונג האָט די ארבעט געענדיקט, איז וואַנקע צו דער נאָז פון דעם אווטאָ צוגעגאַנגען און באַם מאָטאָר־הענטל זיך אָנגענומען און געפּאָרקעט זיך דאָרטן, ווי א פויער פּאָרקעט זיך באַם צײַמל פון פערד פארן אָפּפאָרן, און דער מאָטאָר האָט עט־לעכע הילכיקע פונקען מיט לעבעדיקן גראַגערדיקן אויסגעשריי ארויסגעשאָסן און צעגראַגערט זיך הילכיק און צײַלמעסיק, ווי ער וואָלט די צײַט אף קורצע פּיצעלעך געבראָקט און די פּיצע־לעך געציילט. וואַנקע האָט דעם יונג לעווין אפן שאָפער־געזעס אנידערגעזעצט און אליין באַקוועם זיך אנידערגעזעצט, אין דער רעכטער האַנט פעסט דעם רודער פאַרקלאַמערט, און מיטן גראָבן פינגער פון דער לינקער האַנט דאָס עלעקטרישע קנעפּל אָנגע־דריקט, און צעזונגען זיך און צעשאַלט מיטן גרילצנדיקן האָרן

פון א שטאַטישן לאסט־אווטאָ און דירעוודיק און פלינק אוועקגע־טראָגן זיך אראָפּ מיט דער טווערסקאיא גאס — אראָפּ פאַרבײַ דעם מאָסקווער ראט, פאַרבײַ דעם שטאָלצן אָקטיאבער־אָבעליסק, פאַרבײַ דער שטיינערנער פרוי מיטן ערדקײַלעך אין איין האנט און מיט דער אויסגעצויגענער אין דער ווײַט אריַין צווייטער האנט: „די גאנצע מאכט די ראטן!"

אינדערהיים, אין זײַן גרוימען און ליכטיקן צימער האָט ער דעם יונג לעווין אַף א נידעריק בעטל, א מאָגער פארבעטן, אָנ־געוויזן:

— אָט־אָ דאָ וועסטו שלאָפן. נו?...

דערנאָך האָט ער אים אַף דער וואנט, אַף לענינס פּאָרטרעט אָנגעוויזן:

— אָט־אָ־דעם־אָ קאָנסטו?ֿ לענין איז עס. קוק זיך צו. ס'עט דיר צונוצקומען.

דערנאָך איז דערזעלבער וואנקע בערעגיכאטקע אין קיך אוועק, טיי אפּן פּרימוס געשטעלט און געקומען צוריק אין צימער און געבליבן שטיין אין מיטן א ליידיקער, א ווארטנדיקער, אַן אנדערער, א דערוואקסענער און געשטעלטער, א קליגערער און געמאָלדן דעם יונג:

— מיר וועלן באלד טיי טרינקען. און איך דארף אַף א פאר־זאמלונג גיין. ס'איז בא מיר א פארזאמלונג אזא: א יאט שארט זיך צו די באָלשעוויקעס און איז נאָך א גרעסערער שיקער פאר מיר און שלאָגט דאָס ווײַב. דארף איך א וואָרט זאָגן און דער־ציילן און ניט לאָזן אים. איך קריך אליין ניט אין דער רעקאפּע... אזעלכע קרעציקע שאָף ווי וואנקע און וואסקע דארפן אין שטוב זיצן, און די פארטיי דארף אָן א געררוך זײַן... פאר־שטייסט?...

וואנקע איז מיטאמאָל פארפינצטערט געוואָרן.

ס'האָבן זיכער פארשיידענע פינצטערע מאכשאָוועס זײַן געמיט געדריקט, אָבער ער האָט זיי שנעל פארטריבן און געגוג פריילעך צום יונג זיך געווענדט:

— יאשא!... דער פאלאץ געפעלט דיר, אָ?... פארנעם די בעט... שלאָף...

דער יונג האָט געשוויגן, ווײַל דאָס הארץ איז אים ערגעץ פארפאלן געוואָרן, און ער האָט ניט געוווּסט, וואָס וואנקען צו ענטפערן. וואנקע האָט דעם יונג אין פּאָנעם ארײַנגערעדט און דערקלערט שטרענג און געזעצט, ווי אן עלטערער כאווער :

— און עפשער... ארומשלעפּן זיך געפעלט דיר עפשער בעסער, וואָס ?...

דערנאָך האָט וואנקע דעם טיי ארײַנגעבראכט, פריילעך און זינגעוודיק געוואָרן, ווי דאָס זשומענדיקע טיי־קענדל, מיטאמאָל זיך צעלאכט פון א באהאלטענעם געדאנק, וואָס איז אים אײַנגעפאלן, און איז צוריק אין קיך ארײַנגעלאָפן און הילכיק און פריידיק גערופן :

— דוניא !... דוסיא !... איוואנאָווע !... קום אהער ! א יאט איז צו דיר צו גאסט געקומען...

אין די אָפענע ראמען פון די פענצטער האָט דער הארבסטיקער אָוונט־ווינט זיך געווירבלט און געדרייט. קעגנגיבער, אין דער האלב־אָפענער טיר האָט זיך א העל־געשוירענער מיידל־קאָפּ באוויזן און פארהאלטן זיך דאָרט. גרויסע, בלאָע, ליכטיק־שמייכלענדיקע אויגן האָבן זיך מיט די טונקל־מאנדלדיקע אויגן פונעם יונג לעווין באגעגנט און געבליבן אף א ווײַלע אין זייער ערשטער און ריינער, ביז ווייטיק געפרעסטער באהעפטונג. וואנקע האָט דאָס העל־האָריקע מיידל אין פלייצע געשטופּט :

— גיי... וואָס שטייסטו אין טיר ? קוק ! א יאט — א יאָדער ! דערקאָנסט אים ניט ?...

דאָס מיידל איז אין צימער ארײַן און ליכטיק מיט די אויגן געשמייכלט :

— אף טיי לאדסטו, וואניא ?... דערלאנג טיי !

וואנקע בערעגיכאטקע איז ווידער ווינקלדיק און רירעוודיק געוואָרן. ער האָט טיי דערלאנגט. זיי האָבן אין דרײַען טיי געטרונקען. נאָר באם שאָפער האָט קיין געדולד ניט געקלעקט זײַז גלאָז טיי ביזן דעק אויסטרינקען. מיט א טונקל־שײַנענדיקן פּאָנעם האָט ער זיך אופגעהויבן און די איבעריקע צוויי די גלאנציקע פלייצע זײַנע אין דער לעדערנער קורטקע באוויזן :

— רייניקן גיי איך!... האלט זיך! שטיי אױף די פיס רעקאפּע!...
וואנקע בערעגיכאטקע גייט דיך רייניקן! צעפּלאפּל זיך מיט אים, דוסיא! — האָט וואנקע געלאכט — טשיקאווע מײַסעס האָט ער, דער יאט!

און די גלאנציקע פּלייצע אין דער לעדערנער קורטקע מיט זיך אױף דער פּארזאמלונג אוועקגעטראָגן.

בלאָע קאָרן־אויגן מיט טונקל־מאנדלדיקע אלט־ײִדישע אויגן האָבן זיך אין זייער צווייטער און הייסער באהעפטונג צונויפ־געגאָסן. דער ווינט האָט מיט די אָפּענע ראמען געשפּילט זײַן הארבסטיקע שטאָטיש־אָפּגעשוואכטע שפּיל, דאָס מיידל האָט צום יונג געשמייכלט:

— טשיקאווע מײַסעס?... דערצייל! דערצייל טשיקאווע מײַ־סעס, יאט! ווער ביסטו אזעלכער?

— איך?... אוקראַינע א לאנד ווייסטו? קוליקי א דערפל קאָנסטו?...

— א פּויער־יונג?

— א פּויער־יונג.

— ווי הייסטו?

— יאשא.

— און איך הייס דוניאשא. זיץ, דערצייל!

נאָר דערציילן איז ניט געווען וואָס. אלע ווערטער זײַנען אויסגעטריקנט און פּארדארט געוואָרן אין דער אָנוועזנהייט פונעם דאָזיקן מיידל. די ליפּן האָבן זיך נאָר בא אים ברייטער צעעפנט, די ציינדלעך האָבן העלער געגלאנצט, אן אומצופרידנקייט האָט אים פלוצלינג ארומגעכאפּט, און ער האָט א ברום געטון:

— אָט, גלײַך אפן אָרט ווילסטו? ווארט צו... מירן זיך בא־קאנען...

— א־א... נו, גוט.

און דאָס מיידל איז ארויס. דערנאָך איז זי ווידער געקומען דערנאָך האָבן זיי זיך באקאנט. נאָענט געוואָרן. פּארוואָס? ווײַל זי איז אויך דרויסן געלעגן, ווי ער, און, ווי ער, איר געשיכטע געהאט און איז איצט אױף א שליאך ארויס. „ווער עס איז גאָר־ניט געווען — וועט אלץ זײַן". זי איז גאָרניט געווען — שטויב אױף

דער גאַס. צו אַלץ איז נאָך ווײַט. נאָר צו אַ ברעג איז זי געקומען. און צו איר ברעג איז אויך ער, דער יונג לעווין געקומען. האָבן זיי זיך דערנעענטערט און, שפּעטער, אָפן שפּאַציר, האָט זי אים געזידלט:

— פֿון אוקראַיִנע? פֿון פּעטליורעס לאַפּעס? מאָדנע!... און אַזאַ ווייניק באַוווסטזיניקער יאַט ביסטו!

דערנאָך האָט זי געלאַכט. פֿון אומקלאָרער פֿרייד.

ס׳האָט אויך מיט איר עפּעס פּאַסירט אין דידאָזיקע לעצטע וואָכן. איר הויט האָט געפֿיבערט, און איר מאַרך איז עקזאַל־טירט און אָנגעגליט געווען. דער יונג איז געווען מאָדנע אָפֿנ־הערציק מיט איר און דערציילט איר, ווי אַזוי ער איז פֿון מאַ־רינקען געלאָפֿן, פֿאַרוואָס ער איז פֿון איר אַנטלאָפֿן און ווי ער האָט געלעבט פֿריִער מיט איר. ער האָט זײַנע ווײַסע ציינדלעך אויף איר געשטשירעט און געלאַכט:

— ווי מיינסטו, דוניאַשאַ, עפּשער האָט גאָרניט געלוינט די פֿויערטע אוועקוואַרפֿן, הא?

נאָר גלײַך איז אים אַ מאָדנע פֿרייד באַפֿאַלן, און ער האָט זי אויף זײַנע קליינע און שטײַפֿע הענטלעך געכאַפּט און געדרייט און געשפּילט זיך מיט איר, און ס׳איז זיי ביידן מאָדנע גוט גע־ווען דערפֿון.

דאָס מיידל האָט זיך איצט צום ערשטן מאָל אין איר צוואַנ־ציק־יעריקן לעבן פֿאַרטראַכט דערויף, אַז פֿון דעם יונג שלאָגט אַ מאָדנע היץ, אַז פֿון דערדאָזיקער היץ זידט איר בלוט אין די אָדערן און די געדאַנקען באַוועגן זיך באַ איר פֿלינקער, ווען זי זעט אים, ווען זי איז מיט אים. און ווען זיי זײַנען צעשיידט — ציט זי צו אים, ווי עס ציט דעם פֿײַער צום ברענשטאָף.

פֿלעגן זיי אין די קנאַפּע פֿרײַע שאָען אַרומשפּאַצירן אין צווייען איבער די מאָסקווער גאַסן.

וואַנקע בערעגיכאַטקע האָט דעם יונג אין די הענט אַרײַנגע־נומען, ווי נאָר ער האָט אים אויף טווערסקאַיאַ גאַס באַ דעם זאַמד באַגעגנט. ער האָט צו אים אין יענער נאַכט פּאָשעט און ברידערלעך אײַנגעטײַנעט:

— אַן אייגענער דערקאָנט מיסטאַמע אַן אייגענעם אויף אַ מײַל, ווען זיי האָבן זיך, לאָמיר זאָגן, אַפֿילו קיינמאָל נאָך ניט געזען.

וואָרט צו א ווײַלע... דו פאַרשטייסט, וואָס איך האָב איצט צו דיר געזאָגט? איך אַליין פאַרשטיי עס נאָך ניט אינגאַנצן, נאָר אַן עמעס איז עס... גלויב מיר... וואָס טויגן מיר די אַלע קונצן מיט די הויכע ווערטער... אָט... אַן אַרבעטער דאַרפסטו ווערן... און גראָד איצט האָב איך אויסגעקוקט פאַר דיר א שטיקל לאָך אין א גאַראַזש... נו?

דער יונג האָט געשוויגן. אין דער נאָז האָט אים בלויז א טראָפּעלע געביסן. ווען ער זאָל זײַן ניט קיין יונג, נאָר א מיידל — האָט ער געטראַכט — וואָלט ער זיך געוויס פאַנאַנדערגעוויינט פון פרייד. נאָר א יונג איז ער — שווײַגט ער און רײַבט זיך בלויז די נאָז. דערנאָך האָט ער ייִנגלש זיך א כאָכמע געטון — בלויז אין געדאַנק:

— ס׳לוינט עפּעס דער אייסעק — אַן אַרבעטער צו זײַן?

נאָר וואַנקען האָט ער די כאָכמע ניט אַרויסגעזאָגט. פאַרקערט: ער האָט זיך גלײַך געכאַפּט, ווי ווילד אומגעלומפּערט דאָס וואָלט געווען, ווען ער זאָגט אַזוינס אַרויס און איז דערײַבער מאָדנע רויט געוואָרן, אַז וואַנקע האָט עס אַזש באַמערקט.

— וואָס רויטלסטו זיך ווי א בסולע אין דער ערשטער נאַכט? רעד, בײַנקאַרט!

און צעשאָטן זיך אין א געלעכטער.

דער יונג איז פון וואַנקעס געלעכטער ביזן גרונט פון זײַן האַרץ פאַרשעמט געוואָרן, און שוין אינגאַנצן ווי א קינד אַרויסגעשטאַמלט:

— כ׳וויל...

דערנאָך האָט וואַנקע ערגעץ אין אַן אַנשטאַלט וועגן דער רעוואָליוציִע געשריִען, מיט א פויסט אין א טיש געקלאַפּט:

— בּיוראָקראַטן זײַנט איר! אויסוווּרפן! אַזאַ אַרבעט דאַרפט איר אַליין אויסטראַכטן, אַליין טון! און אַז מע קומט און מע פירט אײַך צו צו דאָס גרייטע, דאַרפט איר א דאַנק זאָגן! און איר... איך בּין אַליין שיר א לומפּ ניט געוואָרן... כ׳וועל אין דער ראַבקרינע גיין... כ׳וועל זיך מײַנס דערשלאָגן... בּיוראָקראַטן פאַרשיווע! ווער דאַרף זאָרגן פאַר די פּאַרוואָרלאָזטע, איך, — צי די רעוואָליוציִע?

און ער האָט זיך דערשלאָגן. דער יונג איז גענומען געוואָרן אין דער לערער אַרײַן. צו וואנקען. און אז וואנקע האָט אהיים געבראכט דאָס פּאפּירל פּארן יונג, האָט ער אים שיר א פּאָר ריפּן ניט אויסגעבראָכן — אזא זעץ האָט ער אים אין א זײַט געגעבן:

— נו, יאט... איצט... האלט זיך! שטיי אף די פּיס! א לערער בין איך... א שווערער... אָט איז מײַן בוך, נא, גיב א שמעק...

און צוגעטראָגן דעם יונג א פויסט צו דער נאָז.

— איבער די גאסן לויף ארום! האָסט א פרײַע מינוט — איבער די גאסן! שמעק אויס. ווו אהין וואָסער מינדס ליקעלע עס פירט, דו זאָלסט קאָנען דורך א נאָדל־לאָך מיט דער מאשין דורכטאנצן... און די מאשין... איך וועל שוין דיך מיט יעדן שרײַפעלע באזונדער באקאָנען...

— כ'וויל, — האָט דער יונג מיט היץ געטראכט, און אים האָט זיך געוואָלט גלײַך לויפן, טון, רודערן...

דער יונג האָט זיך אין זײַן נײַעם לעבן אָנגעטון, ווי אן אָפּגעריסענער קריכט אין א נײַעם אָנצוג אַרײַן: ס'איז אלץ ווייל און ליכטיק, פריש, נײַ, ניט אויסגעפּרוּווט נאָך קיינמאָל אזוינס. אָבער... די געפּרעסטע נעט קרעמפּן, און די הענט זײַנען ווי צוגעסטריגעוועטע — אָט־אָט פאלן זיי אראָפּ... דער יונג האָט דאָס־דאָזיקע לעבן געגארט, ווי א מענטש גארט צו פארווירקלעכונג פון זײַן גליקלעכן כאָלעם, וואָס ער האָט נאָר־וואָס אין שלאָף געזען. דער יונג האָט זיך געקלאמערט אָן די אלע הענגערלעך אין לעבן, וואָס זײַנען אים אין די הענט געקומען, ווי א מענטש קלאמערט זיך אָן די שטעכיקע געוויקסן, ווען ער קריכט אף א בארג ארוף. דער יונג איז ארומגעגאנגען איבער די מאָסקווער גאסן מיט פארטויעטע אויגן און מיט אופגעדעקטע ציינדלעך מיט פארשמירטע הענט און מיט פּיס, וואָס האָבן געזוכט זייער אייגן פּיצל אָרט אין דערדאָזיקער פלוצלינג־אויסגעוואקסענער וועלט־שטאָט.

דער יונג האָט מיט לויטערער פּאשטעס פון זײַנע אורעלטערן מיט דערזעלבער ערדישקײַט פון זײַן טאטן און זיידן, מיט דער זעלבער הייליקײַט פון זייער פריִען דאוונען אין ווינטערדיקע

פרימאָרגנס אין דאָרף, פון זייער שווערער האָרעוואניע אין פעלד, מיטן זעלביקן בויג מיט דער פלייצע און פּאָך מיט די שטײַפע הענטלעך — האָט ער איצט, אין שפּעטן הארבסט פון 1923 יאָר, אין נעפּלדיקע פרימאָרגנס, אף אַ זײַטיקער גאס נעבן קאטעדראל פון „קריסטוס דעם דערלייזער", אין א גאראזש פון דער מאָסקווער קאָמונאלער ווירטשאפט, די גרויע מאשין, דעם לאסט־אווטאָ געוואשן און געפּוצט און צו יעדן שרײַפעלע אין מאָטאָר זיך צוגעקוקט, ווי ער האָט זיך צוגעקוקט אמאָל צו די ארויסגעשמיסענע געדערים פון א פארצוקט פערד אין פעלד.

דעם יונג האָט זיך אף דער וואָר געכאָלעמט, ווי ער טאנצט ארום אף זײַן פאָרדל איבער די מאָסקווער גאסן, דער יונג האָט אומגעריכט פאר זיך אליין זײַן אומבאקאנטן ברעג אין לעבן דערזעען און געפרייט זיך מיטן ברעג, ווי א פארמאטערטער שווימער פרייט זיך מיטן באָדן אונטער זײַנע פיס. דער יונג האָט זיך געצאפּלט אין זײַן אופקומענדיקן איצט און ווידעראמאָל מיט די ציינדלעך פארקוועקטשט:

— או־או־ך, שעדישע נעשאָמעס!... סײַ־ווי־סײַ וועט איר מיך א לעבעדיקן ניט נעמען!... הא!...

דער יונג האָט אין פריִע באגינענס זײַן מאשין געוואשן און געפּוצט און אין נעפּלדיקע, שפּעט־הארבסטיקע טעג אף איין געזעס מיט וואנקע בערעגיכאטקעס אף דער מאשין געזעסן און געיאָגט איבער די מאָסקווער גאסן און געגלאנצט פון האנאָע מיט די ציין און מיט די אייגלעך אף די שטאָטלײַט, וואָס לויפן און ווילן אויסמײַדן די בלאָטע־שפּריצן פונעם פאָרדל. דער יונג האָט קורצע, האלב־פארשעמטע און אומגעריכטע ווײַלעס מיט דעם מיידל אין שטוב פארבראכט און לאנגע שאָען איבער די מאָסקווער גאָסן זיך ארומגעשלעפּט און געכאַזערט זיך אליין אין זיקאָרן, ווי אזוי ער וועט אין דידאָזיקע פארפלאָנטערטע הינטערגעסלעך זײַן פאָרדל, ווי א פאָדעם דורכן אויער פון אַ נאָדל אדורכציִען.

די מאָסקווער גאסן זײַנען אין הארבסטיקע אָוונטן געפּאקט מיט מענטשן, ווי צאָפּנדיקע יאם־בערגן מיט שטאָקפיש *).

---

*) טרעסקע

דידאָזיקע מענטשן זײַנען אין די רעגנס און נעפּלס פּונקט אַזוי גליטשיק און צערייצט, ווי דערדאָזיקער מין פיש — בייזע אײַלן זיי צו זיך אין די פרישע אויסגעקאַלכטע קעסטעלעך אַרײַן און לאָזן זיך ניט אָפּשטעלן, און לאָזן זיך ניט דערקאָנען.

אָבער ער איז ניט אַליין. אָפט גייט מיט אים מיט דאָס מיידל דוניא.

דוניא האָט קיינע פון אירע פריערדיקע אַרבעטן ניט פאַרוואָרפן. אָבער זינט דערדאָזיקער יונג האָט זיך באַ זיי אין דירע באַזעצט, איז איר עפּעס צוגעקומען. אומעטום — אין דער פאַבריק, אין קלוב, אין קעמערל, אינדערהיים, ווען זי קאָכט אַמאָל אַ טעפּל טיי אויף דער קיך, — אומעטום ליגט ערגעץ באַ איר אינעווייניק דערדאָזיקער יונג פאַרשטעקט און גיט פון זיך שטום צו וויסן: ער איז דאָ! און ס'איז מאָדנע אַנגענעם דערפון, וואָס ער איז דאָ. די פאַרב שלאָגט אין פּאָנעם אַרײַן פון דעם געפיל, אַז „ער איז דאָ", און אַרויסטרײַבן אים פון זיך ווילט זיך ניט. צו דער אַרבעט שטערט עס איר ניט, נאָר אָנגעלאָדענער און שווערער איז זי דערפון יאָ. אין יעדער פרײַער מינוט באַווײַזט זיך פאַר איר זײַן געשטאַלט, און איר לעבן איז דערפון אָנגעפילט מיט אַ מאָדנער געזונטער פולקײַט, ווי אַ צײַטיקע פרוכט. נאָר גייט זי מיט אים איבער די מאָסקווער גאַסן אַרום — שפּאָט זי פון אים, און ציטערט מיט אירע ברעמען. די גאַס באַקומט אַן אַנדער זין און אויסזען, ווען זי גייט מיט אים זײַט באַ זײַט.

דאָס געלע עלעקטרישע ליכט שנײַדט זיך אין אָוונט אַרײַן, ווי מעשענע מעסערס אין טונקעלע פרוכטן. טיפער נאָך אין דערזעלבער נאַכט שנײַדט זיך אַרײַן דאָס שאַלן פון טרומייט. שווער איז פאַרן יונג צו באַנעמען און פאַרשטיין דעם ריזיקן אָטעם־צוג פון דערדאָזיקער גרויסער שטאָט, אירע קוילעס און איר ליכט־שימער. דער יונג איז מיט אַן אומרויִקן מאַרך אין קאָפּ, און ס'איז אים קאַרג דער כאָלעם זײַנער וועגן אַרומטאַנצן אויף אַ פאָרד־מאַשין איבער די מאָסקווער גאַסן, ס'איז אים קאַרג דאָס, וואָס דאָס מיידל גייט אים האַרט באַ זײַן זײַט. דעם יונג ווילט זיך פון מיידלס קערפּער, ווי פון אַ ליימענעם קרוג טרינקען,

דעם יונג ווילט זיך פון מיידלס מארך אלץ, וואָס איז דאָרט דאָ, ארויסזויגן און באַנעמען דעמדאָזיקן געווירבל פון דער שטאָט.

אױף די מאָסקווער גאסן, אינאָוונט, אין הארבסט 1923 — קארג ליכט איז נאָך פאַראַן, און געל איז דאָסדאָזיקע ליכט, ווי די קנויטן וואָלטן אין וואסער אונטערגענעצטע געווען.

אין די שפּיגל־שויבן פון די שפּייז־קראָמען רינען מיט זאפט אלע זיבן זיסע מאכאָלים, א גאנצע ריי ראָזעווע כאזיירימלעך ליגן אָפּגעשאָבענע, צארט־הויטיקע, מיט אופגעטרענטע בײַכלעך, ליגן און באָדן זיך אין אייגענעם יונג־כאזערשן טאם און געלן עלעקטרישן ליכט. אין דרויסן, אין שאָטן, אונטערן שיטערן רעגנדל, אין געדיכטן נעפּל שטייט א צעקנייטשטער אלטער מיט א לאנגער באָרד און שפּילט אױף א פלייט אָפּגעריסענע פראזן פון לענסקיס אריִע אין „יעווגעני אָניעגין". די געלקײַט פון זײַן גרויער באָרד פלאטערט אין דעם געלן עלעקטרישן ליכט פון דער גאס און פון די שויפּענצטער, און דאָס שאלן פון זײַן פלייט ווערט ווײַט ארויף פארוואָרפן און פאלט צאפּלדיק צום גראניט פון פּושקינס דענקמאָל און פארבלײַבט דאָרטן פארציטערט און פארטויבט. דאָס מיידל דוניא ווייסט פון פּושקינען און פון „יעווגעני אָניעגין" און זי הערט זיך א ווײַלע צו צו די שטײַגנדיקע און פאלנדיקע קלאנגען פון דעם טרומייט:

„וואָס גרייט אונדז דער קומענדיקער טאָג..."

נאָר דער יונג ווייסט אינגאנצן ניט פון דידאָזיקע צוויי געשטאָרבענע פּריצים, און א פיבער כאפּט אים נאָר ארום און א גרויל פארן גורל פונעם אלטינקן, וואָס דארף דאָ שטיין מיט אן אָפּגעדעקטן נאקעטן שארבן און מיט נאסע ליפּן ארויסבלאָזן זײַן ליד. ס'איז געוויס ניט גרינגער און ניט ליבער ווי שאָבן פארשמאָדערטע צורעס פאר א דרײַער.

דעם יונגס לעבן איז אין דידאָזיקע יאָרן געפלאָסן דרויסן, אױף וועגן און גאסן, און דער יונג האָט דעריבער פארבלוטיקטע אויגן געהאט און געפינטלט מיט זיי אױף די גאס־לײַט, און געשראָקן זיך פאר זיי, און געהאסט זיי, ווײַל זיי האָבן זײַן אייגענעם גורל אים אָנראכמאָנעסדיק דערמאנט און גערופן צו זיך אין דער פריילעכער און העפקערדיקער כעוורע ארײַן. באם יונג האָבן זיך דעריבער די געהירן צערודערט, און ער האָט געטראכט

וועגן דעם מיידל, וועגן וואנקען, וועגן דער מאשין, וועגן זײַן גאנצן נײַעם לעבן, וואָס האָט איצט אָנגעהויבן אופצושטיין, ווי וועגן א געגנארעדײַ, א וויסטן כאָלעם, וואָס וועט קיינמאָל ניט פארווירקלעכט ווערן. זײַן ריכטיקער פּלאַץ איז נעבן קאזאנער וואָקזאל. דער כאָלעם וועט אריבער, און ער וועט זיך ווידער דאָרטן מיטן פארזשאווערטן מעסער שטעלן. דער יונג האָט דערי־בער זײַנע פארשטיקטע רייד מער אין זיך ניט געקאָנט אײַנהאלטן.

דער יונג האָט געפרעגט, דערציילט, פארטרויט, ווי קיינעם נאָך אין לעבן ניט. אָפּן און נאקעט האָט דער יונג באם מיידל וועגן אלץ זיך אויסגעפרעגט, און דאָס מיידל האָט אָדער גע־לאכט, אָדער געשוויגן. ווען זי האָט געלאכט, האָט זיך דעם יונג אויסגעוויזן, אז דאָס לאכט זי נאָר פון אים, ווי נאריש ער איז (דאָס מיידל האָט אינדערעמעסן גאָר פון פרייד געלאכט, וואָס דער יונג איז דאָ מיט איר און געדענקט ניט און זעט ניט, אז זי גייט אים הארט בא דער זײַט, און געדענקט און זעט אָט די אלע, וועלכע זי קאָן אליין ניט באנעמען, פון וואנען קומען זיי און וואָס האָבן זיי דאָ צו טון), און ווען זי האָט געשוויגן האָט ער געוווסט, אז זי שווײַגט דערפאר, ווײַל זי האָט אים ניט וואָס צו ענטפערן (און אזוי איז עס טאקע געווען).

דער יונג האָט געפרעגט, צו וואָס דער אלטער שפּילט דאָ און פארוואָס זײַנען קיין הײַזער פאר אזעלכע אלטע נאָך ניט אויסגעבויט, אז זיי זאָלן ניט דארפן אין די גאסן זיך וואלגערן. דאָ האָט דאָס מיידל, ווי בא די אלע פריערדיקע פראגעס, גע־לאכט, און איר קערפּער האָט מיט דער נײַער שײַן געלויכטן און געפלאטערט. דער יונג האָט זיך סאָפּקאָלסאָף אף איר געלעכטער אומגעקוקט און אים באנומען. ער האָט זי מיט א מאָדנעם זשעסט אין מיטן גאס אָפּגעשטעלט און ארײַנגעקוקט איר אין די אויגן.

— וואָס לאכסטו אזוי?

און אים אליין האָט א ווילדער כיישעק צום געלעכטער אָנ־געכאפּט. ער האָט זיך מיט אים געשטיקט, געוואָרגן, ניט גע־ווּסט, ווי פּאָטער צו ווערן פון אים, און שרעקלעך געוואָלט אים אויסשיסן אין דער הויך, אף דער גאנצער גאס, צו פארטויבן

דאָס שאלן פון פלייט — איינמאָל זיך אָנלאכן און אויסלאכן פאר אלע יאָרן פּײַן און ביטערע קנײַפּן, וואָס זײַן יונג הארץ האָט באקומען. ער האָט אים ניט געקאָנט דערשטיקן. זײַן געלעכטער האָט זיך ארויסגעריסן און פארפלייצט די גאנצע גאס. ס׳איז גע־ווען א רעגע, ווען זײַן געלעכטער האָט זיך איבער דער גאס געקוילערט ווי דער העכסטער אויסגעשריי פונעם הארבסטיקן אָוונט. מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אומגעקוקט אף דעמ־דאָזיקן העכסטן אויסגעשריי.

אָט דעמאָלט האָט זיך באם מיידל עפּעס א ריר געטון. ווי אין אוראלטע וועלדער שלאָגן זיך כאיעס א וועג דורך, — אזוי האָט בא איר אן אור־געפּיל זיך א וויג, א ריר, א ריס געטון און א וועג צו די אויגן אירע דורכגעשלאָגן, צו די פולע ליפּן, צו די צאפּלדיקע נאָפּלען אף די בריסט, — צו די עק־פונקטן פון אלע אירע גלידער. עס זײַנען צארטע ווערטער, ווי רײַפע פרוכטן פון א בוים, פון איר מויל געפאלן:

— נו, וואָס־זשע, יאשא, ווילסטו? פאר יעדערן א ווינקל, א נעסט?...

ס׳האָט איר פרייד געבליט און געשטארקט זיך און געררוישט, ווי יונגע פרילינג־וואסערן אונטער דער זון.

— מע קאָן דאָך ניט, יאשא, דעמדאָזיקן אלטן הינטער די שוי־פענצטער אנידערזעצן און אין די פּיסקלעך פון דידאָזיקע טויטע כאזיירימלעך פײַפלעך ארײַנשטעקן, זיי זאָלן מוזיק שפּילן!...

זי האָט דעם יונג אונטערן אָרעם גענומען און געבריט אים מיט איר לײַב, וואָס איז איצט צום ערשטן מאָל אזוי נאָענט צו זײַן לײַב געווען, מיט שטילן באהאלטענעם פּיבער זײַן בלוט אין די אָדערן אָנגעפילט, מיט פּיבער, וואָס האָט געפלאָסן פון איר יונגער שטײַפער ברוסט. זי האָט צו אים הייס גערעדט:

— דו ביסט נאָך אזא מאָדנער... פעטליורעס האק האָט דיר א זעץ געטון אין מויעך און דו גייסט ארום... ווי א צעמיש־טער. ווארט, — האָט דאָס מיידל זײַן אָרעם א דריק געטון, — דו וועסט נאָך אזוינס דערזעען... האָב געדולד... ניט קיין טאטע מיט קיין מאמע... אָן דעם פארגעס.., פארשטייסט?...

זיי זײַנען געגאַנגען באַרג־אַרויף. דידאָזיקע שטיק טוועסקאַיאַ גאַס איז געלעגן אַ נאַסע און גלאַנציקע, ווי אַן אַראָפּגעלאָזטער עק באַ אַ הון אונטערן רעגן. דידאָזיקע שטיק גאַס איז געווען אין קיזלשטיין און שווערע שטיינער־פּליטן פאַרפּאַנצערט, און עס האָט אויך אויסגעזען, ווי אַ קרומער טיש, ווי אַ בינע, וווּ עס שפּילט זיך אָפּ עפּעס אַ קאָמישע שטיק.

דאָס מיידל איז געווען גענוג נאַיִוו. זי האָט זיכער געגלויבט אין דעם קויעך פון אירע קנאַפּע דערקלערונגען, וואָס האָבן באַדאַרפט דעם יונג עפּעס אויפקלערן, וועגן עפּעס באַרויִקן. זי האָט מאָביליזירט דעם גאַנצן קנאַפּן ווּיסן אירן און געוואָלט גלײַך אַפּן אָרט, אָט דאָ אַף דער גאַס איבערגעבן דעם יונג, ווי מע גיט איבער אַ פּאַרטיקע נאָדל־פּאָדעם: — „נאַ, און פאַרניי דיר דײַנע לעכער". אירע דערקלערונגען האָבן געקלונגען אומגעפער אַזוי:

— געוויס ליגט ערגעץ פאַרשטעקט אַזאַ באַהאַלטענע האַנט, וואָס פירט אָן מיט אָט די אַלע אַרומשמײַענדיקע מענטשן. ווייסטו וואָס דאָס איז? — די עקאָנאָמיק... געוויס איז דאָ אַ געזעץ אַזאַ דערין, וואָס אַסאַך מענטשן לויפן און איינצלנע מענטשן שטייען אַף די ראָגן און טוען ווי אַ פּליכט, יעדער זײַן טוונג, און באַ די מאַשינען, אין די פאַבריקן שטייען אויך מיליאָנען, און הינטער זייערע פּלייצעס שטייען עפּשער צענדליקער מיליאָנען און וואַרטן אויך אַף אַ מאַשין. ווייסטו וואָס דאָס איז? — כאַאָטישע עקאָנאָמיק פון דער איבערגאַנג־עפּאָכע, אַ ירושה פון קאַפּיטאַליזם...

געוויס זײַנען אירע ווערטער געווען צעריסענע, נאַקעטע, האַלבע, קימאַט אומפאַרשטענדלעכע פאַר איר און אינגאַנצן אומפאַרשטענדלעכע פאַר אים. נו, איז וואָס? זי איז געווען אַ פאַבריק־אַרבעטערן, און אַ ירושה פון קאַפּיטאַליזם האָט זי באַקומען אַ ביטערע און פינצטערע — אַף יאָרן און צענדליקער, און איצט גייט סאַכאַקל דאָס זעקסטע יאָר רעוואָליוציִע.

אָבער שוין איצט האָבן זיי ביידע געזען דעם מיסט אַפּן גאַס אין זײַן עמעסן געשטאַלט: בערגלעך מיסט, וואָס איז געבליבן נאָך אַן אַנטלאָפענעם באַנקראָט.

אָט זײַנען זיי.

א ניט געגאָלטער אַרטיסט. א הויכער שטאַלטנער מענטש מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און מיט א לײַוונטענער טאָרבע אין דער האַנט. ער בעט ניט קיין געלט. ער דאַרף ניט די בינע, איבער וועלכער עס פלאַטערט דער געשריי: „מיר וועלן אַף צעפּוקעניש אַלע בורזשויען די וועלט פון עק צו עק אונטערצינדן!" ער דאַרף ברויט. ער האַלט זײַן טאָרבע אָפן און געגנוג וועט פאַר אים זײַן, אויב יעדער איינער, וואָס גייט אַרויס מיט א פּיצל וואַרעם ברויט אין די הענט, וועט אים דעם „צולאָג" אין טאָרבעלע אַרײַנוואַרפן. ער וועט דאָ נעבן דער ברויט־קראָם שטיין, א גאַנצן אָוונט שטיין און אַלע פּיצלעך צולאָג צו זיך אין דער טאָרבע זאַמלען און באַנאַכט אין הייסן אָקרעפּ זיי בריִען און ריזען און אַרבעטן וועט ער ניט גיין, — ער איז א פרײַער קינסטלער און זינגט פאַר דער גאַנצער גאַס. אַלע טאָג זינגט ער דאָ זײַנע גרויסאַרטיקע פּריצישע לידער וועגן דעם, „וואָס גרייט פאַר אים דער אָנקומענדיקער טאָג", ווי ער וואָלט נאָך געהאָפּט אַף עפּעס אויסער שטיקלעך „צולאָג", וואָס באַרמהאַרציקע מענטשן וואַרפן צו אים אין דער טאָרבע מיט א פרומער מינע אַף די צורעס. ער איז שלעכט ראַזירט, דערדאָזיקער אַרטיסט, און זײַנע הערעלעך שטעקן, ווי פאַרזשאַווערטע דרעטלעך. דער יונג וואָלט מיט פלײַס און האַנאָע און אײַנגאַנצן אומזיסט זײַן צורע אָפּגעשאָבן, אָבער דער אַרטיסט באַדאַרף עס ניט. ער קוקט קיינעם אין די אויגן ניט אַרײַן. און איבער אַלע פאַרבײַגייערס קעפּ זינגט ער זײַן ליד וועגן דעם אָנקומענדיקן טאָג, זינגט זי קלאַסיש, ווי ער וואָלט אַף דער בינע געשטאַנען...

און אָט שטייט נעבן אים א דאָרפישער פּויער און קוקט אַף אים מיט גרויס כידעש.

דערדאָזיקער מענטש איז א יונגער און פלינקער. ער זעט אויס ווי א פאַרשטעלטער, כאָטש ער איז אַזוי עכט, ווי דער נאַסער שטיין אונטער אַלעמענס פיס אַף דער גאַס. ער איז אָנגעטון אין א ברוין סוויטקעלע, אַפן קאָפּ טראָגט ער א קודלאַטע שאָפּן־היטל און אַף די פיס — נאַסע כליופּעדיקע פּאַסטאָלעס. ער איז צעטומלט און וואַרפט זיך פון איין דורכגייער צום צווייטן מיט אויסגעשטרעקטע הענט — ער דאַרף בלויז דרײַ קאָפּיקעס אַף א נאַכט־

לעגער, און קיינמאָל האָט ער זיי ניט. ער דאַרף אויך אַף א בולקע, אָבער דאָס וועט ער זיך שוין ווי עס איז אליין באַזאָרגן, און קיין געלט אַף נאַכטלעגער האָט ער ניט. ער איז פלינק, דאָסדאָזיקע פארלוירענע פויערל, אָבער צעטומלט און ניט געניט נאָך. ער רופט אלעמען „ברודערל״ און קיינער וויל זיך מיט אים ניט קאָנען, און קיינער וויל זיך מיט אים ניט אָנגעהערן. פון פארצווייפלונג פארקוקט ער זיך אַף די ווונדערלעך־גלאנציקע שוי־פענצטער, פארגאפט זיך אַף די טרעלן פון דעם פלייט, אַף די הייזעריקע קוילעס פון דעם ארטיסטס ליד. דאָסדאָזיקע פויערל וועט נאכט־עסן קריגן, — ער וועט עס גאנווענען, — און נאכטלע־גער וועט ער זיך מוזן נעמען אַף איינעם פון די מאָסקווער בולווארן.

א גאלעכל שטייט אָן דער זײַט פון זיי, אָפּגעזונדערט און שטום.

דערדאָזיקער שטייט מיט אן אויסגעשטרעקטער האנט. זײַן פּאָנעם איז פארשפּיצט און באוואקסן מיט האָר, ווי אן אלטער טשוואָק מיט זשאווער, און די קודלעס פון הינטן זעען אויס ווי צוגעקלעפּטע. דאָס גאלעכל שווײַגט, ווײַל אים גיט מען אָפּט, — קריסטן ווייניקער, ייִדן — מער. ער לאָזט פלינק אראָפּ די האנט מיט דער גאָב אין דער ברייטער פלודערן־קעשענע. ער מאכט עס גענוג געשיקט, צווישן איין גאָב און דעם צווייטן, און די האנט — ווי אן אווטאָמאט — ווערט צוריק פאר זיך גלײַך אויסגעשטרעקט א ליידיקע און שטום־בעטנדיקע. דערדאָזיקער האָט אינדערהיים א גאלעכטע, א דאַר, צעקנייטשט גויקעלע, וואָס קאָכט אים באַ־טאָג זײַנע געליבטע געקעכצן, און רײַבט זיך אָן אים באנאכט מיט אירע אלטע אָפּגעניצטע גלידער. זיי פארמאָגן אויך א זון — א דאָקטער, אין וועמען די רעוואָליוציִע שטעקט, ווי א קרענק ניט אויסצוהיילן, ווי א קרעפּס, וואָס פרעסט אים לאנגזאם, אָבער זיכער.

נעבן דער ריזיקער געוועזענער יעליסייעוו־קראָם — איצט בלייכט זיך אַף איר שטערן א קרוין פון נײַע פיר אויסיעס: „מ. ס. פּ. אָ.״ — א קראָם, וואָס האָט זיך געהאלטן פאר א קע־ניגן פון אלע שפּײַז־קראָמען אין דער וועלט — שטייט אין דרײַען

געבויגן אן אלטינקער מיט א גרויסער שורע מעדאלן אף דער ברוסט. די מעדאלן שיינען אין געלן ליכט פון נעפלדיקן הארבסט־טיקן מאָסקווער אָוונט, און דער קאָפּ איז באם אלטינקן געדיכט באוואָקסן מיט האָר, וואָס זיינען שוין גרין פון אלטקייט. ווי מאָך אפן שטאם פון אן אלטן בוים. דעמדאָזיקן אלטן גיט קיינער גאָרניט, און ער לעבט בלויז מיט דער דערינערונג פון זיינע פארביי־געגאנגענע יאָרן און מיטן שטאָלץ פון זיינע אויסצייכענונגען אין אלע מילכאָמע־קאמפאניִעס, וואָס די געוועזענע גרויסע רוסישע אימפעריִע האָט געפירט.

די אלע געשטאלטן זיינען טוישווים דאָ. זייערע פונקען לעבן האָבן זיך דאָ אָנגענומען, דאָ צעפלאקערט און דאָ לעשן זיי זיך און קומען אום.

און אָט איז א געער.

פון א פלוצלינג פינצטערן ליקל שפרינגט ער אלע ווײַלע ארויס. דאָס איז א דאר, מאָגער יידל. זיין בערדל איז שיטער און שטענדיק נאס. זיין מויל איז שטענדיק אָפן, ווי צו קדושע, ווי צו „עכאָד", און די שמאָלע וואסערדיקע אייגלעך לויפן בא אים ארום, ווי נאסע געיאָגטע מייזלעך. דערדאָזיקער האָט שוין איינגאנצן א קלעגלעכן אויסזעען. אין דער אומענדלעכער מענטשן־קייט, וואָס ציט זיך איבערן טראָטואר, דערקאָנט ער גיך א יעדן יידן און וועגדט זיך צו אים א ווײַנענדיקער, ווי אן אָוול, ווי ער וואָלט אף טאכריכים פאר א מעס געזאמלט. ער שפייט גע־היימניספול ארויס פון זיין שטענדיק גאווערנדיקן מויל די פאָר יידישע ווערטער, ווי ער וואָלט א סאָד, אן אומגעריכטן אומגליק, וואָס איז אלע יידן נעגייע, ארויסדערציילט:

— שענקט עפּעס אף ברויט... גאָט וועט זיך אף אייך מע־ראכעם זיין...

ער איז זייער ענלעך אף א דערשלאָגענע יידענע. הינטער זיינע פלייצעס פּאָכט שטענדיק דער שאָטן פון א די־קער, ברייט־הינטנדיקער יידענע, וואָס יאָגט אים אין קארק ארײַן:

— גיי שוין, גיי שוין אין גאס ארײַן!... שלימאַזל, א גראָשן קאָן עס ניט מאכן!

דעמדאָזיקן גיט אויך קיינער ניט. ייִדן ווארפן זיך אָן א זײַט פון פאכעד, וואָס א ייִד דערוועגט זיך בעטלען אף ייִדיש אף די מאָסקווער גאסן. קריסטן בלײַבן א ווײַלע פארגאפט און טרעטן אָפּ פלינק, און די צורעס קרימען זיך בא זיי, ווי זיי וואָלטן פון זייערע מאלבושים א מיִעסן וואָרעם געוואָלט אראָפּווארפן.

דערדאָזיקער ייִד לעבט דערפון, וואָס אלע אָוונט, ארום עלף־צוועלף שטעלט ער זיך א שטומער און מיט א פארמאכטן מויל נעבן דעם גערטנדל אף סאדאָווע־טריִומפאלנע, נעבן דעם באַרימטן גערטנדל, ווו צווישן די שיטערע ביימלעך דרייען זיך פראָסטי־טוטקעס ארום, ווי ווײַס־לײַביקע מיקראָבן. ער ווארט דאָרטן אָפּ ביז עס קומט צו גיין זײַן רייזעלע, זײַן טעכטערל די זײַדענע, זײַן אויסגעפּוצטע שאנד, וועגן וועמען ער האָט אזא פארטונקלטן באגריף, ווי וועגן גאָט, און וועמען ער שעלט אין הארצן מיט אזא שווערער קלאָלע, ווי דער האכנאָעדיקער געפיל, מיט וועלכן ער לויבט גאָט, און שטופּט אים ארײַן אין האנט א פאפירל:

— נא... און טראָג זיך אָפּ פון דאנען! שנאָרער!

דער ייִד פארקוועטשט דאָס פאפירל אין האנט און אנטלויפט פון איר מיט פאכעד אין אָפענעם מויל און שמאָלע אייגעלעך, און לויפנדיק, אויב א ייִד גייט נאָר פארבײַ, כאפט ער אים פאר דער פּאָלע אָן:

— שענקט עפּעס אף ברויט... גאָט...

אָט וואָס עס לאָזט זיך זען אין מאָסקווער דרויסן אין א הארבסטיקן נעפּלדיקן אָוונט, אין דעם קײַלעכדיקן און מעוּבּערעסן 1923 יאָר.

דידאָזיקע אלע לײַט גייען אהיים שפּעט, ערשט נאָך איינס, ווען אף די ליידיקע גאסן בלײַבן זיי שטעקן, ווי פארפוילטע וואָרצלען אין אן אויסגעהאקטן וואלד. דידאָזיקע אלע מענטשן האָט דער יונג לעווין גוט אויסגעטאפּט מיט זײַנע פארבלוטיקטע אויגן און אין מאָדנער קינדערשער צארטקײַט אן ענטפער געמאָנט בא דעם רוסישן מיידל, וואָס איז דאָ געגאנגען מיט אים אין אָרעם געשלאָסן:

— דוניא, דוניאשא... פארוואָס קאָן מען פאר זיי עפּעס ניט געפינען, אן אָנשפּאר, א שטיין ערגעץ? הא?

דער יונג האָט אין זײַנע אָדערן געטראָגן א מאָנענדיק און נײַגעריק בלוט. אין דעם פּאַק פון זײַן גרויסן און שווערן יאָך פון פינצטערן אומוויסן, וואָס ער האָט אף זײַנע פּלייצקעס גע־שלעפּט, איז אויך געווען א טראָפּן פון דער זעלטענער ייִדישער פעיִקײַט: פלוצלינג אף א רעגעלע א ליכטיקן בליק באַקומען און אַרופטאַנצן אף שווינדלדיקע הייכן און פון דאָרט אַראָפּשרײַען דעם ביטערן „פאַרוואָס?" קעדיי אין א רעגעלע אַרום פאַלן ני־דעריקער פאַרן לעצטן ווערעמל אין גראָז...

דער יונג האָט אויך אין געוואַלגער און געוואָגל דעראָבערט זיך די פעיִקײַט צו לאָזן זיך אף הפקר. דעריבער, ווען דאָס מיידל מיט די פּראַנצן איז אין יענעם אָוונט פלוצלינג אויסגעוואַקסן קעגן זיי, דעם וועג זיי פאַרשטעלט און פרעך ביידן אין די אויגן אַרײַנגעקוקט;

— א־א, יאשא!.. דו האָסט שוין געפּאַקט א רוסישע שמאַרע, א בראָך צו דיר! זי איז דאָך, ווי א האָלץ, וועסט זיך פאַרשטעכן אָן איר... שיק זי צום טײַוול אפּן עק! קום... א לעב טון... — האָט ער גלײַך באַשלאָסן:

ער וועט אוועק מיט איר... סײַ־ווי־סײַ איז עס ניט מער ווי א כאָלעם...

נאָר דאָס מיידל דוניא האָט אים אף א ווײַלע פאַרהאַלטן.

דוניא האָט די האַנט פון יאשעס אָרעם אַרויסגעריסן און מיטן קערפּער פאָרויס זיך אָנגעבויגן, ווי צום באָקס־קאַמף:

— ווער איז זי?

דער יונג האָט זיך ניט געלאָזט און א ווײַלע פאַלש א שמייכל געטון:

— א מיידעלע... מיט נאַדן... פּעטליורעס פּראַנצן... קום, — האָט דער יונג בא די מאַניקיורטע פינגער דאָס מיידל אין די זײַדענע זאָקן אָנגעכאַפּט — קום...

דוניא האָט זיי ביידן מאָדנע פריילעך אָנגעקוקט און א ווײַלע געשוויגן. דערנאָך האָט זי צווישן דעם יונג מיט דער פּראָסטי־טוטקע זיך געשטעלט, דעם יונג בא די אַקסל אָנגענומען, אומ־געדרייט אים מיטן פּאָנעם צו זיך און שטיל אים געענטפערט, ווי ער וואָלט דאָס איר פאָרגעלייגט צו גיין מיט אים:

— קום, יאשא ...

און דער יונג איז צעריבן און צעטראָטן געוואָרן פון יענעם גליוועדיקן דראנג, וואָס האָט פון דוניעס אויגן ארויסגעשײַנט. און דער יונג איז ווי א פארשעמט קינד אוועק מיט דוניען.

אין שפעטן אָוונט פון יענעם טאָג איז דוניע פלוצלינג אויסגעוואקסן און אן אנדערע אין איין ווינקעלע פון איר געמיט געװאָרן. זי האָט פלוצלינג אויסערגעוויינלעך בוילעט באנומען, וואָס זי קאָן, וואָס זי דארף, וואָס זי מוז און וואָס זי וויל טון פאר זיך און פארן יונג.

אין יענער נאכט איז דער יונג ווי בלינד געוואָרן פון די זיבן זונען, וואָס האָבן אים אין די אויגן אופגעבליצט אין דער איין און איינציקער רעגע פון באהעפטן זיך מיט דער, צו וועמענס לײַב און געמיט ער האָט זיך אזוי געצויגן און קיינמאָל ניט געריכט זיך צוצוקומען.

באגינען, ווען ער איז אופגעשטאנען די מאשין וואשן, האָט ער זיך אָן די אוועקגעגאנגענע טאָג און נאכט דערמאנט און געפונען דאָס ביסל ליכט, וואָס איז אים פון די זיבן זונען געבליבן. ער האָט איצט, איינער אליין, נעבן דער מאשין, מיטן בראנדסבאָיט אין די הענט, זײַן קורצן נאכטיקן שמועס מיט דוניען איבערגעכאזערט:

— איך ווייס ... איך ווייס, וואָס איז איצט דאָס נייטיקסטע פאר אונדז ביידן.

— וואָס ?

— אָ, דו נאריש, נאריש ייִנגל. דאָס איז זייער פּאָשעט ... כאָטש ... מיסטאמע שווידערלעך ... איך ווייס ניט ... מיסטאמע דארף מען אונדז ביידן אין איין אויוון ארײַנזעצן און ... אויסבאקן ... וועט זיך באקומען ...

מער איז קיין ווערטער ניט געוועזן. און די ווערטער, קען זײַן, זײַנען אויך ניט געוועזן. זיי האָבן בלויז ביז ווייטיק בא ביידן אין די שלייפן געקלאפט. און אָט איצט, אין פריִען הארבסטיקן באגינען, האָט דער יונג, א וואכנדיקער, די ליפּן פארשלאָסן, די אויגן פארמאכט, און בא פארמאכטע ברעמען, ווי הינטער פארשלאָסענע טירן, ווידער ארויסבאקומען און אָנגעקוקט זײַן

גליק — איר ווײַסן רײנעם קערפּער באַ אים אין די הענט, ווידער אופגענומען איר שטילן געמורמל.

— איך ווײס ... נאַריש ... פּאָשעט.., שוידערלעך ... א פּאכעד...

די זון האָט זיך נאָר באוויזן. זי האָט צום יונג אין גראַזש אַרײַנגעשײַנט און די אויגן אים אופגעריסן. דעם יונג איז א זו־מערדיקע פרייד באפאלן — א פרייד פון א זומערדיקן באגינען, ווען יעדע צעל אין דײַן גוף טאַנצט פאר פרייד, וואָס אף דיר וואַרט אַזא הויכער, לויטערער, לאַנגער, זון־געפּלאַסטערטער זו־מער־טאָג. דער יונג האָט דעריבער פלינק פון זיך די זאַכן אַראָפּ־געוואָרפן, אופגעהויבן הויך איבער זיך דעם בראַנדסבאָיט און געשמיסן זײַן נאַקעט לײַב מיטן קאַלטן און שטאַרקנדיקן שטראָם.

.4

און אָט איז שוין ווידער ווינטער. האַרבער ווינטער. די לזפּט פלאַצט פון קעלט.

אוי, ווי שווער עס איז איצט ווײַטער צו דערציילן!

ס'איז אין איינעם א וואָכעדיקן, ווינטערדיקן, שאַרף־פּראָס־טיקן שאַבעס־פאַרנאַכט אין מאָסקווע א מענטש געשטאָרבן.

אין יענעם טאָג, באגינען איז דער יונג לעווין דער ערשטער אופגעשטאַנען. אין דער בלויקײַט פון די שויבן האָט ער דעם אָנקומענדיקן טאָג געזוכט. אין דער בלייכקײַט פון זײַן יונגער בעט האָט ער זײַן העלהאָריקע און בלוי־אויגיקע דוניע איבערגע־לאָזט. מיט ניט איינגאַנצן שטײַפע טריט נאָך, פון וועלכע עס רינט נאָך דער שלאָף, ווי פון א מענטש, וואָס איז נאָר־וואָס פון טײַך אַרויס, דאָס וואַסער, איז ער אין צימער דערנעבן צו וואַנ־קען אוועק און אים געוועקט:

— שטיי אוף. וואַניושקע, שטיי אוף! די שליסל פון גראַזש ווו זײַנען?

דער יונג האָט הײַנט געדאַרפט צום צענטן מאָל שוין אליין אף זײַן מאַשין פון די גראַזש־טויערן אַרויספאָרן און ניט גע־קאָנט דערוואַרטן זיך די פינקטלעכע מינוט, און ניט געקאָנט רויִק זײַן שטיקל נאַכט דערשלאָפן, ווײַל וואָס א טאָג, אלץ שטאַרקער האָט צו זיך די מאַשין אים גערופן. דער יונג האָט

פון אלע זײַנע נעכט פּיצלעך געריסן און איז פריִער פאַר אלע־מען אַף דער ארבעט ארויסגעפּאָרן. אין די ליידיקע, נאָר־וואָס אופלעבנדיקע גאסן האָט ער מיט דער צווייטער און דריטער שנעלקײַט זיך געטראָגן און געוואשן זיך אין שארפן שנײַדנדיקן ווינט, און זײַן הארץ האָט מיטגעזונגען מיט די הייזעריקע קוילעס פון דעם צען מאָל געלאטעטן מאָטאָר.

דער יונג האָט אלעמאָל מיט א שמייכל פארענטפערט זיך פאר וואנקען און פארן מיידל פאר זײַן פריִען אופשטיין אלע טאָג, פאר זײַן מעשוגענעם ארומיאָגן זיך אַף זײַן מאשין איבער די ליידיקע גאסן. דער יונג האָט אַף זיי מיט די ציינדלעך געבליצט און מיט די אויגן געשאָסן:

— וואָס־זשע דען מיינט איר, הא? ווארט צו א ווײַלע... איך וועל נאָך פליִען אויך... הא?

וואנקע האָט געלאכט און הילכיק דעם יונג אין דער פלייצע געפּאטשט:

— א, יאשא... הינטישער עק... און ווי מיינסטו? אוי, ווי מיר באדארפן פליִערס! אָ! — און ער האָט אפּן גאָרגל אָנגעוויזן ווי ווײַט עס זײַנען איצט נייטיק פליִערס — פארמעסט זיך, יאשע, פארמעסט!

און דאָס מיידל איז אינגאנצן אין איר הויט ארײַן און הײַנט יאשען נאָכגעשריִען:

— היי, דו... סאָוועטסקער מאנדלאָ.. פארגעס נאָר ניט אין קלוב ארײַן הײַנט זעקס אזייגער... נײַנטער יאנוואר... א פאָר־טראג וועט זײַן... מיט א קינאָ... און דו האָסט דאָרטן אן ארבעט הײַנט... דעזשורנע...

דער יונג האָט געטראכט וועגן זײַן אייגן לעבן, ווי וועגן א לעבעדיקער געשיכטע, וואָס ער האלט אין לייענען און ווייסט נאָך ניט, מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן. דער יונג האָט געציילט זײַן יעדן טאָג אליין פירן די מאשין און קיין געדולד ניט גע־האט זיך אָנציילן ביז הונדערט. הײַנט איז געווען דער צענטער טאָג. נאָר איצט איז פרימאָרגן און צו זעקס פארנאכט איז נאָך ווײַט, און אין קלוב וועט ער זײַן, געוויס זײַן, ווי דען, הא? ס'איז דאָך זײַן קלוב, זײַן יאָנטעוו, זײַן פרייד, זײַן ליכטיק אופגעשטאנענע וועלט...

דער פּאָרטראַג אין קלוב האָט ניט זייער לאנג געדויערט, און געבּריט די געמיטער פון די ארבעטער־יונגען האָט ער גוט. און אז דער רעדנער האָט געענדיקט, האָט עמעצער פון די אר־בעטער־יונגען א שטײַפע האנט אופגעהויבן און א זאָג געטון:

— איך האָב א פראגע: וואָס מאכט עפּעס דער כאַוועך לענין?

די פארזאמלונג האָט זיך געעפּנט זעקס פארנאכט. דער פּאָר־טרעגער האָט געענדיקט זײַן פּאָרטראַג וועגן דעם בלוטיקן זונטיק האלב אכט, ווען דער כאוועך לענין איז שוין געווען פערציק מינוט טויט, און דער כאוועך, וואָס האָט דעם פּאָרטראַג געהאלטן האָט געענטפערט:

— דעם כאוועך לענינס געזונט בעסערט זיך... דער כאוועך לענין האָט זיך שוין באלד רעדן אויסגעלערנט...

און דערקלערט, פארוואָס דער כאוועך לענין האָט איצט באַ־דארפט פון דאָס נײַ זיך אָנהייבן לערנען רעדן.

דער פּאָרטרעגער איז אן איינזאמער מענטש געווען, און שפּעט באנאכט, ווען ער איז צו זיך אין זײַן צימער אין ראַטן־הויז געקומען, האָט פּלוצלינג דער טעלעפאָן אָנגעקלונגען און די דראָטן האָבן אין אָנגעשטרענגטן צימער איבערגעגעבן:

— זעקס מיט פופציק איז געשטאָרבן וולאדימיר איליטש...

דער כאוועך האָט, ווי אלע, לעכאטכילע גאָרניט באנומען, און אז ער האָט באנומען, האָט זיך אים שוידערלעך פארוואָלט אין יענעם קלוב לויפן, אויסזוכן יענעם ארבעטער מיט דער אופ־געהויבענער האנט און ארײַנוויינען אים אין פּאָנעם ארײַן:

— איך האָב ליגן געזאָגט, כאוועך, ליגן געזאָגט... דער כאַ־וועך לענין איז געשטאָרבן... געשטאָרבן... זעקס מיט פופציק... מיט פערציק מינוט פריער, איידער איך האָב אײַך אן ענטפער אף אײַער פראגע געגעבן וועגן כאוועך לענינס געזונט־צושטאנד, איז דער כאוועך לענין געשטאָרבן... ניטאָ מער דער כאוועך לענין...

אָבער דער קלוב איז שוין פארמאכט געווען — איז ער אוועק, דער מענטש, דער וואָס האָט איינער אליין א צימער אין דעם ראַטן־הויז פארנומען, אוועק איבער די מאָסקווער פּראָסטיק־

שנײַדנדיקע גאסן, אוועק, ווײַל דער צימער איז אים ענג גע־
וואָרן, און אַף דער גאס האָט ער זיך בא די ווענט געהאלטן —
דאָרט איז פינצטערער געוועזן — און די אויגן זײַנען בא אים
פולע געוועזן. ווי שווערע עמערס... אזוי האָט ער זיך געשלײַכט
א גאנצע נאכט איבער די מאָסקווער גאסן, הארט נעבן די ווענט,
און אין די אויערן האָט ווי אן אָנופהערלעכער ראַדיאָ געברומט:

— אללאָ! אללאָ! אללאָ! זעקס מיט פופציק איז... אללאָ!
אללאָ! אללאָ!

אַף מאָרגן איז א זונטיקדיקער פראָסטיקער טאָג אופגעשטאנען.
אין גאראזש האָט זיך דער טעלעפאָן צעקלונגען. דער יונג האָט
פון זײַן צימערל אפן צווייטן שטאָק דעם אומרויִקן קלונג דער־
הערט און אראָפּגעלאָפן אהין א דערפרייטער פונעם באהאלטענעם
געדאנק, אז ער וועט עמעצן הײַנט אַף זײַן מאשין אין
פראָסטיקן און שנייִקן פעלד פירן. אָבער ווען ער האָט גענומען
דאָס טעלעפאָן-רערל, איז זײַן פרייד דערשטאָכן געוואָרן. דאָרט
האָט א באקאנטע שטים א שרעקלעך וואָרט אַרײַנגערעדט:

דער יונג האָט פארגעסן דאָס טעלעפאָן־רערל אפן אָרט אופ־
הענגען, דעם גאראזש פארשליסן. מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי
א שרעקלעך, ביז בלוט־באליידיקטער. איז ער אין שטוב אַרײַן.
אין די קניִען האָט פלוצלינג א ווייטיק זיך צענאָגט, און די פינ־
גער האָבן בא אים געציטערט. מיט פארגלאָזטע אויגן איז ער
אנטקעגן זײַנע נאָענטע געבליבן שטיין.

— לענין איז געשטאָרבן... די מאשינעס פאָדערט מען
ארויס...

און זיך דערמאָנט:

— און דערדאָזיקער... דער נעכטיקער רעדנער... אזא ליגן...

זײַנע נאָענטע זײַנען פון זייערע ערטער אופגעשפרונגען און
געבליבן שטיין. זיי האָט זיך געדוכט, אז זייער בלוט איז אין
בלײַ פארוואנדלט געוואָרן און זיי זײַנען געליימט געוואָרן. דער־
נאָך זײַנען זיי אלע דרײַ פון די טרעפּ אראָפּגעלאָפן, ווי אונטן
וואָלט אַף זיי עמעצער א שאָליִעך געוואַרט, וועמען מע דארף
אן ענטפער אַף דער שוידלעכער יעדיִע געבן. נאָר אונטן האָט,
פארשטייט זיך, קיינער ניט געוואַרט אַף זיי, און דאָס מיידל האָט

מיט פארגלעזערטע אויגן די צוויי יונגען נאָכגעקוקט, ווי זיי ווערן אין שניי־שטויב מיט זייערע מאשינעס פאר־שווונדן. זי איז א פּאָר טריט נאָך זיי נאָכגעלאָפן. זי האָט גע־וואָלט נאָכאמאָל זיי אין די פּענימער אריינקוקן, אָבער די יונגען זיינען גיך פון אויג ניט געוואָרן. איז דאָס מיידל צו זיך אין צימערל אוועק און ווי א בלינדע איר אָרט דאָרט געזוכט און ניט געקאָנט געפינען.

דערנאָך זיינען אָנגעקומען זיבן טעג מיט זיבן נעכט.

די זיבן טעג האָבן מיט טרויער געטריפט, ווי אן אופגעשני־טענע וווּנד מיט אייטער, און די זיבן נעכט האָבן מיט שייטערן צעלייגטע אף די גאסן און פלעצער געוואַרט און געוואכט, די טעג זאָלן אָנקומען און זיי פארבייטן.

דער יונג איז אלע זיבן פארנאכטן, נאָך דער ארבעט, צו גאסט צו לענינען געגאנגען. ער האָט ווי א סאָלדאט אין דער ריי זיך געשטעלט און פאמעלעך זיך געדרוקט ארוף, אלץ נעענ־טער, אלץ העכער צו יענעם באלעמער, ווו לענין איז געלעגן. בא דער טיר אין זאל אריין, דאָרט ווו דער באלעמער איז גע־שטאנען און לענין איז געלעגן, האָט ער זיך אף איין רע־געלע פארהאלטן און ווידער אמאָל מיט אופגעריסענע אייג־לעך באקוקט דעם פּאָרכטיק־צוגעקליבענעם זאל און דעם מעס, וואָס איז געווען אין א פּראָסטן רויטארמייישן כאקי־רעקל אָנגעטון.

אזוי איז דער יונג געגאנגען צו גאסט צו לענינען זיבן מאָל דורכאנאנד. דער יונג האָט זיך אין יענע ווינטערדיקע פארנאכטן מיט לענינען כאווריש דערנעענטערט. ער האָט אף אים געקוקט און אין געדאנק מיט אים געשפּרעכן געפירט. אים האָט זיך גע־דוכט, אז אף זיינע געשטעלטע פראגן באקומט ער פון לענינען קלאָרע ענטפערס, און ער האָט אים דעריבער נייע פראגן גע־שטעלט און נייע ענטפערס באקומען, און זיין טרויער איז אים פּלוצלינג אין א פרייד פארוואנדלט געוואָרן, אין א פרייד דער־פון, וואָס ער האָט זיך אומגעריכט געפונען אזא גוטן און קלוגן כאווער אף זיין גאנצן הייסן לעבן. דער פלאקער פון די שיי־טערס האָט אים שוין איצט זיינע שווארצאפּלען ניט געשטאָכן,

די צוגעשטיקטע קלאַנגען פונעם טרויער־מארש האָבן בא אים מוט געוועקט, און דער איינגעהאַלטענער אָטעם־צוג פון דער ריזיקער מענטשן־מאַסע, וואָס האָט זיך אין א קייט אַפּן פּלאַץ געשלענגלט, האָט זיין געמיט געוואַרעמט און געמונטערט, און דעריבער איז ער אין איינעם פון די זיבן טעג צו וואַנקען צוגע־שטאַנען:

— וואַניא, ווי־זשע וועלן מיר עפּעס באַלייטן דעם כּאַוואַר לענין?

וואַניע האָט געזוכט דעם פּאַסיקן ענטפער און ניט געפונען. זיי האָבן געקוקט איינע אויף די אַנדערע און דעם יונג האָט זיך אויף א מינוט אפילו אויסגעוויזן, אַז וואַניע איז בייז אויף אים פאַר דערדאָזיקער פראַגע, צו וועלכער ער איז לאַכלוטן ניט צוגעגרייט געוועזן. נאָר דער יונג האָט איצט דערויף קיין אַכט ניט געלייגט. ער האָט מיט א שטילן פּאַך פון זיין געמיט וואַניעס בייזקייט פון זיך אָפּגעטריבן, ווי מע טרייבט מיט דער האַנט א פליג אָפּ. עס האָט אים די יונגע פלינקייט פון זיין יאָג־אָטעם באַהערשט, און ער איז צו וואַניען צוגעפאַלן:

— וואַניא... ווייסט... מע דאַרף... מע דאַרף... מיט די מאַ־שינעס אים באַלייטן... אין א קאָלאָנע זיי אויסשטעלן... איבערן רויטן פּלאַץ מיט זיי זיך אַדורכפאָרן... און הודזשען... און הודזשען...

און אין דער באַשטימטער שאָ איז אַזוי געוועזן.

ווען מע האָט זיך געגרייט לעניִנס קערפּער אין קייוואַר אַראָפּלאָזן, א פּאָר מינוט פאַר די באַשטימטע טויטע פינף מי־נוט, ווען די באַוועגונג איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פון לעבן, ווי די ענערגיע ווערט אויסגעשלאָסן פון א מאַשין — פאַר יענע פינף מינוט האָט זיך צווישן אַלע פּראָצעסיעס נאָך איין פּראָצעסיע צום רויטן פּלאַץ געצויגן: הונדערט לאַסט־מאַשינעס, צו צווייי אין א ריי, האָבן פּאַמעלעך געפּויזעט און פאַרשטיקט געברומט מיט זייערע עלעקטרישע פייפלעך.

אין דעמדאָזיקן געשריי אין דער פראָסטיקער און טרוקענער פאַרנאַכט־לופט האָט זיך דער יונג צום ערשטן מאָל דערזען ווי א מענטש, ווי א באַצווינגער, ווי א באַשעפער, וואָס פירט א

טשערעדע זשומענדיקע און יאָמערנדיקע מאשינעס נאָך לענינס לעוואיע. ער האָט צוזאמען מיט זיי אין דער שטיל פאר זיך שטומערהייט געיאָמערט. ער איז אף זײַן מאשין געזעסן אין דער ערשטער שורע און זײַן גראָבער פינגער פון דער לינקער האנט האָט זיך צוגעקלעפּט צום קנעפּל פון דעם עלעקטרישן פײַפל. זײַן רעכטע האנט איז געלעגן אפן רודער. אזוי איז ער געזעסן אף זײַן מאשין, וואָס איז בארג־ארוף, צום רויטן פּלאץ, נאָך לענינס לעוואיע געקראָכן, — ער, דער יונג לעווין.

מאָסקווע. אָקטיאבער — נאָיאבער 1926.

# טויט-אורטייל

.1

די טפיסע איז געווען אן אלטע — א יערושע פון די צארישע צײַטן — די טיר אין דער איינצל־קאמער אריַין איז געווען א ני־דעריקע און א שמאָלע, ווי א פארוואָרפענע טיר אין א הייל אריַין, אָבער מיט א פעסטן ריגל, מיט א קליינעם קוואדראט־פענצ־טערל אין קאָרידאָר אריַין. און דער געוועזענער קאָמוניסט טיץ איז געווען ברייטביינערדיק און הויך און האָט דעם קאָפּ זײַנעם, — פון אייגענער שווערקייט, — עטוואָס געבויגן אראָפּ געטראָגן:

דער געוועזענער קאָמוניסט טיץ איז איצט, פּלוצלינג, א קליי־נע ווײַלע בא דער קאמער טיר געבליבן שטיין, דער פארדומפּטער קרעכץ פון שליסל־דריי האָט ווי א א פארזשאווערטער טשוואָק זײַן לײַב א ראַץ געטון, און די אָפענע טיר האָט ווי א לאכנדיק מויל צו זיך אין שווארצן שלונג אריַין דעם מענטשן געלאדן.

טיץ האָט זיך אָפּגעשטעלט, צו די קלעפּ פון זײַן אייגן הארץ זיך אָנגעהויבן צוהערן, צום שטילן, נײַ־געבוירענעם שמייכל אף די ליפּן אין געדאנק זיך צוגעקוקט, און געשפּילט זיך דערמיט, — דאָס איינציקע, וואָס איז אים איצט פארבליבן, ווי מיט א צארט בלימל אפן פראָסט:

— וואָס זשע איז אזוינס געשעען, וואָס סע איז אים פּלוצ־לינג אזוי לײַכט אפן הארצן געוואָרן? א... יאָ... דעם געריכט־פּאָרזיצערס פראגע... א פראגע פון א פרוי...

דער טפיסע־וועכטער איז אין זײַנע היימישע טפיסע־מאלבושים אָן דער זײַט געשטאנען, און די טיר איז געווען אָפן. דער מענטש, וואָס האָט אָט שוין דעם זעקסטן מעסלעס די טעג אין געריכט־

זאל פארבראכט און איז אלע פארנאכט צוריק אַהער, ווי א גע־פאקטער הונט, אין א שווארצער קארעטע געבראכט געוואָרן, אהער אין דער טפיסע אריַין, ווי אהיים נאָך דער ארבעט, אף נאכטלעגער, — דערדאָזיקער מענטש האָט זיך היַינט פלוצלינג אף א רעגעלע אף דער שוועל פון דער קאמער פארהאלטן, ווי פון היַינט אָן וואָלט עס אין זיַין רעשוס געווען — אריַין אָדער ניט אריַין אין דערדאָזיקער קאמער, האָבן נאכטלעגער דאָ, אָדער גיין זוכן זיך א ליכטיקערע און ווארעמערע היים...

דער געוועזענער קאָמוניסט טיך האָט דעריבער זיַין ניַי־געפר־נענעם שמייכל פון די טיפעניש פון זיַין פארבאָרגן און גערירט הארץ (א צארטער עפל אונטערן בוים אין הארבסטיקע רעגנס) אף די ליפן אין א שוואכן אָפשיַין ארויסגעבראכט און די שוועל פון דער קאמער באטראָטן, אין מיטן קאמער אריַין, מיטן פּאָנעם צו דער טיר און צום מעווולוועלן וועכטער זיך אויסגעדרייט, קינדערש און פארלעגן צו אים געשמייכלט:

— אף וואָס זשע וואַרטסטו? פארשליס...

דער וועכטער האָט פאריגלט, און דער געוועזענער קאָמוניסט טיך איז אליין געבליבן מיט זיך. האָט ער העלער זיַין שמייכל אף די שמאָלע פּיאָלעטעווע ליפּן צעוויקלט און געצאצקעט זיך מיט אים. אים האָט זיך געדוכט, אז דערדאָזיקער שמייכל זיַינער שיַינט, ווי דער שוואכער אָפשיַין פון אן אונטערגייענדיקער זון. טיך האָט צום נידעריקן באלקן זיַין קאָפּ אופגעהויבן, צום שווארצן דיל זיַינע אויגן אראָפּגעלאָזט, אין הויכן קליינעם פענצטערל זיַין בליק פארוואָרפן — אומעטום האָט שווערער געדיכטער הארבסט־אָוונט זיך געקוילערט און געזעצט.

ס׳איז געווים זייער וויכטיק צו וויסן, פאר וואָסער פארברעכן דער מענטש טיך, וואָס איז פריִער א קאָמוניסט געווען, ווערט איצט געמישפּעט. דעם קאָמוניסט טיך האָט א סאָוועטישער גע־ריכט געמישפּעט, און די פּאָרזיצערן פון דעמדאָזיקן געריכט איז א יונגע פרוי געווען. די פרוי האָט געהאט רויִקע און ווייכע גע־זיכט־שטריכן, דאָס לעדערנע רעקל האָט איר צום פּאָנעם גוט גע־קליידט און האָט קיין האָר פון איר ליבער וויַיבלעכקיַיט ניט גע־מינערט. זי האָט מיט גרויס געדולד די פארפלאָנטערטע טריט פון

טיצס פיס פאנאנדערגענומען. פון די שלאכטן אונטער פערעקאָפּ ביז דעם שאָס אין א פארוואָרפן געסל נעבן דעם פּלאַץ פון דער קאזאנער גאָטס מאמע. אירע פראגן זײַנען קאלטע געווען, און די גרויסע טונקל־גרינע אויגן אירע האָבן הייס געברענט. זי האָט אָן א מינדסטן צימער אין דער שטים געפרעגט בא טיצן:

— ווי־זשע קומט עס, וואָס א קאָמוניסט, א העלד פון דער רויטער פאָן, מיט זיבן שניטן פון ווײַסגוואַרדייישע שווערדן אפן לײַב, האָט איצט, אין אזא פרידלעכן און שווערן מאָמענט, אזוי אף טויט פארגעסן, פארוואָס ער האָט דעם קאָפּ אין פײַער גע־טראָגן און איז באגאנגען אזא מין שוידערלעך־נארישן פארברעכן געשאָסן עפּעס אין א פרוי דאָרטן, וואָס ווער זי זאָל ניט זײַן, האָט ער קיין שום רעכט ניט געהאט צו טויטן זי? קען עס עפּ־שער דער באשולדיקטער דערקלערן? דעם געריכט אינטערעסירט דידאָזיקע פראגע.

געוויס איז זייער וויכטיק צו וויסן, ווי אזוי איז געשעען דאָס, פארוואָס טיץ ווערט איצט געמישפּעט. אָבער אין דער מינוט, אין דער לויטערער פײַערלעכקײַט פון דער געריכט־פּראָצעדור, איצט, באטאָג, ווען די הארבסטיקע זון שײַנט מיט אזא שטילן אומקום־אומעט אין די גרויסע פּריצישע פענצטער ארײַן,—אמאָל זײַנען אף די פענצטער שווערע פאָרהאנגען געהאנגען, איצט זײַ־נען זיי אָפן, ווײַל אין די זאלן איז א סאָוועטישער געריכט— איצט, ווען דידאָזיקע ליבע פרוי אין לעדערנעם רעקל, אין הויכן געריכט־שטול, די פרוי מיט די דינע שווארצע ברעמען, ווי שטאָ־לענע בויגנס איבער די גרויסע טונקל־גרינע אויגן, איצט, ווען דידאָזיקע אויגן קוקן אזוי געדולדיק אף טיצן און ווארטן אף זײַן ענטפער,—איצט האָבן זיך פארן מענטשן טיץ די פאָרהאנגען פון לעבן אופגעהויבן, און ער האָט דערזעען דאָס, וואָס עס איז פריִער פאר אים פארהוילן געווען, און ער האָט דערזעען אזוינס, וואָס וואָלט אים געקאָנט, איידער דערדאָזיקער טאט איז געשעען, פאר־היטן און א גאנצן לאָזן, און וואָס ער האָט פארזאמט, ווײַל ער האָט עס פריִער ניט באמערקט, ווי א מענטש באמערקט ניט אפן שלאכ־פעלד די קויל, וואָס טראָגט זיך צו אים אין הארצן ארײַן. ער האָט מיטאמאָל אומבאגרײַפלעך בוילעט דערזעען, אז געשאָסן האָט

ער אין עפּעס אַ צופעליקער פרוי, וואָס האָט זיך צופעליק אים אין וועג געשטעלט, און געטראָפן האָט די קויל—אים. און דערפון, וואָס די פראגע פון דער פרוי אין דעם הויכן ריכטער־שטול האָט אים צו אזא דײַטלעכן ענטפער געבראכט, און אויך דערפון, וואָס דערדאָזיקער ענטפער האָט די פארזאמטקײַט מיט אזא פעטן שווארצן שטריך אונטערגעשטראָכן, אז איצטער איז שוין דעם טאט ניט געווען צוריק צו כאפּן, ווי מע קאָן ניט צוריקכאפּן דאָס לעבן און ווידער אײַנפלאנצן עס אין א דורכגעלעכערט הארץ— דערפון איז דעם געוועזענעם קאָמוניסט טיץ מיטאמאָל אומגעווייני־לעך לײַכט געוואָרן, און ער האָט מיט א ווירקלעך קינדערשן שמייכל געענטפערט:

— איך ווייס ניט... איך מיין... איך האָב אין זיך געשאָסן... כאָטש, געוויס—ניט אין זיך האָב איך געצילט... נאָר ביכלאל... אף וויפל עס האנדלט זיך וועגן מיר... ניט צוריק צו כאפּן... און זיי־טיקע סיבעס? איך בין ארומגעגאנגען אין נעפּ, ווי א נאקעטער אף א באל... נו, און זי האָט ניט געוואָלט ארומגיין א נאקעטע... איבעריקנס... ס'איז פריִער געווען שפּעט און איצט אוואדע... איך האָב געוואָלט מיט א קויל א פונקט שטעלן צו דער גאנצער גע־שיכטע... אומגעפער אזוי...

ער האָט געשמייכלט. זײַן שמייכל האָט וווּנדערלעך אפן גלאנ־ציקן לעדער פון דער ריכטערנס רעקל אָפּגעשײַנט, און ווי אזוי דער שאָס איז געשען, איז מיטאמאָל געוואָרן ניט וויכטיק אין מינדערוועריטיק. די פאָרזיצערן האָט די אויגן אפן טיש אראָפּגע־לאָזט און אין באשולדיקונג־אקט ארײַנגעקוקט, און דערנאָך ווי־דער אף אים די אויגן אופגעהויבן און געפרעגט:

— און מער האָט איר גאָרניט וואָס צוצוגעבן?

ער האָט פון איר די גאנצע צײַט זײַן בליק ניט ארונטערגע־נומען, און איצט האָט ער מיטן זעלבן רויִקן שמייכל געענטפערט:

— מער? ניין... דאכט זיך אלץ...

בא דער פאָרזיצערן האָט צום ערשטן מאָל אין איר יונגער געריכט־פּראקטיק דאָס הארץ אופגעציטערט מיט אן אינעווייניקסטן ציטער פון דער מאָדנער באציִונג בא א מענטשן צו זײַן אייגע־נעם גורל און פון זײַן מאָדנעם שמייכל, וואָס האָט איר געדולד

געהיט, ווי עס היט א דערוואקסענער די וואקלדיקע טריט פון א יאָריק קינד. עס איז איר שווער געוואָרן, און זי האָט אן איבער־רײַס געמאָלדן. דעם באשולדיקטן האָט מען אין דער טפיסע אוועק־געפירט, און ער האָט זיך אף דעם שוועל פון זײַן איינצל־קאמער אף א רעגעלע פארהאלטן, ווי אין זײַן רעשוס וואָלט דאָס געווען—גיין אהין אף נאכטלעגער, אָדער זוכן זיך א ליכטיקערע און פריילעכערע היים.

נאָר דערמיט האָט זיך דער זעקסטער טאָג פון טיצס פראָצעס ניט געענדיקט.

עס האָט פאסירט אָט וואָס:

א מענטש, וואָס האָט געהאט א ליכטיקן און פריילעכן צימער אין א ראט־הויז, א כאווערטע מיטן נאָמען מארטע, טאקע די פּאָרזיצערן פון דעם געריכט, וואָס האָט טיצן געמישפּעט, איז אין שפּעטן אָוונט אוועק צו דער טפיסע, ווו דער מערדער טיץ איז געזעסן פארשפּארט. אף דעם שוועל פון טיצס איינצל־קאמער האָט אויך די ריכטערן אף א רעגעלע זיך פארהאלטן און אפילע א טראָפּעלע זיך פארשעמט פאר זיך אליין מיט איר טאט. אָבער גיך האָט זי די כארפּע אירע אָפּגעווישט, דעם שוועל פון טיצס קאמער באטראָטן און קימאט רויק אים דערקלערט:

— ניט געריכט זיך אף אזא גאסט?.. איך וועל אײַך ניט שטערן?.. (און ווידער אריבער די אויערן רויט געוואָרן פאר בושע און זיך אליין אין געדאנק איבערגעקרימט: „איך וועל אײַך ניט שטערן”). עס האָט זיך מיר פארוואָלט פּאָשעט, כאוועריש פארברענגען מיט אײַך א פּאָר שאָ... (ס'ארא אכזער דער אייגענער געדאנק איז! אָט קרימט ער ווידער איבער און פאסעוועט דאָס הארץ מיט כויזעק: „פארוואָלט”... „און מער האָט זיך דיר גאָרנישט ניט פארוואָלט?.. „כאוועריש” וועט זי מיט אים א פּאָר שאָ פארברענגען... „א פּאָר עמעסע כאוויירים—דער שויכעט מיטן אָקס”... נאָר אויך דאָס איז שנעל פארברענט געוואָרן אין געדאנק, און צו טיצן האָט זי גאָר גע־זאָגט:) איר האָט עפּעס קעגן דעם?

זי איז אין איר פּאָשעטן געלן לעדערנעם רעקל מיט דער פּלייצע צו דער טיר געשטאנען. די טיר הינטער איר פּלייצע האָט

מיט איר געוויינלעכן שליסל־קרעכץ א ברום געטון און איז שטיל געבליבן. איצט זײַנען זיי ביידע הינטער דער פֿאַריגלטער טיר געווען, און איר איז דערפון עטוואָס גרינגער געוואָרן, זי האָט זיך שוין איצט קימאט אינגאנצן צוריק געוווּנען און באַרויִקט. זי האָט אים שטיל פאַרטרויט, קימאט ווי שולדיק געמאָלדן:

— איר פאַרשטייט געוויס אליין... ס׳איז אן אומדערהערטער פאל — פאַרשליסן זיך מיטן באַשולדיקטן אין זײַן איינצל־קאמער...

טײַך איז אין צווייטן ווינקל קאמער געשטאנען. דאָרט איז טונקל געווען. די בלאסקײַט פון זײַן פּאָנעם האָט זיך פון דאָרטן געבלייכט און אויסגעזעען, ווי א פּאָנעם, וואָס קוקט באנאכט אין שויב אַרײַן. נאָר זײַן שמייכל איז פון זײַן פּאָנעם ניט פאַרשוווּנדן. זײַן שמייכל האָט זיך געצאפּלט ווי א טראָפּן, ווי א טרער, וואָס הענגט אף א הערעלע פון א ברעם א רעגעלע פאַרן אָפּרײַסן זיך. דער האלדז זײַנער האָט פון צעשפּילעטן העמדל אַרויסגעקוקט א ווײַסער, נאקעטער און שטומער. ער האָט גאָרנישט ניט באַנומען און אין דער ערשטער רעגע באַוויזן בלויז צו פרעגן:

— וואָס פאַרלאנגט איר?

דערנאָך האָט ער זיך געכאפּט, א פּאָר טריט צו דער טיר געשטעלט און דאָס בענקל, וואָס איז געווען צו דער וואַנט צוגעשמידט, מיט ביידע הענט אָנגעכאפּט און געוואָלט אונטערטראָגן עס דער פרוי, בעטן זי זיצן. ער האָט זיך אָבער גלײַך דערמאָנט, אז עס איז צו דער וואַנט צוגעשמידט. איז ער געבליבן שטיין א ווײַלע אין אָט דער מאָדנער פּאָזע מיט די אויסגעצויגענע הענט צום בענקל און געשמייכלט:

— זעצט זיך...

מאַרטע האָט געקוקט אף אים מיטן פולן בליק פון אירע גרויסע אויגן און מיט אן אָפּשײַן פון זײַן שמייכל צו אים געשמייכלט.

— גוט... א דאנק...

דערנאָך האָט זי מיט א געלאסענער באַוועגונג דאָס געלע לעדערנע הימל פון קאָפּ אראָפּגענומען. זי האָט געהאט געדיכטע, רויִקע, שוואַרצע האָר, געשוירענע און גלאט פאַרקעמטע, מיט א

גלײַכן שייטל אפּן מיטן קאָפּ. זי האָט געהאט גרויסע טונקל־גרינע אויגן, מיטל־פולע און קלוגע ליפּן, א גלײַכע און ווײַסע נאָז, און דאָס פּאָנעם האָט זיך בא איר אביסל געדרויטלט און גע־בלייכט. איצט האָט עס שוין ווירקלעך אויסגעזען, ווי זי וואָלט צו אים צו גאסט געקומען, און איר איז, ווי יעדן גאסט, א טראָ־פּעלע דערווידער געווען פון זײַנע קלאָפּאָטענישן ארום איר. בא איר האָט זיך אפילע דאָס הארץ א באוועג געטון, און זי האָט אים אויך געלאַדן:

— ניין... לאָמיר זיך ביידע זעצן... אָט דאָ... אף דער נארע... אָדער... ווי איר ווילט...

נאָר בא טיצן האָט זיך פּלוצלינג דער קאָפּ צעשווינדלט. זײַן קאָפּ איז אים עפּעס לײַכט געוואָרן און געוואקלט זיך, ווי א שי־קערער, זײַנע פיס האָבן אין די קניִען זיך אונטערגעבראָכן—ער האָט ניט געוואָלט פאלן און דעריבער די הענט צו איר אויסגע־צויגן און איז דאָך מיט בלינד־געוואָרענע אויגן אנידערגעפאלן אף איר לעדערנעם רעקל.

זי האָט ווייך זײַן האנט גענומען. ער האָט די אויגן געעפנט און דערזעען זײַן ריכטערן אנטקעגן זיך. דאָס האָט אים איבע־ראשט, ווי ער וואָלט זי ערשט איצט רעכט דערקאָנט, אָבער דאָס גופע האָט אים אויך אביסל באַרויִקט. ער האָט זײַן האנט פון אירע הענט ניט ארויסגענומען. זי האָט ווייך און לאנג־זאם זײַן האנט געגלעט. עס האָט אים א טראָפּעלע געעקלט דערפון, אָבער ער האָט זיך אײַנגעהאלטן און געשוויגן. זײַן געמיט איז שוין ווידער אין די ברעגעס ארײַן און ער האָט שטיל גע־שמייכלט.

ער האָט צו איר ווייך גערעדט:

— איך באנעם ניט זייער גוט, וואָס קומט דאָ פאָר... אין די צארישע טורמעס זײַנען אזעלכע פאלן געווען... אָבער... קיין פרויען זײַנען קיינמאָל אהין ניט געקומען צו מיר. זשאנדארן — יאָ... און... איך האָב שטענדיק פאָרויס געוווּסט, וואָס זיי וועלן פארלאנגען פון מיר... אָבער איר ?..

זי האָט זײַן האנט פון אירע הענט ניט ארויסגעלאָזט, און גע־רעדט האָט זי, ווי זי וואָלט פאר א געריכט געשטאנען:

— ווי זאָל איך עס אײַך דערקלערן... מאָרגן, קאָן זײַן, וועל איך אײַך... ניין, דערציילט בעסער עפּעס... פון אײַער לעבן... פון די קינדער־יאָרן...

ער האָט זײַן האַנט פון אירע הענט ארויסגענומען. ער האָט זיך אַנטקעגן איר אפן טישל אנידערגעזעצט, געקוקט איר אין די אויגן אַרײַן און געטראַכט פאר זיך:

— עפשער איז עס א שפּעלטעלע, א שפּארונקעלע צוריק צום לעבן ?..

נאָר דאָס שפּארונקעלע איז געווען אזוי שמאָל, ווי דער שארף פון א גאָלמעסער, און ס'האָט אים ווידער א שמייכל אָנגענומען פון דעם נארישן קינדערשן כאָלעם זײַנעם, אז זי, די ריכטערן, קאָן זײַן, האָט אים אין אירע הויפּנס א נײַ לעבן געבראַכט. ניין! ניט אומצוקערן זיך צוריק צו דער זון, — ס'טריקנט אויס דאָס בלוט אין האַרץ, און די אָדערן ווערן מיט נאכט און טויט אָנגע־שטאָפּט.

אָט ליגט די נאכט אין דער טפּיסע־קאַמער און טריפט מיט שווערן שווײַגן און מיט טונקעלן פלעמל פון קאַמער־לעמפּל. דאָס לעמפּל באַלײַכט דער ריכטערנס פּאָנעם און ווארפט א שטילן געלן שײַן אף דער טיר, ווי עס וואָלט זיך מיט אים געררייצט: א טיר איז פאראַן — און ארויסגיין קאָנסטו ניט... וואָס נאָך האָט ער צו טון אויסער זיצן אפן טישל און קוקן דער ריכטערן אין די אויגן אַרײַן און צוהערן זיך צו דער אומדערטרעגלעכער אנגסט, וואָס זויגט זײַן האַרץ ווי א קאַלב דעם אײַטער? נו, געוויס... דאָ, פון דער נאָענט, איז זי מילד און ליב, די ריכטערן. זי טראָגט אף איר שיינעם פּאָנעם מאָדנע נאָענטע, אינטים־באַקאַנטע רויִקע שטריכן. ווו האָט ער זי געזען? זאָל ער עס בא איר פרעגן? אָבער זי איצט באַדײַטנדיקער, גרעסער, מער, וויכטיקער פאר אים, און ער מוז זיצן אנטקעגן איר ווי א קאַליקע, וועמענס געזונט און לעבן עס איז אף אייביק ערגעץ אין א בראָך פארשפּילט גע־וואָרן, ווי א קאַליקע, מיט וועמען זי וועט קיינמאָל ניט וועלן גיין האַנט אין האַנט, און געקומען אהער איז זי אויך נאָר אף איזדיעקעווען זיך איבער אים, דעם מאַכטלאָזן, דעם אומגעקומע־נעם... דעריבער, אף צו שטילן די קינע, וואָס א יעדער קאַליקע

טראָגט אין הארצן צו א געזונטן מענטשן, האָט זיך אים פּלוצלינג שוידערלעך פארוואָלט אויסנוצן די מינוט, די זעלטענע רעגע, אויסזויגן פון איר פּאָנעם דעם ליכטיקן שײַן, אויסטרינקען פון אירע אויגן דעם רויִקן בליק, ווארפן זי אין פיבער, לאָזן פּײַניקן איר הארץ, צעטרעטן זי, צערײַבן, באשמוצן, פארפלעקן...

אלע זײַנע כושים זײַנען געווען אויסערסט פארשארפט און אָנגעשפּיצט צו זיך און צו דעם ארומיקן, ווי בא א פארמישפּעטן שוין צום טויט, כאָטש קיין טויט־אורטייל איז נאָך פאר אים ניט גרייט געווען. ער האָט אָבער אויך באזעסן די ווונדערלעכע פעיִקײַט פון מאָמענטאלן פארגעסן דאָס, וואָס איז געווען מיט א ווײַלע פריִער, דאָס, וואָס קאָן קומען מיט א רעגע שפּעטער. ער איז געווען אינגאנצן פארכלינעט אין די כוואליעס פון זײַן ברויזנדיקן איצט, און דער „איצט" האָט געדויערט א מילירעגע. ס'איז שווער געווען מיט אים צו ריידן, און ס'איז ניט געווען מיט אים וואָס צו טון. דערפון איז שווער געוואָרן אויך דער ריכטערן, און זי האָט געזוכט איר וועג צוריק צו זיך אין צימער אין ראטן־הויז. נאָר אף דעם שוועל, ווען זי האָט געוואָלט דעם וועכטער ארויסרופן, האָט זי זיך פּלוצלינג דערמאנט צוויי זאכן מיטאמאָל: זי האָט זיך דערמאָנט, אז קינדווײַז, ווען איר פאָטער האָט זי פאר עפּעס א שטיפערײַ באשטראָפט מיט שטיין אין דער קונע דרײַ מינוט, איז זי אירע דרײַ מינוט אָפּגעשטאנען און דערנאָך אין הויף ארויסגעלאָפן, געכאפּט דעם שאָכנס שווארצן כאזער פאר די אויערן, געזעצט זיך אף אים רײַטנדיק און א צענדליק קרײַזן זיך דורכגעטראָגן איבערן הויף אף אים. זי האָט דאן געזונגען דאָס לידל, וואָס זי האָט אליין אין יענער מינוט פארפאסט:

כאזער, כאזער־אויער,
ס'איז מיר זייער זויער,
גיב מײַן הארץ א לעק
און זאָל עס נעמען אן עק!

און נאָך האָט זי זיך דערמאָנט:

זי איז געלאָפן א באָרוועסע איבערן וועג, און אין געלאף, אונטער א פוס האָט זי דערפילט עפּעס א פּײַכטס, ווארעמס און גליטשיקס. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעבויגן, א קוק געטון:

א ווערעמל האָט זיך געקאָרטשעט און געדרייט. דאָס ווערעמ האָט געהאַט א ראָזעווע בײַכל, נאָר אונטערן ווערעמל איז א שארף שפּענדעלע געלעגן. זי האָט מיט דעם פוס אפּן ווערעמל אין שטיפערישן געלאָף אָנגעטראָטן, דאָס ווערעמל האָט זיך אָן שארפן שפּענדעלע אף צוויי העלפן איבערגעשניטן, און יעדע העלפט האָט זיך באזונדער געקאָרטשעט און געקראַמפּט אין טויט־אנגסט. פון די ביידע דערינערונגען איז איר מיטאמאָל אי אומע־טיק, אי פריילעך געוואָרן, און זי האָט זיך פון דעם שוועל צוריק צו אים אומגעקערט און אומיטלבאר, ווי א קינד, צו אים זיך א וואָרף געטון און געבעטן:

— נו, דערציילט עפּעס... פון די קינדער־יאָרן... איר ווילט... וועל איך פריִער דערציילן... ווי איך בין אף צעלאָכעס דעם טאטן אף א כאזער רײַטנדיק געפאָרן...

אָ, דאָס איז געווען געגנוג פאר אים. ווידער האָבן זיך די פּאָר־האנגען פאר אים פאנאנדערגערוקט, און ער האָט דאָרט עפּעס דערזען. ווײַזט אויס, ער האָט דאָרט עפּעס פריידיקס דערזען, מאכמעס זײַן פּאָנעם האָט אופגעשײַנט, און ער האָט זי אפילע פאר די הענט אָנגעכאפּט:

— פון די קינדער־יאָרן? פון לאדריטשן? ס׳איז א נאָמען פון א שטעטל...

ער האָט אירע ביידע הענט צונויפגעלייגט מיט די דלאָניעס איינע צו די אנדערע און אף זײַן קאָפּ זיי אופגעהויבן.

— ווי רופט מען דיך? — האָט ער בא איר שטיל אף ייִדיש געפרעגט.

— מארטע.

— מארטע, — האָט ער איבערגעכאזערט און אף א ווײַלע שטיל געבליבן.

ער האָט מיט אירע הענט געוואָלט עפּעס טון און זיך אָפּגע־האלטן דערפון. דערנאָך האָט ער שטיל אָנגעהויבן:

— לאדריטשן!.. דערדאָזיקער ייִשעוו עקזיסטירט שוין איצט ניט... די מילכאָמע האָט אים ארונטערגעשניטן, ווי מיט א גאָל־מעסער... אָבער אמאָל האָט ער עקזיסטירט... אין פינפטן יאָר... דאָרט האָט געלעבט אן אויסגעדארטע ייִדענע — גוטע די מעשוגענע...

מיט זין און מיט טעכטער... פופצניאָריקע... פערצניאָריקע... גרעסערע און קלענערע... — טיך איז מונטערער געוואָרן, און מאַר־טע האָט אים אין מויל אַרײַן געקוקט און געקליבן די נאָענטע, אָבער שווערע שוין ייִדישע ווערטער, — זיי אַלע פֿלעגן זיך אַלע טאָג אַרום טיש אַרומזעצן און אַ סודע פּראַווען: קאַרטאָפֿלעס אין מונדירן... אין מיטן טיש אין אַ ליימענעם שערבל — ליאַק, פּעטער און געזאַלצענער הערינג־ראָסל מיט גרינע שופּן... מע שטעכט אָן די קאַרטאָפֿלעס אױף פֿאַרשניצטע ריטעלעך, און מע טונקט זיי אין ליאַק אַרײַן און מע עסט... געשמאַק!..

ער האָט אירע הענט אַרויסגעלאָזט, איבער דער קאַמער אַוועק, דעם קאָפּ אין די דלאָניעס באַהאַלטן און אויסגעשריִען:

— דידאָזיקע ייִדענע לעבט דאָך נאָך!.. זי וועט מיך איבער־לעבן... אין ריאַזאַן איז זי... זי איז געזונט... גוטע די מעשוגענע... יאָרן — זומער אין זומער — פֿלעגט זי פֿון זינען אַראָפּ און מיט אַ פּאַריסן קליידל איבערן קאָפּ פֿלעגט זי איבער די שטעטלדיקע גאַסן אַרומלויפֿן און זינגען:

„היי־היי־יי, דאָלאָי פּאָליציי,

דאָלאָי סאַמאָדערזשאַוויִע אַוו ראָססיי...“

ער האָט זיך אין מיטן קאַמער אָפּגעשטעלט, מיט שטאַרע אויגן אױף מאַרטען געקוקט און ווי אַ קינד, דורך טרערן אין די אויגן, דערציילט:

— דער טאַטע פֿלעגט זי אין שטאַל אַרײַן פֿאַרטרײַבן און דאָרט איר לײַב מיט שטריק פּאַסעווען... און... מיר פֿלעגן דער־נאָך אין אַ ווינקל דעם טאַטן פּאַקן און מיט דרענגלעך אים די זײַטן אונטערהאַקן... נאָר... אין דער מילכאָמע איז דער טאַטע גע־שטאָרבן, און זי איז געזונט געוואָרן...

ער איז צו איר נאָענט צוגעגאַנגען און אין פּאָנעם אַרײַנגע־שריִען:

— זי וועט געוויס קומען צו מיר, דידאָזיקע ייִדענע... זי וועט קומען... אַ מאַמע איז זי מיר...

ער איז געווען ווי מעטורעף. ער האָט ווילד דעם קאָפּ אין די הענט אַרײַנגעוואָרפֿן און צו אירע קני צוגעפֿאַלן און היסטע־ריש געשלוקערצט דאָרט און געלאַכט:

— איר האָט אזעלכע געריכטן געגעסן אמאָל? קאַרטאָפּלעס מיט ליאַק? ניין?..

מארטע האָט דעם קאָפּ זײַנעם מיט ביידע הענט ארומגענומען און שטיל פון איר אָרט זיך אופגעהויבן. זי האָט אים אף איר אָרט אנידערגעזעצט און געשטעלט זיך אף די קני נעבן אים און א גלעט געטון זײַנע האָר מיט אירע דינע טרוקענע פינגער.

פארוואָס האָבן בא איר די אויגן אופגעשײַנט? פארוואָס זײַנען זיי פײַכט געוואָרן? מע וועט זי מישפּעטן, אויב זי וועט א טרער לאָזן... זי טאָר ניט וויינען...

ער האָט אופגעהויבן אף איר זײַנע אויגן. זיי האָבן געגלאנצט אף איר לעדער מיט א פײַכטן שײַן. אירע קילע פינגער האָבן אים ווידער א גלעט געטון איבער די האָר. דאָס איז אים איצט געווען אנגענעם, און ער האָט זיך אביסל בארויִקט. ער האָט ווי־דער א שמייכל געטון:

— דאָרטן... אין שטעטל... אין לאדריטשן... אין פינפטן יאָר... איינער א יאט האָט אין איינעם אן אָוונט צו אונדז אין פענצטער אָנגעקלאפּט — זײַן קאָפּ איז צעשויבערט געווען און די אויגן האָבן בא אים געברענט. מיר האָבן די קארטאָפּלעס געוואָרפן און זײַנען אפן בוידעם געקראָכן... פּראָקלאמאציִעס פאר דער הוטע געדרוקט...

ער האָט פּלוצלינג אופגעשײַנט, געגלעט זי איבער די האָר און געלאכט קינדעריש און גוטמוטיק:

— אך, איז דאָס א יאט געווען! ס׳איז בא אונדז א רעבעצן געווען — קליין ווי א קינד און דאר ווי א שפּענדעלע. יאטן פלעגן זיך רייצן מיט איר, אז באנאכט — ער האָט פארשײַט איר אין די אויגן ארײַנגעלאכט — פלעגט דער ראָוו מיט א ליכט אין בעט זי זוכן... פּלעצלעך פלעגט זי באקן אלע פרײַטיק פאר אָרעמע קינ־דער... פון דער צדאָקע, וואָס דער ראָוו פלעגט באקומען... מײַן יאט איז א פּיקעוואטער געווען און א פרעסער — צו צוויי פלעצ־לעך פלעגט ער שטענדיק בא איר אויסנארן: איינס פלעגט ער אליין פון אויוון ארויסכאפּן און אָן א היטל דאָס אײַנבײַסן און רייצן זיך מיט איר:

„ד־ד־ערער אלט־טער ג־גאָט איז ג־ג־געשטאָרבן,
מ־מ־מירן א נ־נ־נײַעם ג־ג־גאָט ב־ב־באשאפן...״

און פלעגט אין גאס ארויסלויפן מיט דעם פלעצל אין מויל, אָן א היטל. איבער אלע גאסן, מיט דער קאָטשערע אין דער האנט פלעגט זי זיך נאָך אים נאָכיאָגן. איבער אלע געסלעך און גערט־נער פלעגט ער זי ארומטרײַבן און קומען צוריק צו איר אין שטוב אריַין און ווידער זיך רייצן מיט איר:

— א־איר וו־ווילט, ר־רעבעצן, איך ז־זאָל א ב־ב־בּראָכע מ־מ־מאכן—ג־גיט נ־נאָך א פּ־פּ־פלעצל.

זי פלעגט געבן, — זי איז א טמימעסדיקע און נארישע ייִדענע געווען — און ער פלעגט א בּראָכע מאכן:

באָרעכאבע,
דארע באבע,
גרינער הויז,
אלטע מויז...

און אנטלויפן אין די שטעטלדיקע גערטנער אריַין.

ער איז מיטאמאָל שטיל געבליבן. ער איז געווען פארשוויצט און פארמאטערט און קיין איין וואָרט ניט געדענקט פון דעם, וואָס ער האָט נאָר־וואָס דערציילט. ער האָט זיך פון בענקל אופ־געהויבן און מיט בלינד־געוואָרענע אויגן געקראָכן אף מארטען. ער האָט זי ניט געזעען, און א ווילדער שוידער איז אים באפאלן פונעם געפיל, אז זי איז דאָ מיט אים, און ער קאָן זי ניט כאפּן. ער האָט זיַין העמדל פון זיך געריסן, זיַין ליַיב געטאפּט און עפּעס געזוכט דאָרטן. דערנאָך האָט ער הייזעריק און אָפּגעהאקט, מיט לונגען, וואָס שטיקן זיך אָן לופט, מיט אויגן אויסגעריסענע און פארגאנגענע צעשריִען זיך:

— יענעם יאט האָבן די וויַיסע אף שטיקער צעשניטן... אונ־טער צאריצין... די רעכטע האנט זיַינע האָב איך ניט געפונען... איך האָב אים באהאלטן... איך... און איך...

ער האָט אָנגעטאפּט זיַינע שניטן אפן ליַיב בא זיך. ער האָט זיי געגלעט, געלאשטשעט, געטאפּט מיט די בלינדע שפּיצן פינגער, און פון די אויגן האָבן אים טרערן געטריפט. זיַין בליק האָט זיך מיט איר בליק באגעגנט, א רעגעלע זיך פארהאלטן אף אירע אויגן. דערנאָך האָט ער זי צארט בא די אקסלען אָנגענומען און געשטויסן צו דער טיר:

— גיי אוועק פון דאנען, גיי...

נאָר ביז דער טיר האָט ער זי ניט דערפירט. אים איז ניט גוט געוואָרן. ער איז אנידערגעפאלן, ווי א שײַט, ווי א ברעט און אויסגעצויגן זיך בא אירע פיס.

ס'איז שוין איצט געווען טיף נאָך האלבע נאכט. שווערער נאָך האָבן איצט די נאכט און די טפיסע געטריפט מיט גערדיכטן שטיל־שווײַגן. מארטע איז רויִק צום פענצטערל צוגעגאנגען, און די טיר האָט זיך געעפנט. דער שוימער האָט איר געהאָלפן טיצן אף דער שלאָפבאנק אנידערלייגן. זי האָט פון איר בײַטל א שלאָף־מיטל באקומען און טיצן עס אײַנגעגעבן.

אין יענער נאכט, ווען מארטע האָט איבער די הארבסטיקע גאסן געשפאנט צו זיך אהיים, האָט זי אירע יונגע שטײַפע בריסט עטוואָס אראָפגעהאנגען געטראָגן, ווײַל די פלייצע אירע האָט זיך געהויקערט. זי האָט געטראכט, אז דער מענטש טיץ, דער צופע־ליקער מערדער און פארשווענדער, איז קראנק און האָט נייטיק מעדיצינישע און כאווערישע הילף. איר איז לײַכט און פריילעך מיטאמאָל געוואָרן. לײַכט און פריילעך דערפון, וואָס אזוי גרינג און אומגעריכט איז איר דער באשלוס, דער אורטייל, וואָס זי דארף מאָרגן ארויסטראָגן, אָנגעקומען.

זי האָט דעריבער איצט דעם יונגן קאָפּ אירן אף הינטן פאר־וואָרפן, די פלייצע אויסגעגלײַכט, דעם לעדער פון איר רעקל מיט ברוסט אָנגעפילט און איז אוועק טרינקען איר קארג און שטארק ביסל שלאָף.

.2

אף מאָרגן, זיבן אינדערפרי, האָט בא מארטען אין צימער דאָס טעלעפאָן־גלעקל אָנגעקלונגען. מארטע איז א באָרוועסע אף דער בערישער פעל אַראָפגעשפרונגען. זי איז איצט, ווי א יונג מיידל — מונטער און פריש געווען. זי איז געווען נאקעט, און אין דער ווײַסער נאכט־העמד האָט זי אויסגעזעען ווי א פרישע רײַפע פרוכט אין א דורכזיכטיקן פאפיר. בא מארטען אין צימער איז געווען ליכטיק אוןווארעם. זי האָט אין שפיגל באמערקט דעם ראָזעווען קנופּ אף איר לײַב, עטוואָס העכער פון דער רעכטער

ברוסט, — א סימען פון א קויל אין בירגער־קריג. עס האָט זי א שטילער אינעווייניקסטער ציטער געכאפּט פון איר נאקעטקייט און פון די בילדער, וואָס טיך האָט פאר איר באנאכט אין דער טפּיסע־קאמער אופגעוויקלט. זי האָט דאן אין א קאָלדרע זיך איינגע־וויקלט און דאָרט טעלעפאָן־רערל גענומען.

— אללאָ!

— קאפּוסטין?

— אין א האלבע שאָ ארום?

— גוט. איך וואַרט.

קאפּוסטין איז פּינקטלעך צו דער מינוט געקומען. ער האָט אף האלב די טיר געעפנט, א פּיק געטון מיט צוויי פינגער אין ביישטידל ארײַן, און ניט ווארטנדיק אף א דערלויבעניש — ארײַן אין צימער.

דער צימער איז שוין צוגעקליבן געווען און מארטע — אָנגע־טון. זי איז אים אנטקעגן געגאנגען און קורץ זײַן האנט גע־דריקט.

— זיץ, קאפּוסטין. איך הער.

קאפּוסטין איז געווען דאר און עטוואָס געהויקערט. דאָס לע־דערנע רעקל האָט זיך אף אים געקנייטשט, און די אָפּצאסן פון זײַנע שטיוול זײַנען אויסגעדרייטע געווען. די אויגן זײַנען בא אים געווען פון בלאנקן שטאָל־קאָליר און דער בליק — א שארפער און גראָדער. דערדאָזיקער בליק האָט מאָדנע ניט געפּאסט צו זײַן גאנצער פיגור (אן אָדלער־בליק בא אן אלטן האָן). קאפּוסטין האָט זיך געזעצט, און דער לעדער אף אים, און דער שטול — ביידע האָבן א קרעכץ געטון און ער האָט אביסל צעמישט און צערייצט א זאָג געטון:

— כאווערטע מארטע ... מיט טיצן ציט זיך עס צו לאנג...

מארטע האָט זיך פון איר אָרט אופגעהויבן, אומגעדולדיק און אומצופרידן אים אין די אויגן ארײַנגעקוקט.

— צוליב דעם ביסטו געקומען, כאווער קאפּוסטין? דאָ איז דען דאָס אָרט צו ריידן דערפון? נו, און וואָס נאָך?

קאפּוסטין האָט צו איר זײַן שארפן בליק ארופגעוואָרפן.

— זיך, כאָווערטע מאַרטע, האָב געדולד. דערווײַל בלויז דאָס... אומעטום איז דאָס אָרט... גענוג צו ציִען...

— כאָווער קאַפּוסטין, דאָס דריטע מאָל דערמאָנסטו מיר שוין וועגן דעם, דו האַלטסט אין איין יאָגן. אין וואָס גייט עס דאָ?

זיי זײַנען אַ קורצע ווײַלע געזעסן איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן. קאַפּוסטין האָט איר געגעבן צו דערקלערן, אין וואָס עס גייט. די לופט צווישן זיי איז פֿון קאַפּוסטינס דערקלערונגען אָנגעגליט געוואָרן, און די ווערטער זייערע זײַנען פֿון איינעם צום אַנדערן העל־צעגליטע דערגאַנגען און געבריט.

זייער שמועס איז געווען קורץ. עס האָט זיך געהאַנדלט סאַכאַקל וועגן אַ מענטשן, וואָס האָט ווי אַ קאַליע געוואָרענע פּרוכט פֿוילן אָנגעהויבן און געדאַרפֿט אַרויסגעוואָרפֿן ווערן אין מיסטקאַסטן אַרײַן. קאַפּוסטין איז געווען שטרענג און טרוקן, נאַקעט ווי אַ נאָדל און געפֿאָדערט מאַכן אַ סאָף מיט דעמדאָזיקן טיק און זיך נעמען גלײַך פֿאַר אַסאַך אַ וויכטיקערן איניען — פֿונעם פּראָוואָקאַטאָר טרוט. צום סאָף פֿונעם דאָזיקן געשפּרעך האָט קאַפּוסטין דאָך ניט אויסגעהאַלטן דעם שטרענגן טאָן, מיט וועלכן ער האָט אים אָנגעהויבן, און האָט אָנגעהויבן שמייכלען. עס האָט זיך געפֿילט, אַז ער וויל אַריבער אויף אַ מער אינטימער טעמע (יעדער מענטש האָט אַ האַרץ, וואָס נאָגט און צאַפּלט זיך אין באַהאַלטענעם באַגער און הייסן דורשט) און קאָן אַלץ ניט געפֿינען דעם פּאַסיקן אויסדרוק דערצו.

ער האָט זיך געוויצלט, געלאַכט, איבערן צימער אַרומגעגאַנגען און געפֿרעגט בײַ מאַרטען, ווען זי הייבט הײַנט אָן די זיצונג פֿון דעם געריכט. נאָר מאַרטע האָט אים געענטפֿערט, אַז הײַנט וועט קיין זיצונג ניט זײַן, ווײַל דער באַשולדיקטער איז קראַנק און זײַן מוטער קומט, זי דאַרף אָפּן געריכט בײַזײַן, — זי דאַרף אַלע מינדסטע דעטאַלן אויספֿאָרשן, זי מישפּעט אַ געוועזענעם קאָמוניסט, אַ העלד פֿון דער רויטער פֿאָן, ווי קאָן זי עס אַזוי — פּיף־פּאַף!..

דער פּיף־פּאַף אירער האָט אים אַ באַליידיקנדיקן ברי איבערן האַרץ געטון, אָבער ער האָט עס פֿאַרקוועטשט בײַ זיך אין דער ברוסט און געפּרוּווט זיך ווידער אַ וויצל טון:

— מאַרטע, פאַרוואָס שדײַבן ניט וועגן דעם אונדזערע בעלע־טריסטן? אזעלכע מינע פּיקאַנטע ראָמאַנען וואָלטן אַן אָפּזאַץ געפונען...

אויך מאַרטעס האַרץ האָט אַ געפיל אַ ברי געטון. דאָס איז געווען — פאַראַכטונג. אָבער זי האָט זיך אַליין דערשראָקן פאַר דעם געפיל, ווײַל זי האָט קאַפּוסטינען כאַוועריש זייער הויך גע־שעצט און ניט ווייניק זיך אַנטציקט מיט אים און געלערנט בא אים. האָט זי איר פאַראַכטונג צו אים געטויט, אָבער די ווערטער זײַנען אַליין פון איר מויל אַרויסגעפלויגן:

— כאַווער קאַפּוסטין, דו ביסט דער סעקרעטאַר פון דעם גובערניאַלן פּאַרטיי־קאָמיטעט. און דו האָסט מיך געקאָנט צו זיך אין קאָמיטעט אַרויסרופן... צו וואָס ביסטו געקומען אַהער צו מיר?... צו וואָס נוצט דידאָזיקע פאַמיליאַרישקײַט אין פּאַרטיי־איניאָנים?

קאַפּוסטינס געלעכטער איז אין דער לופטן געבליבן הענגען, און דאָס פּאָנעם איז בא אים צעקרימט געוואָרן.

— נו, גוט... איז אָן בעלעטריסטיק... און — קורץ... דערדאָזי־קער טיץ האָט פאַרשווענדעט פּראָפּאַרייִנישע זיבעצן טויזנט רובל. ס'איז אַ סומע, ניט עמעס? אָדער עפּשער איז עס נאָך דורכן גע־ריכט ניט פעסטגעשטעלט?

— פעסטגעשטעלט...

— זייער ווויל... דערזעלבער טיץ האָט ווי אַ באַנדיט אַ מענטש דערמאָרדעט. דאָס איז אויך פעסטגעשטעלט?

— יאָ... פעסטגעשטעלט...

— וואָס־זשע בלײַבט נאָך פעסטצושטעלן?

זי האָט אַף אים אַ קוק געטון מיט אַ מאָדנעם באַדויער.

— טײַערער כאַווער קאַפּוסטין... עס בלײַבט פעסטצושטעלן... וואָס איז דאָס ביסל מענטשלעך בלוט, וואָס טראָגט דעם נאָמען טיץ — פאַרפוילט, אָדער פאַרמיסטיקט. אויב פאַרפוילט...

— וואָס איז עס פאַר אַ שפּראַך?...

— אויב פאַרמיסטיקט...

— דו האָסט פּאָשעט קיין רעכט ניט אַזוי צו טראַכטן!

— רעכט... ס'איז מײַן פליכט...

— דײַן פליכט?... צי מײנסטו אינדערעמעסן, אז דו ביסט עס בעקױעך צו טון? צי קען עס ביכלאל אײן מענטש אָפּטון? דו באטראכט נאָר, מארטע, אײן מענטש קען װעגן צװײטן באַ־שטימען?

— טאָ װער־זשע באשטימט?

— דער קאָלעקטיװ, מארטע... און דער קאָלעקטיװ פאָדערט פאר אים... דו פארשטײסט?

מארטע האָט זיך קאם צו מערקן א װאקל געטון

— איך פארשטײ... אָבער... װי איז דאָס מעגלעך?.. א העלד פון דער רויטער פאָן... א העלד פון פּערעקאָפּער שלאכטן...

קאפּוסטין האָט זיך געלאסן פון זײַן שטיל אופגעהויבן, בײדע הענט זײַנע אין די הויזן־קעשענעס פארשטעקט און אָנגעבויגן זיך מיט זײַן דארן פּאָנעם, מיט זײַן גראדן און שארפן בליק צו מאר־טען צו, געשטאנען אזוי א װײַלע און דערנאָך, פּאמעלעך, אײנע נאָך דער אנדערער בײדע הענט פון די קעשענעס ארױסגענומען. ער האָט ניט געװוסט, װאָס צו טון מיט זײַנע הענט, און א װײַלע געהאלטן זײ װי איבעריקע. דערנאָך האָט ער זיך אָן עפּעס, װײַזט אױס, דערמאָנט און מארטען בא די הענט אָנגעכאפּט. איצט זײַנען זײערע הענט געשלאָסן געװען, און ס'איז אים גרינג געװען צו זאָגן:

— װי מײנסטו, מארטע, אויב מע זאָל דארפן שיסן דיך, און איך זאָל עס דארפן טון, װאָלט איך עס געטון?

ער האָט א רעגעלע אױסגעװארט, װי ער װאָלט זיך װירקלעך געקליבן צו הערן מארטעס ענטפער אױף זײַן פראגע, אָבער ער האָט זיך דערױף ניט דערװארט און שטיל אלײן געענט־פערט:

— מיסטאָמע, געװיס — יאָ.

מארטע איז אביסל פארלױרן געװען און עס האָט בא איר קײן װילן ניט געקלעקט אירע הענט צו באפרײַען. נאָר עפּעס א שטים האָט פון איר ארױסגערעדט:

— אָבער... קאפּוסטין... הער... דער געזעץ...

— גוט... איך מײן, אז דו װײסט גוט, װאָס פאר א געזעץ עס הערשט פאר רעװאָלוציאָנערן און קאָמוניסטן...

קאפוסטין האָט זײַן לעדערנע פּלייצע באוויזן, און מארטע האָט מיטן גאנצן פארנעם פון אירע גרויסע גרינע אויגן אים נאָכ־געקוקט. איר האָט זיך פארוואָלט א געשריי טון און אים צוריק־רופן, האָט זי זיך דערמאָנט, אז ס'האנדלט זיך ניט אין אים: דער קאָלעקטיוו... ווער איז ער? זי קען אים: דאָס זײַנען יענע איינצלנע, אין פלוג באזונדערע מענטשלעכע לעבנס, וואָס ווען זיי שאפן זיך איין אן איינהײַטלעכן ווילן, קענען זיי זייער שנעל איין וועלט כאָרעוו מאכן און פון די כורוועס, אָן אן איבעריקער פארשפּעטיקונג א נײַע וועלט באשאפן... און ער, אָט דער פּאק־טישער און איינציק געדעכטער הערשער האָט שוין זײַן וואָרט געזאָגט... זי האָט זיך דעריבער צוריק אנידערגעזעצט, די אויגן ברייטער אופגעעפנט — אזוי איז איר גרינגער צו טראכטן און זען בוילעטער דאָס, וועגן וואָס זי טראכט — און פארבראכט אזוי די קורצע ווײַלע, וואָס איז איר געבליבן ביז אכט אינ־דערפרי.

און אכט אינדערפרי איז געקומען דער צוג פון ריאזאן.

זיבן אינדערפרי איז דערזועלבער צוג געבליבן שטיין אף דער לעצטער סטאנציִע פאר יענער שטאָט, ווו מע האָט גוטע ראָזענ־בערגס זון געמישפּעט.

גוטע ראָזענבערג איז געלעגן אף דער אייבערשטער באנק אין א וואגאָן פון פערטן קלאס, געקוקט דורכן פענצטער אף די פארבײַפליִענדיקע פעלדער און וועלדער און מיט אָפענע אויגן געטראכט וועגן איר לעבן. זי האָט געטראכט, אז איר לעבן איז ניט פארבײַגעפלויגן, נאָר פארבײַגעקראָכן — א הינקענדיק לעבן — און איר זונס לעבן איז פארבײַגעפלויגן, ווי א שניט איבער א האלדז, און איצט הענגט איר זונס קאָפּ אף א האָר.

עס איז פאר איר אומעגלעך געווען צו באנעמען די גאנצע פּאסירונג מיט איר זון, זי האָט קיין האָפענונג ניט געהאט צו דערשלאָגן זיך צו דער סיבע, און דאָס האָט געטויט איר האָפע־נונג צו ראטעווען זײַן קאָפּ, און דאָס האָט דערשטיקט איר ווײ־טיק איבער אים. זי האָט ניט געהאט וווהין צו שרײַען און איז דעריבער געלעגן מיט א פארשטיקט הארץ און פארשלאָסענע ליפּן.

זי איז צווישן אלע איבעריקע פּאסאזשירן ניט זייער שטארק אָנזעעוודיק געווען. זי האָט געהאט א שווארץ, געקארבט און געקנייטשט פּאָנעם מיט א פּאָר אויסגעבלייכטע רויטלעכע אויגן.

זי איז געווען האכנאָעדיק צום לעבן, דידאָזיקע ייִדענע, אָבער אויך געניט קלוג, ווײַל זי האָט געדענקט איר גאנץ פינצטער לעבן, ווי א פּיל צענדליק מאָל דורכגעלייענטן בוך. דער קאָפּ האָט איצט בא איר ווי געטון מיט א שנײַדיקן און באקאָנטן ווייטיק. דערדאָזיקער ווייטיק האָט בא איר שטענדיק ארויסגערופן איין און דאָסזעלבע בילד, האָט איר שטענדיק דערמאנט אָן איין און דערזעלבער פּאסירונג אין איר קריכעדיקן לעבן.

אמאָל, מיט העכער צוואנציק יאָר צוריק, ווען ס׳איז פרײַהײַט און גלײַכהײַט געוואָרן, איז איר בכאָר, אָט דערזעלבער, וואָס האָט זיך איצט אין טפיסע געפונען, אף א דעמאָנסטראציִע אין גאס ארויס. ער איז דעמאָלט אלט געווען קארגע זעכצן יאָר, און זי איז אים פוס־טראָט נאָכגעגאנגען. אף איינעם א געסל האָט ער זיך צו דער דעמאָנסטראציִע פאריייניקט. איז זי אויך מיט דער זעלבער דעמאָנסטראציִע אוועק. אף א צווייטן א געסל זײַנע קאזאקן די דעמאָנסטראציִע באפאלן. איז זי אין דערזעלבער מינוט נעבן איר קינד געווען. אָבער ניין, ווײַזט אויס, זי האָט פארשפעטיקט, ווײַזט אויס מיט א מינוט שפּעטער איז זי נעבן איר קינד געווען, ווײַל ארויסשלעפּן אים פון דאָרטן האָט זי שוין ניט באוויזן. זי האָט באוויזן בלויז אָנצוכאפּן איר קינד פאר די אקסלען און באהאלטן זײַן קאָפּ אינעם טאָל צווישן איר בויך און בריסטן. זי האָט דעמאָלט איר קינד פון א קלאפּ פארהיט. זי האָט דעמאָלט גוט באשיצט זײַן קאָפּ. אף איר קאָפּ איז געפאלן דער זעץ מיטן בלײַענעם שפּיץ פון דער קאזאקישער נאהײַקע. זי געדענקט, ווי אומדערטרעגלעך עס האָט דעמאָלט דער קאָפּ בא איר געשמארצט. ווי ביטער געזאלצן עס איז איר אייגן בלוט געווען, ווי אומעגלעך עס איז געווען אײַנצוהאלטן די פויסטן. זי געדענקט, ווי זי איז דעמאָלט אהיים געגאנגען און דעם גאנצן וועג מיט די פויסטן אין די שלייפן זיך געהאקט און ווען עפּעס הויך געשריִען און ווי א שיקערע געזונגען.

און אָט, איצט, פֿאָרט זי צו דעמזועלבן זון, וועמנס לעבן עס הענגט אף א האָר איבער איר קאָפּ, ווי דעם קאָזאקס נאהײַקע דעמאָלט דאָרטן, און זי ווייס ניט, ווי אזוי וועט איר געלינגען צו נעמען זײַן קאָפּ צו זיך צווישן די אויסגעדרונענע ברוסטן אירע און באשיצן אים און פֿארהיטן.

דידאָזיקע ייִדענע האָט אין גאָט ניט געגלויבט, ווײַל זי האָט אין מעשעך פֿון דעם גאנצן לעבן אירן ניט געהאט געַנוג ברויט דערצו און סייכל מער, וויפֿל עס קומט א באשעפֿעניש, וואָס פֿאר־לאָזט זיך אפֿן יוישער פֿון א הימלישן פֿירער. דעריבער איז איר אומעט און פּײַן קיינמאָל ניט געווען ענדלאָז און אָן אן אויס־וועג, און זי האָט שטענדיק געקאָנט זיך פֿרייען מיט ליכט און מיט טאָג. דעריבער אויך איצט, אין הארבסט 1925, ווען ס׳איז געבליבן א שאָ צו פֿאָרן מיט „מאקסימקע דעם ביטערן" צו דער שטאָט, ווו מע האָט געמישפּעט איר זון — ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, איז זי פֿון איר געלעגער אראָפּ, פֿון וואגאָן ארויס, ערגעץ הינטערן וואָקזאלכל א פֿאס מיט רעגנוואסער זיך אָפּגעזוכט און אויסגעוואשן זיך דעם פּאָנעם מיט די הענט און אָפּ־געפֿרישט זיך און דערפֿרייט זיך דערפֿון, וואָס דער קאָפּ ווערט בא איר רויִקער און קלערער, און די ווייטיקן צערינען זיך.

אכט אינדערפֿרי איז געקומען דער צוג. זי האָט אָנגעטון איר אלטן, צעריסענעם, אף וואטע געשטעפּטן מאנטל, פֿארוויקלט זיך דעם קאָפּ אין איר איינציקער אלטער טוך, גענומען איר קליין קלומעקל אונטערן אָרעם און אוועק איבער דער וואָקזאל־גאס פֿון דער פֿרעמדער, פֿארשלאָפֿענער שטאָט.

זי האָט מיט די אויגן געזוכט יענעם פֿרעמדן, אלטן גוטן מאן, וואָס האָט איר דעם ייִדישן בריוו געשיקט וועגן איר זון און צו־געזאָגט איר אָפּצוווארטן זי אף דער גאס נעבן וואָקזאל. זי האָט אים אין קורצן טאקע געפֿונען דאָרטן, כאָטש די גאס איז מיט פֿארשידענע מענטשן געווען געפּאקט. זי האָט אים גלײַך דערקאָנט, ווײַל ער איז געווען דער איינציקער אף דער גאס דאָ, וואָס האָט זיך זקייניש און לײַדיקגייעריש ארומגעדרייט און אויך אזוי ווי זי עמעצן מיט די אויגן געזוכט. ער איז געווען קליין און מאָ־גער, ציכטיק אָנגעטון. דורך די שיטערע, דורכויס ווײַסע האָר פֿון

זײַן געשוירן בערדל האָט זקײנישע ראָזעווע פּארבּ געלויכטן. ער איז איר אנטקעגן געגאנגען מיט א שמייכל אפן פּאָנעם און די הוט עטוואָס איבערן קאָפּ אונטערגעהויבּן.

— מאדאם טיך... מאדאם ראָזענבערג... זייער אנגענעם... דער־נעבן, אין „ווענעציִע" איז פאר אײַך א צימער געגרייט...

זי האָט אים קלײנשטעטלדיק־שטאָטיש די האנט דערלאנגט:

— יאָ, יאָ... לאָמיר זײַן באקאנט...

פאר דער טיר פון „ווענעציִע" האָט ער זיך א רעגעלע פאר־האלטן, געוואָלט זי דורכלאָזן, נאָר זי האָט ניט פארשטאנען, וואָס ער מיינט, און אויך אף א רעגעלע זיך דאָרט פארהאלטן. ער האָט זיך געכאפּט אף איר פארלעגנהײַט און מיט זײַנע זקײנישע אויגן איר געקארבּט און געקנייטשט פּאָנעם מילד אָנגעקוקט, און דערפון זײַנען אויך זײַנע אויגן מוטנע און פײַכט געוואָרן. ער האָט צו איר געזאָגט:

— די באלעבאטים פון לעבּן זײַנען זיי געוואָרן... די קינדער... יאָ, יאָ... אָבער... איבער זיך אליין באלעבאטעוועט זיך נאָך דער־ווײַל שלעכט...

זי האָט ניט זייער גוט באנומען זײַנע ווערטער, אָבער אין „ווענעציִע" איז זי ארײַן, דעם צימער האָט זי פארנומען, און די גאנצע שווערקײַט פון א מאמע, וואָס דארף בײַזײַן אף איר קינדס לעוואיע, איז איר מיטאמאָל אפן הארץ געפאלן, און א ביטערער געדאנק ווי א גיפטיקער וואָרעם האָט איר געמיט געריזעט:

— יאָ, יאָ... ס'איז אלץ פארפאלן... זי איז געקומען מעקא־בער זײַן איר זון, און גאָר...

די האָטעל־באדינערן איז ארײַן. זי האָט געפּאָדערט א דאָקר־מענט און געלט פארן אײַנמעלדן. זי האָט מעכאניש אלע יעדיִעס ארויסגעשאָטן:

— אויב אף א ביכל פון א פּראָפּאריין וועט זי זיך אײַנ־מעלדן, איז גענוג נאָר 20 קאָפּיקעס, אויב א נעפּ דאָרטן אָדער אזוי א זײַטיקער — 50 קאָפּיקעס. א מיטגליד פון א פּראָפּאריין זײַט איר?

גוטע ראָזענבערג האָט מיט אירע אויסגעוויאנעטע אויגן אף דער באדינערן געקוקט, און עס איז אף איר גרויסער פּיין

מיטאמאָל א העלער זונען־שטראל א פאל געטון, און זי האָט גע שמייכלט:

— א פּראָפּאריין פון מענטשן מיט ביטערע דאָליעס איז בא אייַך אין שטאָט דאָ פאראן? קיין אנדער פּראָפּעסיִע פארמאָג איך ניט, טאָכטער...

דער אלטער איז אינמיטן צימער אף א שטול געזעסן, דעם שטעקן צווישן די פיס געהאלטן און די הענט — אפן הענטל פון שטעקן. ווען גוטע ראָזענבערג האָט דער באדינערן אזוי געענט־פערט, האָט ער מיטן קאָפּ אף „יאָ" צוויי מאָל א שאָקל געטון און מיטן שטעקן אָן דיל דרייַ מאָל א קלאפּ געטון און קימאט ווי פאר זיך ארויסגעשטאמלט:

— אין פינטל ארייַן... א פּראָפּאריין פון מענטשן מיט ביטערע דאָליעס...

דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן:

— נו, אָרדנט זיך אייַן... רוט זיך אויס... אין א שאָ ארום וועל איך ארייַן...

און אוועק מיט זייַן שוואכן און שטילן זקיינישן טראָט, פא־מעלעך און שטיל פארמאכט די טיר הינטער זיך.

גוטע ראָזענבערג, די געוועזענע גוטע די מעשוגענע, איז אליין אין פרעמדן צימער געבליבן און געטראכט (מיט פולע אויגן), ווי שטארק זי איז נאָך, ווי לאנג זי דארף זיך נאָך מאטערן און ווי שוואך איר זון איז. מאָרגן וועט ער שוין עפּשער ניט זייַן...

עס האָט זיך איר איצט געוואָלט ווי אמאָל שטארק מיט די פויסטן אין די שלייפן זיך האקן, הויך שרייַען, לידער זינגען, נאָר דער בראָך איז איצט דערצו צו גרויס געווען.

דער בראָך איז אזוי גרויס געווען, אז זי האָט באוויזן בלויז מיט פולע אויגן צום פענצטער צוגיין. א בליק טון אף דער פרי־מאָרגנדיקער ליכט, מיט קאָפּ אפן שוועל פון פענצטער אנידער־געפאלן. נאָר לאנג האָט זי דעם קאָפּ אירן דאָרטן אייַנהאלטן ניט געקענט. זי האָט אים גלייַך אָפּגעריסן פון דאָרטן און איז ווילד איבערן צימער אוועק, שטיל און שווער מיט די פויסטן די שלייפן געריבן, ווי זי וואָלט דעם קאָפּ אירן צעמאָלן געוואָלט.

אזוי איז זי א היפּשע ווײַלע איבערן צימער ארומגעגאנגען, און פון די אויסגעוויאנעטע אויגן אירע זײַנען אפן דיל שווערע טראָפּנס געפאלן, ווי שטיקלעך פײַער פון א ברענענדיקער צווײַג אראָפּ.

3.

... און ווידער האָט זיך דער געריכט געעפנט, און ווידער האָט מען געמישפּעט דעם מערדער און פארשווענדער טיך.

דער מערדער טיך, ווען מע האָט אים אין זאל ארײַנגעפירט, האָט ער זיך אויך דאָ, ווי דאָרט, אין דער טפיסע, בא דעם קאמער־שוועל, אף א רעגעלע פארהאלטן, געטראכט, צי זאָל ער זײַן אָרט אף דער באשולדיקונג־באנק פארנעמען, צי זאָל ער זיך באם ריכטער־טיש זעצן אָדער אינגאנצן אוועק פונדאנען. ער האָט ניט געוווּסט וואָס צו טון, ווײַל בא אים האָבן זיך שפּאלטן אין מארך באוויזן, און ער האָט איבער זיי, ווי איבער טהאָמים, געהיפּט און געשפּרונגען און געשווידערט פון דעם וויסטן און שווערן כוישעך, וואָס האָט זײַנע געדאנקען געדריקט.

אָט האָט ער איצט אף דער ערשטער ריי שטולן באמערקט צוויי אומגעוויינלעך, ביז ווייטיק באקאנטע פּעני־מער: דער מאמעס און דעם ברודערס. דער מאמעס פּאָנעם איז געווען אלט און געקארבט, ווי פון יאם־כוואליעס צעפּרעסענער פעלזן־שטיין, און דער ברודערס — ברוין און שטײַף — ווי טשוהון.

די מאמע האָט זיך צו דער באלוסטראדע א וואָרף געטון און דאָס מויל געעפנט, אָבער קיין געשריי פון דאָרט ניט ארויסגעלאָזט. דאָס אָפענע מויל אירס האָט זיך געשווארצט ווי א פּוסטער שטומער טהאָם, די אויגן האָבן זיך בא איר איבערגעדרייט און מיט דער לינקער זײַט זייערער געקוקט און גאָרנישט ניט געזען — בלינדע ווײַסלען.

דער ברודער זײַנער — א מאטראָס פון רויטן פלאָט — האָט א רעגעלע געקוקט אף אים און אף דער מאמען זייערע און בא א האנט זי אָנגעכאפּט, ווי ער וואָלט זי פון אן אָנפאל געוואָלט שיצן, און אוועקגעזעצט צוריק אפן שטול.

די ריכטערן איז רויִק אין איר הויכן שטול געזעסן, רויִק דידאָזיקע אָנגעשטרענגטע מינוט אויסגעווארט, און ווען דער

באשולדיקטערהאָט זיך אַף זײַן אָרט אַנידערגעזעצט, האָט דעם פּאַרטיידיקער זײַן וואָרט געגעבן.

נאָר דער פּאַרטיידיקער האָט זיך פֿון זײַן וואָרט אָנטזאָגט און מאָטיווירט עס דערמיט, וואָס אַזוי איז דער ווילן פֿונעם באַשול־דיקטן, און דאָס אַליין איז שוין זײַן העכסטע פּאַרטיידיקונג, מאַכ־מעס דער באַשולדיקטער געהערט צו יענעם טיפּ הויך פּראַנט־וואָרטלעכע אינדיווידן, וואָס אַ צופֿעליקער פֿאַרברעכן דרייט זיי אום מיטאַמאָל אַף אַלע 160 גראַדוסן מיטן פּאָנעם צוריק צו דער געזעלשאַפֿטלעכקײַט, און זיי קויפֿן זייער שנעל אויס זייער שולד קעגן דער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט. דאָס דאַרף דער געריכט נעמען אין אַכט באַם אַרויסטראָגן דעם אורטייל דעם באַשול־דיקטן.

דער פּאַרטיידיקער איז אין אַ פֿאַרשאַרפֿטער פּאָזע געבליבן שטיין פֿאַרן געריכט. געוויס האָט דער פּאַרטיידיקער נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן דעם געריכט וועגן דעם באַשולדיקטן און וועגן די באַזונדערע אייגנשאַפֿטן פֿון זײַן נאַטור. נאָר טיך האָט זיך פֿון זײַן אָרט אופֿגעהויבן, דער ריכטערן אין די אויגן אַרײַנגעקוקט, און דערדאָזיקער וווּנדערבאַרער אומקום־שמייכל האָט ווידער אַף זײַן פּאָנעם אופֿגעשײַנט:

— מע דאַרף ניט מער קײַן ווערטער... סײַדן...

ער האָט מיט אַ פֿינגער, מיט אַ דריי מיטן קאָפּ און מיט אַ צעקרימטן שמייכל אַפֿן פּאָנעם אַף דער מוטער אָנגעוויזן. די ריכ־טערן האָט איר בליק פֿון דעם פּאַרטיידיקערס פּאָנעם אוועקגענר־מען, און דער פּאַרטיידיקער האָט זיך אַף זײַן אָרט געזעצט. יאָ, ער איז מאַסקים: מע דאַרף טאַקע מער קיין ווערטער ניט. די ריכטערן האָט איר בליק אַף טיצן געוואָרפֿן און ניט געקאָנט אָפּ־רײַסן אים פֿון דאָרטן. די בײַזיצערס האָבן זייערע פּענימער צו דער ריכטערן אויסגעדרייט. גוטע ראָזענבערג האָט זיך פֿון איר אָרט אופֿגעהויבן און איז צום ריכטער־טיש צוגעגאַנגען און גע־בליבן שטיין דאָרטן.

גוטע ראָזענבערג איז קעגן דעם געריכט אַליין ווי אַ באַשול־דיקטע געשטאַנען. דעם קאָפּ אירן האָט זי אָבער גלײַך געהאַלטן, און דאָס פּאָנעם איז בײַ איר געווען פֿאַרשטיינערט און שטום.

פון די אויגן האָבן בא איר טרערן געטריפט און דאָס האָט גע־
מאכט א מאָדנעם אײַנדרוק: עס האָט אויסגעזעען, ווי א לעבע־
דיקער קוואל וואָלט פון א שטײן געשלאָגן.

דערנאָך האָט גוטע ראָזענבערג דעם געריכט געמאָלדן:

— א מאמע איז מעכויעוו איר קינד צו פארטיידיקן אומעטום... אין פינפטן יאָר האָב איך אים אויך פארטיידיקט... אף א דעמאָנ־סטראציע האָב איך פון א קאָזאק געכאפּט מיט א נאהײַקע אי־בערן קאָפּ... דערפון האָב איך אַ קאָפּ-פעלער באקומען... אָבער איצט... איך בין געזונט און וועל שוין לעבן מיסטאָמע לענגער פאר אים... וואָס קאָן איך אײַך זאָגן און וואָס קאָן איך אײַך געבן פאר אים?.. און עפּשער... טאָר מען אזוי?.. — זי האָט איר קאָפּ אָנגעבויגן, ווי זי וואָלט אים אונטער א קלאפּ אונטערגע־שטעלט.

גוטע ראָזענבערג איז אין אזא פּאָזע א ווײַלע פארן געריכט געשטאנען און דערנאָך איז זי צו איר אָרט אוועק. נאָר איידער זי האָט זיך געזעצט, האָט זי זיך דערמאָנט, אז זי האָט עפּעס ניט דערזאָגט. האָט זי דעריבער דאָס פּאָנעם אירס ווידער צום געריכט אויסגעדרייט, און דאָסדאָזיקע פּאָנעם איז מיטאמאָל באַ־שײַנט און באלויכטן געוואָרן מיט אן אינעווייניקסטער פרייד, אזא העלער און הערלעכער, אזא גיט פאסיקער צו דער שווערער שטיל־קײַט, וואָס איז איצט אין געריכט־זאל געהאנגען. זי האָט שטיל ארויסגערעדט:

— עפּשער איז דאָס אלץ א טאָעס?... עפּשער איז ער קראנק?...

און אף איר אָרט זיך געזעצט.

ס׳קען זייער געמאָלט זײַן, אז גוטע ראָזענבערגס לעצטע ווערטער האָבן דער ריכטערנס טיפסטע טיפעניש ביזן גרונט דער־שיטערט, אָבער אויסערלעך איז זי געוועזן קאלט און איר שטים האָט געקלונגען טרוקן און הארט:

— האָט עפּעס דעם באשולדיקטנס ברודער דעם געריכט צו מעלדן?

דער מאטראָס האָט זיך פון זײַן אָרט אופגעהויבן. דער ברייט־טער קליאָש פון זײַנע שווארצע הויזן האָט ווי פויגל נאָך זײַנע

טריט נאָכגעטאַנצט, די אָפענע ברוסט זײַנע האָט געגלאַנצט, ווי א טונקעלער בלעך, די ווערטער זײַנע האָבן געהילכט, ווי שטיינער אף א בלעך:

— איך האָב גאָרניט וואָס צו זאָגן... ריכטערן, — האָט ער א טראָט געטאָן צום טיש געשטעלט, —איר זײַט דאָך אליין מיט אים אפן פראָנט געווען... איר ווייסט דאָך... איך קאָן אים ניט... ער האָט זיך דעם פאמיליען־נאָמען געביטן, כ׳ווייס אפילע ניט פאר־וואָס און צוליב וואָס...

ער האָט זיך פארטראַכט אף אַ ווײַלע, דעם שטערן געקנייטשט, אָנגעשטרענגט און פֿײַנלעך דער ריכטערן אין די אויגן ארײַנגעקוקט און פון טיש אלץ ניט געוואָלט אָפטרעטן, עפּעס זאָגן געוואָלט, און אליין ניט באַמערקט דעם ברייטן שמייכל, וואָס האָט זיך אף זײַן פּאָנעם צעגאָסן. מעכאַניש האָט ער די לינקע האַנט זײַנע אף טיצן ארויסגעוואָרפן און מיט א פינגער געטײַט:

— אין קראָנשטאַט, בעשאַסן אופשטאַנד, האָט ער מיך גע־רופן — א שטיקל ארבעט אָפּטון. בין איך געגאַנגען מיט אים. באַם שעד אף די הערנער איז עס געווען... א מאַטראָס האָט ער צום ווענטל געשטעלט. — דו ביסט א קאָמוניסט? — האָט ער בא אים געפרעגט. — א באָלשעוויק — האָט יענער געענטפערט. — און די רעוואָליוציע האָסטו פאַראַטן! גערעטעוועט, — זאָגט יענער. — געראַטעוועט? דערמיט, וואָס דו האָסט אין קאָמוניסטן געשאָסן? געשאָסן און וועל שיסן, — ענטפערט יענער נאָך אלץ רויִק. — גע־שאָסן האָסטו, — האָט אים טיץ דערויף געענטפערט, — און שיסן וועסטו שוין מער ניט. זעגן זיך מיטן לעבן, אויסוווּרף! — האָט טיץ אויסגעשריען און דעם מאַטראָס אף קליינגעלט צעביטן...

דער מאַטראָס, וואָס איז איצט אנטקעגן דעם געריכט געשטאַ־נען, איז יונג און צעטומלט געווען און בעשומויפן זיך ניט געקאָנט כאַפּן, צו וואָס ער האָט דידאָזיקע מײַסע מיטן צעביטע־נעם מאַטראָס דערציילט, ווײַל מיטאַמאָל איז אים אף די אויגן געפאלן זײַן ברודערס שמייכלענדיקער בליק, און אלדאָס איבע־ריקע איז צערונען און פארשוווּנדן געוואָרן. דער מאַטראָס האָט קימאַט פיזיש דערפילט און דערזעען, ווי מע האָט זײַן ברודער דערשאָסן, ווי דאָס בלוט, וואָס רינט פון זײַן שלייף, האָט זיך

אפן פּאָנעם אין א ריטשקעלע אוועקגעלאָזט: עס רינט זיך אזוי פון שלייף אראָפּ צום קנייטשל, וואָס נעבן מויל, צום שמייכל־קנייטשל... דער יונגער מאטראָס האָט אויסער זיך אויסגעשריִען אין ייִנגלשן ווייטיק, אין יענעם ווייטיק, וואָס קומט פון שרעק פאר ווייטיק, וואָס קומט פון וועלן מיט ווערטער הויכע און אכ־זאָריעסדיקע דידאָזיקע שרעק פון ווייטיק פארשריַיען און פאר־יאָגן:

— וואָס־זשע פרעגט איר עפּעס בּא מיר, וואָס איך האָבּ צו זאָגן?.. וואָס דארפט איר דאָ — פארטיידיקער, בּאשולדיקער?.. א פערד־גאנעוו איז ער, צי אן אויסוווּרף דאָרט עפּעס?.. וואָס, ער וועט איַיך קלאָזעטן רייניקן?.. קאָנטר־רעוואָליוציִע?.. דארף מען כּאווערישׂ צעבּיַיטן אים, כּאווערטע ריכטערן...

און אָפּגעהאקט זיך, וויַיל דאָסדאָזיקע שרעקלעכע וואָרט האָט זיך ווי א שטיין פון שפּיץ צונג אראָפּגעקוילערט און איז געוואָרן זעלבּשטענדיק, שווער, גרויזאם, געטאנצט אפן ריכטער-טיש, גע־שפּרונגען איבּער די קעפּ, דעם שטאָרקסטן זעץ געטון דעם מא־טראָס אין קאָפּ אריַין. ער איז דעריבּער געבּליבּן שטיין אנטקעגן טיש א הוילער, א ליַיכטער, — די ערד האָט ער אונטער זיַינע פיס ניט געפילט, — און בּלויז געכאפּט אין פארטונקלטן אויג טיצס בּליק און מעשוגענעם צעקרימטן שמייכל.

טיץ האָט פריילעך און ווילד מיט די אויגן, — ווי א קונצנמא־כער מיט שווינדלדיקע קוילן, — פון דער ריכטערן אפן יונגן מא־טראָס געוואָרפן און צוריק. און מיטאמאָל אין א היסטעריש, זינ־לאָזן געלעכטער זיך פארגאנגען:

— אָסיע!.. בּרודערל!.. אָהאָ!.. אָט אזוי!.. — ער האָט זיך פאָרויס אָנגעבּויגן און ווי אפן אויער איַינגערוימט — געטרוי איר ניט... זי איז בּא מיר אין טפיסע געווען... אָסיע... בּרודער...

נאָר די ריכטערן איז פון איר שטול אופגעשטאנען, מיט בּיידע הענט אָן טיש זיך אָנגעשפּארט (ווען ניט — וואָלטן זיי געציטערט) צום געריכט־קאָמענדאנט שטרענג זיך געווענדעט:

— דעם בּאשולדיקטן!

צום מאטראָס — רויִקער:

— איר זיַיט פריַי, בּירגער ראָזענבּערג...

קורץ מיט די בײַזיצערס זיך באראָטן און געמאָלדן:

— די געריכט־אויספאָרשונג איז פארענדיקט. דער געריכט גייט ארויס...

טיק האָט שטיל כיכיקעט און איז פארגאנגען זיך אין זײַן קורצן אָפּגעהאקטן און צעריסענעם אומקום־שמייכל. נאָר ווען דער גע־ריכט האָט זיך אופגעהויבן און צום באראטונג־צימער זיך געלאָזט, האָט זיך טיק נאָך זיי א לאָז געטון:

— איך וויל אויך!.. מײַן שטים... — האָט ער א האנט ארויס־געריסן און אין דער הויך זי ארויסגעוואָרפן — איך שטים פאר...

די רויטארמייער האָבן טיקן אונטער די אָרעמס געכאפט, און ער האָט זיי אין די פענימער ארײַנגעשמייכלט:

— ברידערלעך!.. מע טאָר דאָך אף איר זיך ניט פארלאָזן... זי וועט ניט דערשיסן... אָסיע!..

די ריכטערן האָט טיקן אין די אויגן ארײַנגעקוקט און מיט א געוויינלעכער שטים געזאָגט:

— באשולדיקטער, רויִק! דער געריכט מעלדעט אן איבערײַס.

ביינערדיקע רויטארמייִשע אָרעמס האָבן פון ביידע זײַטן אין טיקס אָרעמס זיך אײַנגעקלאמערט. טיק איז אזוי געפירט געוואָרן א געאָרעמטער, און אין גאנג האָט ער פארלוירן און הילפלאָז געשמייכלט:

— א־א־א...

.4

ס'איז א הארבסטיקער טאָג פארגאנגען. דאָס ליכט האָט זיך געלאָשן פריִער פאמעלעך, דערנאָך אלץ גיכער און גיכער, אלץ האסטיקער אלץ אײַלנדיקער, אלץ געדיכטער איז די פינצטערניש געוואָרן (אזוי אנטלויפט אין טיפן וואלד א ביז צום טויט דערשראָקענע לעבעדיקע באשעפעניש), און מארטע האָט בא זיך אין צימער קיין ליכט ניט געצונדן.

ס'איז א זונטיק־טאָג געווען. דער אלטער מאן, דער וואָס האָט גוטע ראָזענבערג אפן וואָקזאל באגעגנט, איז איצט בא מארטען אינמיטן צימער געזעסן, מיטן שטעקן צווישן די פיס און מיט ביידע הענט אפן שטעקן אָנגעשפארט. מארטע איז איבערן צימער

ארומגעגאנגען און דער אלטער האָט צו זיך אף די פיס געקוקט און דערציילט:

— מיר זײַנען געקומען אין טפיסע. דער קאָרידאָר־שוימער האָט די קאמער אופגעמאכט און אף די פענצטער־גראטעס האָבן מיר אים א געהאנגענעם דערזעען. ער איז געהאנגען מיט אראָפּ־געלאָזטע הענט... ליידיקע הענט... די אלטע האָט זיך פון אים אָפּגעקערט... זי האָט א קורצן געשריי ארויסגעלאָזט און ווידער אומגעדרייט איר קאָפּ צו אים. דאָס פּאָנעם איז בא איר געווען א מעשונעדיק צעקרימטס, דאָס מויל איז געווען אָפן און פארגלי־ווערט... און דער יונגער, דער מאטראָס, האָט אלץ ניט געקאָנט די אויגן אָפּרײַסן פון אים. דערנאָך האָט ער ווי מיט גוואלד דעם קאָפּ אומגעדרייט און אויסגעשפּיגן... די אלטע, זעסטו, האָט ערשט א־צט דאָס מויל אירס פארמאכט און איר פּאָנעם האָט זיך עטוואָס א צוק געטון. פון די אויגן האָבן גיך־גיך שטראָמעלעך טרערן אָנגעהויבן פליסן. דערנאָך האָט זי אפילע א פּאָר ווערטער גע־זאָגט:

— יאָסעף, — האָט די אלטע צום מאטראָס געזאָגט. — בארמי־נענס האָבן אויך פארשיידענע מאזאָלעס, א־יאָ?.. ווען מע איז מעטאהער און אף ווען — מע שפּײַט זיך אויס... דו האָסט געשפּיגן... זאָל איך זאָגן, אז דו ביסט גערעכט?.. עפשער... און ערשט איצט, — האָט זיך מיר אויסגעדוכט, וועט זי זיך אפן קאָל צעכליפּען. האָב איך זי אונטערן אָרעם גענומען און אוועקגעפירט, נאָר ניין — זי האָט ניט געכליפּעט. זי האָט זיך געהויקערט, ווי א יעדער איינער אין אונדזער עלטער, אָבער... געשוויגן...

דער אלטער איז אנטשוויגן געוואָרן. דערנאָך האָט ער דריב־נע און ווייך געפּויקט מיטן שפּיץ שטעקן אין דער בערישער פעל ארײַן און מיט א פּײַכטן קאָל ארויסגעשטאמלט:

— זי איז א קלוגע, די אלטע... און א סימפּאטישע...

דערנאָך האָט ער זיך אופגעהויבן, א פּאפּיראָס פון טיש גע־נומען, זקייניש געפּיפּקעט און פּאָטערלעך־צארט ארויסגע־רעדט:

— נו, מיילע, טאָכטער, מיילע... איך וועל דיך אליין לאָזן... ס׳איז דיר שווער... איך ווייס... וואָס־זשע, האָסט דאָך אנדערש

גאָר ניט געמיינט... יאָ, יאָ... מיטן לעבן ארומקאָמאַנדעווען, טאָכ־טער, — ס׳איז ניט אזוי לײַכט...

זי האָט מיט די פינגער אירע האָר געקעמט, און דער אלטער האָט צו דער טיר געשפאנט. ער האָט זיך בא דער טיר א רע־געלע פארהאלטן, און דאָס מיידל האָט פלוצלינג אויסגעשריִען:

— טאטע !...

ער האָט צו איר זײַן אלטן קאָפּ אומגעדרייט און קאם צו מערקן געשמייכלט.

— איך ווייס, איך ווייס, — האָט ער צו איר מיט א מאָדנעם יונגן און מונטערן קאָל געזאָגט, — אפּן פראָנט איז ניט אזוי... דאָרט טוט עס ניט אזוי וויי... דאָרט שטעלסטו לעכאטכילע אלץ אין קאָן... און... פאר עפּעס... און דאָ פארלירסטו דאָס לעבן נאַ־ריש און אומגעלומפּערט, ווי פון א לעכערדיקן טאש ארויס... יאָ, יאָ. א פעיִקער יונג געווען. און... אויסגעגאָסן זײַן ביסל בלוט אין שמוציקן רינשטאָק ארײַן... נאריש... נאריש... איך ווייס !

ער האָט זי איבער דער פּלייצע א גלעט געטון.

— נו, נו... מיילע, טאָכטער, מיילע... גיי ערגעץ. קיין פאַר־זאמלונג האָסטו הײַנט אין ערגעץ ניט? נו, אין א קלוב ערגעץ...

און אוועק מיט געלאסענעם זקיינישן טראָט און מיט אזא ווונ־דערלעכן ריינעם מארך אין קאָפּ און מונטערקײַט אין דעם אלטן הארץ.

מארטע האָט אים פארהאלטן געוואָלט, דעם קאָפּ אירן בא אים אין שויס פארשטעקן און דערציילן אים, ווי שווער עס איז מיט מענטשן אמאָל, ווי שטארק עס ווילט זיך ניט אליין זײַן, וואָס פאר אן אומבאהאָלפענע בריִע דער מענטש איז נאָך, ווי ווײַט ער ווייסט נאָך ניט, פונוואנען זײַנע אומעטן וואקסן אים ארויס, אָבער זי האָט אפּן אלטנס פּאָנעם געכאפּט זײַן קאם־קאם מערקלעכן שמייכל, און זי האָט אים דעריבער אוועקגעלאָזט און איז אליין געבליבן מיט זיך, און פארשלאָסן די טיר, און ארויס־גענומען דעם שליסל פון שלאָס, אויסגעשלאָסן דעם טעלעפאָן און פארהאנגען דעם פענצטער מיטן שווערן פאָרהאנג (דאָס ערשטע מאָל, זינט זי וווינט דאָ, באנוצט זי זיך מיטן פאָרהאנג), אנידער־געזעצט זיך בא איר ארבעט־טיש, און מיט ברייט־געעפנטע אויגן

(אזוי זעט זי בעסער) געקוקט אפּן געהאנגענעם מיט די אראָפּ־געלאָזטע ליידיקע הענט און געטראכט מיט טיפער אַכטונג און שטילער קינע וועגן דעם דארן סעקרעטאר פון דעם פּארטיי־קאָמיטעט, וועגן קאפּוסטינען, וואָס זעט זאכן אזוי בוילעט און נאַקעט, אָן זייער אָנטועכץ און אָן זייערע שאָטנס, וואָס געגארן און פארפירן אזוי, און געטראכט וועגן טיצן, וואָס האָט זײַן הייס־קעמפעריש בלוט אזוי מיַעס אין שמוציקן רינשטאָק אויס־געגאָסן.

ווען זי איז צו דעמדאָזיקן לעצטן געדאנק געקומען, האָט ערשט איצט איר הארץ — א ווידער געשטארקטס און קעמפעריש־מונטערס — זײַן אורטייל דעם מענטשן טיץ ארויסגעטראָגן. דאָס איז געווען — א טויט־אורטייל.

מאָסקווע, יאנוואר, 1927.

# יודקע קאָמונארייטשיקל.

.1

אמאָל בין איך געלעגן מיט א קינד אין א גאָלדענעם טאָג אפן שיפּוי פון א גרינעם בערגל. יענע קינד איז געווען אן עמעס קינד, און איך בין געווען איך, כאָטש א טראָפּעלע אן אנדערער, און דאָס, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געפּילט און געטראכט, איז געווען עכט און רעכט, נאָר די רייד אונדזערע זײַנען איבעריקע געווען. מיר האָבן דעמאָלט גערעדט צווישן זיך וועגן וועלט און וועגן הארץ, און דאָס איז געווען אויסגעטראכט. דעריבער האָב איך מער גאָרניט צו דערציילן אײַך וועגן יענעם קינד. וויפל קאָן דען א מענטש אויסטראכטן?

איצט זיץ איך אפן ברעג מאָסקווע־טײַך, אף א הארטער און ווײַסער, פריש אָפּגעהובלטער הילצערנער באנק, וואָס איז אזוי רעאל, ווי די ערד, אין וועלכער זי איז מיט אירע קלעצער־פיס פארגראָבן.

איך זיץ אף דער זון באם טײַך און ווארעם מײַן שטיקל גוף, וואָס „אלס אזעלכער" האָט ער, ווי באוווסט, א נעטיִע אלט צו ווערן, און דעריבער איז ער אזוי לאָהעט נאָך א שײַן פון דער זון, נאָך א פלייץ פון דעם וואסער, נאָך א פיצל פרייד און פאר־געניגן, וואָס די אלטע און קארגע באבעצי דערלאנגט א יעדן אפן שפּיץ נאָגל.

ס'איז זומער און איך בין אינגאנצן פרײַ. איר ווייסט ניט, וואָס גליק איז? אָט דאָס איז עס טאקע. איך האָב מיר קיינע פליכטן ניט, אויסער די הייליקע פליכט מיט די אייגענע הענט

אָנהאָרעווען פאר זיך און פאר אונדז פאר אלעמען צוזאמען מיט אײַך מיט אלעמען דאָס לוסטעלע ברויט מיטן פעניצל פּוטער און מיט דיזעלבע הענט שמירן דאָס פּוטער אפן ברויט און לייגן זיך אין מויל אריַין. איר ווייסט ניט, וואָס פרייד איז? אָט דאָס איז עס טאקע: איניינעם מיט אלע לײַט די ערד באפאלן און באפרוכ־פערן זי, מיט ביטערן שווייס (דערוויַיל!) די פרוכט זייען, יעטן און שנײַדן. און צו שפּעטערן האלבן טאָג א באפרײַטער און רויקער די אויגן „אויסגלאָצן״ און באקוקן זי, אָט די סאמע ליבע ערד אונדזערע!

אזוי אויך הײַנט — צו שפּעטן האלבן טאָג בין איך באפרײַט געוואָרן און אוועק צום טײַך און געמיטן דעם אולעם „קוקער״.—

— פרעגט זיך ניט נאָך, וואָס איז דאָס פאר אן אוילעם און וואָס איז דאָס פאר א פּראָפעסיִע „קוקן״ — ס׳איז אן אומעטיקע פּראָפעסיִע: מע שטייט און מע קוקט אף נאקעטע ווײַבער, וואָס וואלגערן זיך אפן פּליאזש. אייניקע פון די ווײַבער זעען כאָטש אויס ווי ווײַסע שלײַענס — איז נאָך נישקאָשע. אָבער אזעלכע איז דאָ זייער ווייניק. דער גרעסטער טייל זייערער איז (דערווײַל!) מיט גרויסע בײַכער און בריסטן, וואָס הענגען אראָפּ ווי אויסגע־מאָלקענע אײַטערס, און עס כאַפּט אָן א ראכמאָנעס אף יעדער איינער פון זיי, וואָס דארפן נעבעך אין אזעלכע היצן שלעפּן אף זיך אזויפיל גוף. ס׳איז זייער א לאנגווײַליקע ארבעט, — דאָס קוקן אף די ווײַבער, אָבער, פון ליבהאָבערישן פּרינציפּ ארויסגײ־ענדיק, איז עס (דערווײַל!) בארעכטיקט: יעדע זאך האָט זיך איר ליבהאָבער. און דער אוילעם „קוקער״ שטייט שאָען־לאנג אָנגע־שפּארט אף דער ברעג־באלוסטראדע און קוקט אף דאָס ביסל ווײַבעכץ, און מיר דוכט זיך, אז דאָס טוען זיי טפילע איבער זיי און געפינען דאָ זייער טרייסט און רו און אָפּרו — —

— — האָב איך געמיטן דעמדאָזיקן אוילעם און בין געקומען צום ווײַטערדיקן ברעג און געפונען דאָרטן קינדער — ייִנגלעך באָדן זיך.

איינער פון די ייִנגלעך האָט געהייסן יודקע קאָמונאריי־טשיקל, דער צווייטער — ליאָווקע, דער דריטער — אבראשקע, דער פערטער — סערגיי, און זיי אלע, צוזאמען מיטן גאלעכל, וואָס

איז שפּעטער צו אונדז צוגעקומען — זײַנען דאָס טאַקע יודקעס קאָמונע, פּונוואַנען עס שטאַמט יודקעס צונעמעניש — „קאָמונאַר־רייטשיקל“.

יודקע האָט זיך אין זײַן קורצן אַזויפיליאָריקן לעבן שוין עט־לעכע מאָל זעלטן אויסגעצייכנט און געהאַלטן זיך פאַר ניט קיין קלענערן מענטשן פון קאַרל מאַרקס. ניט מער — קאַרל מאַרקס איז געווען באַוואַקסן, ווי א לייב און איז געווען געגוג דיק, אַז מע זאָל פאַר אים דערעכערעץ האָבן, און יודקע איז געווען דאַר ווי א שפּאָן און לאַנג ווי דער האַלדז פון א זשיראַף, און א פּליך אויפן קעפּל האָט ער געהאַט אַזאַ מאָדנעם, וואָס איז אין קליינע פליכעלעך איבערן גאַנצן קאָפּ צעשאָטן געווען, און דאָס ביסל האָר, וואָס איז יאָ געבליבן בא אים אויפן קאָפּ, איז דאַפּקע געווען שוואַרץ און שטאַרק וואָרצלדיק, אַזוי, אַז פונדערווײַטנס האָט יוד־קעס קאָפּ אויסגעזען ניט נאָר ווי א פליכוואַטער, נאָר נאָך ערגער. הײַנט ווי זאָל מען האָבן דערעכערעץ פאַר אַזאַ מין יאַטל?

מיט א יאָר צוריק פלעגט יודקע פאַר יעדער גרינער אוגער־קע, וואָס ער פלעגט „אַראָפּשניצן“ פונעם פויערשן מאַרק, האָבן געצאָלט מיט זײַט. די פויערים פלעגן אים מיט די בײַטש־שטעק־לעך שלאָגן. און שלאָגן אָן ראַכמאָנעס: די דאַרע זײַט האָט גע־ברענט מיט א טרוקענעם פײַער.

נאָר יודקעס גרויסע געדאַנקען האָבן אים אונטערן הויכן הימל פון דאָרעם, באַם ברעג פון שוואַרצן יאַם, צורו ניט געלאָזט. יוד־קע האָט פאַרטראַכט, אַז גרויסע זאַכן קאָן מען נאָר אופטון אין א גרויסער שטאָט, און געלאָזט זיך קיין מאָסקווע.

אָט זיצן מיר ביידע, איך און יודקע, ביידע נאַקעטע אויף דער ווײַסער, אויך נאַקעטער און הייסער הילצערנער באַנק, וואָס די ליבע עמקאַכאַיִכע *) האָט פאַר אונדז אָוועקגעשטעלט דאָ, אויפן ברעג מאָסקווע־טײַך. הינטער אונדז שטייט דער שטיינערנער ריז מיט זײַן גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ. וויפל מענטשלעך שווייס און בלוט (א ביליקער אַרטיקל דערווײַל)! מע קאָן קויפן פאַר פינף

*) מ. ק. כ. — מאָסקווער קאָמונאַלע ווירטשאַפט.

און צוואנציק מיליאָן רובל — אזויפיל איז דאָ אויסגערונען  בא די שטיינער פון „קריסטוס דעם דערלייזערס" טעמפּל. און אפן קעגנאיבערדיקן ברעג זײַנען מענטשן ווי מילבן א גאנצע גאס צווייע־שטאָקיקע אלט־רוסישע הײַזער באפאלן און צעוואָרפן זיי — דאָ וועט מען בויען דעם טעמפּל פון מי. און יודקע זיצט א נאקעטער צווישן די צוויי טעמפּלען און פּײַפט הילכיק צו זײַנע כעוורע :

— אהע־ע־ע־ר! רויכעכץ פּאראן!..

איך טייל זיי אײַן יעדערן צו גוטן „עקסטרע"־פּאפּיראָס, אָבער קיין פּאָרעץ בין איך בא זיי ניט, און קײַן גרינגשעצונג צו מיר האָבן זיי אויך ניט, ווײַל זיי האָבן געזעען, ווי אפן טײַך האָט יודקע געוואָלט א כוליגאנעווע טון מיט מיר, און איך האָב אים עטלעכע מאָל אָפּגעטוקט און צוריק ארויסגעשלעפּט און איבערגעקערט מיט די פּיס ארוף אין וואסער. דאָס האָט אונדז דערנעענטערט. איך האָב עס געטון, ווײַל עס איז מיר אזוי געפעלן געוועזן און ווײַל איך האָב פאר קיין שום צופאל זיך ניט געשראָקן: איך בין פרײַ אין צײַט, קימאט איינזאם (דערווײַל!), שווים גוט און האָב כיישעק א שפּיל צו טון זיך מיט אזא, וואָס איז געווינט נאָר צו האס און ביטערער פאראכטונג פון דערוואקסענע און „ריינע". אָבער עס האָט זיך ארויסגעוויזן, אז יודקע שווימט בעסער פאר מיר, און מײַן הארץ האָט זיך אָפּגעזאָגט צו קאָנקורירן מיט יודקעס צעניאָריק הערצל, — עפּשער דערפאר, ווײַל אין מײַן הארץ האָבן אלע מענטשן ווייטיק געשטופּט און עס איז דערפון „צעצויגן" געוואָרן, און יודקעס הערצל האָט זיך פארנעם דאָזיקן שלעכטס נאָר געהארטעוועט און געשטאָלט. ווי עס זאָל ניט זײַן — מיר האָבן זיך א שפּיל געטון און אין דער שפּיל — דערנעענטערט זיך, און יודקע איז געוואָרן צו מיר אופגעלייגט, ווי צו א „געוועזענעם", ווי צו זײַנעם אַן אמאָליקן גוטן ברודער, און ער מיט זײַנע קאָמונארייטשיקלעך רויכערן מײַנע פּאפּיראָסן, און דער צונג האָט זיך בא אים צעבונדן, און ער דערציילט מיר איין געשיכטע נאָך דער צווייטער.

יודקע דערציילט זיך אף זײַן שטייגער: ער זאָגט ארויס א האלבע פראזע, פארציט זיך פון פּאפּיראָס, גיט א שפּײַ פון צווישן

דו ציין אפער, — כא־טשיק! — באקומט זיך עס בא אים — און גיט א פליק ארוף די פּאָר שווארצע אייגלעך זײַנע ווי א פויגל די פליגל פארן אופליִען — און דערציילט:

אז ער איז געקומען קיין מאָסקווע, האָט אים שיר די כאָ־ליערע ניט דערשמעקט — דרײַ טעג האָט ער קײַן שאמאָווקע אין מויל ניט געהאט. האָט ער ארומגעפּאדעט ווי א הינקענדיקער הונט, און אז עס איז ניט געווען וואָס צו טון, האָט ער זיך געגעבן א צי אויס אף קאלאנטשאָווקע אונטער א טראמווײַ, כא־טשיק! — און באסטא! האָט מען אים געגומען שלעפּן פון דאָרטן, האָט ער זיך ניט געלאָזט. הינטער אים — ביז צו די רויטע טויערן. — כא־טשיק! — א גאנצע „אָטשערעד" וואגאָנעס שטייען און ווארטן. איז צוגעלאָפן צו אים עפּעס איינע א מיידעלע. א „קאָסעפּאלעטש־קע" *) און נעמט זיך אים שלעפּן. שלעפּט ער זי פארן קליידל. פאלט זי אף אים. גיט ער זי — כא־טשיק! — א קיצל — קוויטשעט זי ווי א ליאלקעלע. ער — א קוועטש. זי — א קוויטש. גיט ער זי א כאפּ אין אן ערטעלע, — פאלט זי אין כאלאָשעס. דערטאפּט ער בא איר — כא־טשיק! — א פּאָר פּליאָטעס אף שאמאָווקע און מאכט פּיס. ארום און ארום — שפּאנא, צווישן די פּיס, ווי א שטשור גיט ער א שפּרונג און — ניטאָ! דער מילטאָן נאָך אים, די שפּאנא — נאָכן מילטאָן. זײַנער א יאטל איינער גיט א כאפּ ארויס א שטע־קעלע בא איינעם א לעקעשל און א רוק ארײַן צווישן די פּיס דעם מילטאָן. דער מילטאָן גיט זיך א צי אויס מיטן פּײַפל אין מויל. עס האָט זיך געטאָ־אָ־אָן, עק וועלט! און אלץ — כא־טשיק! — צוליב א ביסן שאמאָווקע, וואָס די בורזשויען ווארפן עס אין מיסטקאסטן ארויס.

איך האָב געשמייכלט. ניט פון דער געשיכטע. די געשיכטע איז א גאנץ געוויינלעכע. איך האָב געשמייכלט פון דער „מאָראל":

„און אלץ, — כא־טשיק! — צוליב אביסן שאמאָווקע, וואָס די בור־זשויען ווארפן עס אין מיסטקאסטן ארויס", — און איך האָב דע־ריבער געזאָגט:

— דו באקסט, כעוורעמאן.

*) קאָמסאָמאָלעטשקע.

יודקע האָט א צי געטון מיט זײַנע אייגלעך אין מײַן זײַט. אין פולשטענדיקער פאראכטונג צו מיר, האָט ער זיך פארצויגן פון מײַן „עקסטרא"־פאפיראָס בא אים אין מויל, א כא־טשיק געטון און געזאָגט:

— דו ביסט א פרײַער! וואָט ביסטו מיר, א שמארע, א געליבטע, צי וואָס, וואָס איך דארף זיך פאר דיר טשאקען? איך האָב קיין שום כיישעק ניט צו אזא מין לאָקש ווי דו ביסט... אנדערע קריכן צו מיר מיט דרײַערלעך, איך זאָל זיי מײַנע מײַסעס דערציילן, און דיר דערצייל איך עס אומזיסט, און דו...

ער האָט זיך פלוצלינג פארטראכט און אויסגעדרייט צו מיר זײַן שמאָל אויסגעדארט פאָנעם מיט די אייגלעך, וואָס די אויסערלעכע ווינקלען זייערע, די, וואָס צו די אוירן, האלטן זיך אין איין צופן ארוף. איך האָב געקוקט אף אים און געשמייכלט. איך האָב געוואָלט, אז ער זאָל מיר דערציילן נאָך עפּעס און געוווסט: אזעלכע כעוורעלײַט האלטן די צינגער פארשלאָסן הינטער די ציין, און דאָ האָט ער זיך פאר מיר צערעדט און וויל מיר דערציילן נאָך און נאָך. עפּשער האָט אים דעם צונג אופגעבונדן מײַן ווילִיונגערישקײַט, מײַן גוטברודערישקײַט צו אים. גיכער פון אלץ — דאָס לעצטע. צום לעצטן זײַנען זיי פילבאר, ווי די פײַנסטע וואָג צום געוויכט. האָב איך גערויכערט, געשמייכלט, געקוקט אפן טײַך, ווו די איבעריקע דרײַ כעוורע האָבן זיך געבאָדן, און פאָרגעלייגט יודקען:

— נו, יודקע, ווילסט? לאָמיר זיך א יאָג טון נאָכאמאָל אין וואַסער.

מיר זײַנען געשווומען לאנג, געשטיפּט אויך ניט ווייניק. איך האָב געוויזן יודקען פון וואסער די פיאטקעס (דעם גאנצן איבעריקן גוף האָב איך געלאָזן אונטערן וואסער), און ער האָט מיר דערפאר געוויזן, ווי א קלאָץ שווימט, און ווי א הונט, און ווי א קאץ, און ווי א טראָגעדיקע ייִדענע. דערנאָך האָט ער ווידער אמאָל אופגעריסן אף מיר די אייגלעך זײַנע און פון וואַסער מיך ארויסגעשלעפּט:

— שפּענצער, איך קאָן דאָך דיך! אוי, ווארט, איך דערצייל דיר באלד א מײַסע...

— ער דרייט זיך שוין ווידער ארום אָן שאמאָווקע א דריי־טעג אף סמאָלענסקער מארק, און נאָך אים שפּרינגט נאָך א שייגעצל, א מאראפּעטשיקל, א פּעגירעלע אין שמאטעס. און דאָ שטייען צוויי רויטע גויעס און פּרעגלען געשמאקן כאזער, א בראָך צו זיי, אף בראָט־פּענדלעך. זאָגט ער צום מאראפּעטשיקל:

— סענקע, דו וועסט קאָנען אראָפּשניצן א שטיקל קוויטש פון בראָט־פּענדעלע?

גלאָצט דאָס יאַטל אף אים די „שליפּעוואטע" קוקערס און גלאנצט מיט די ציין:

— הייס!..

כאפּט ער אליין אראָפּ א שטיק קוויטש, צערייסט עס אף צוויי שטיקלעך און גיט איין שטיקל דעם פּעגירעלע, אוןביידע—פּיס! פּאקט אים א מילטאָן און לויפנדיק קערט ער איבער א מולטער מיט יאגעדעס. א קוויטשעריי — ביז פּושקינען! ווערט דער מילטאָן אין קאעס און הייבט אים אָן שלאָגן. קומט צו א בירגערל מיט א פּאָרטפּעלכל און נעמט דעם מילטאָן אָן בא דער האנט, און אליין כאפּט ער שיר ניט די ניכפּע — אזוי איז ער אין קאעס אפן מילטאָן. שרייט דער מילטאָן:

— בירגער, לאָז אָפּ די האנט!

שרייט דאָס פּעטערל:

— איך ארעסטיר אייך, בירגער מיליציאָנער, מע טאָר ניט שלאָגן קיין קינדער, מע טאָר ניט!..

דער מילטאָן:

— בירגער!

דער בירגער:

— מילטאָן!

די מארק־לייט — אפן בירגערל, זיין שפּאנא — אף די מאדק־לייט, — א געשלעג — ביז גאָגל־מאָגל! דערווייל פארגעסט מען אָן אים איגגאנצן. דער מילטאָן נעמט אָפּ די דאָקומענטן באם בירגערל. ווער איז ער? א לערער. אָט א מענטש — שוין איינמאָל! דערנאָך האָט ער אים בא לונאטשארסקין געטראָפן. לונאטשארסקי אליין איז אינדערהיים ניט געווען. אוועקגעפאָרן קיין אויסלאנד מיט די בורזשויעס זיך אָפּרעכענען.

ער האָט אַף מיר מיט די אייגלעך געגלאָצט, געלאכט, געװאָר־
מען אַ פאפּיראָס און — דער גוטער יאָר װייסט אים צוליב װאָס,—
א שטיק קערטל מיט די ציין אָפּגעריסן, אויסגעשפּיגן עס, מיט
זײַן „כא־טשיק" פארענדיקט און א פרעג געטון:
— איצטער גלויבסטו שוין?
— אז װאָס?
— אז איך בין יודקע קאָמונארייטשיק פון מײַן אייגענער קאָ־
מונע, און דו ביסט יענער לערער.
— ניין. דו שאטקעװעסט קרויט. דו האָסט קיין שום קאָמונע
ניט, דו ביסט א גאסן־לאָבוסל און — גאָר.
— אָט א מין... דו האָסט דאָך אליין געזען... דו ביסט
דאָך — אַ לערער.
— איך?..
איך האָב א טראכט געטון. ניין, איך בין קיינמאָל קיין לע־
רער ניט געװען. און אויב איך שלעפּ זיך שטענדיק ארום מיט א
פול הארץ פרעמדע װייטיקדיקע געמיטער, װאָס פּײַניקן מיך מער
פאר מײַנע אייגענע װייטיקן, הייסט דאָס דען, אז איך װיל עמעצן
עפּעס לערנען? ניין. איך בין קיין לערער ניט געװען און װיל
עס ניט זײַן. איך האָב א גרייט הארץ פאר א יעדן מענטשלעכן
װייטיק און פרייד. דאָס — יאָ. אָט האָב איך געעפנט די קרומע
טיר פון מײַן הארץ און ארײַנגעלאָזט אהין יודקען. װער איז ער?
פונװאנען קומט ער? געװיס האָט זײַן נעסט צעשטערט אָדער די
מילכאָמע, אָדער דער בירגער־קריג, און ער איז ארויסגעװאָרפן
געװאָרן אַף דער גאס, און די גאס האָט זיך מיט אים געװאָרגן
און ניט געקאָנט דערשלינגען אָדער דערשטיקן, װי אנדערע טויזנ־
טער. פארװאָס? װער װייס? נאָר זײַן פאנטאזיִע איז פריש און
אָנציִענד, זײַן קינדערשער טרוים באװעגט יעדן קער זײַנעם —
דאָס איז זײַן קװאל, פונװאנען ער שעפּט מוט און לעבנסלוסט,
דאָס איז אויך זײַן פאנציר, װאָס פארהיט זײַן לײַב פון פוילונג
און קרעץ, כאָטש דער קאָפּ זײַנער איז שוין געריררט, סײַ פון
דרויסן — פליכעלעך קליינע איבערן גאנצן קאָפּ זײַנען צעשאָטן,
װוּ קיינמאָל, קיינמאָל װעלן שוין קײַן האָר ניט װאקסן, —
סײַ פון אינעװייניק — פליכעלעך אפן מארך־הײַטל, װאָס שטערן

צו טראכטן קאָנצענטרירט און צילמעסיק, וואָס מישן אויס טרוים מיט וואָר, פארלאנג מיט פאקט. זײַן מארך איז געווען פארוואַ־סערט און פארבלאָטיקט. און האָט עמעצער זיך געוואָלט מיט אים דורכשפאצירן איבער דעם וועלטל פון זײַנע קינדערשע באגערן און דראנגען, האָט יענער געמוזט צוזאמען מיט אים שפּרינגען פון איין דאָרן אפן צווייטן, ווײַל צווישן די הארטע דערנער — געזונטע מארך־קעמערלעך — איז געווען וואסער, בלאָטע, אָפּגרונט. איך האָב דעריבער זיך געלאָזט שפּרינגען נאָך אים און גאָר שלעכט א פאלשן שפּיל זיך געטון מיט אים:

— יאָ, איך בין דאָס יענער לערער. נו, איז ווי־זשע, צו לו־נאטשארסקין האָסטו זיך דערשלאָגן?

ער האָט זיך דערפרייט.

— ווארט צו א ווײַלע... ביז לונאטשארסקין איז נאָך אר־בעט געווען...

און —

— ער שטייט אזוי איינמאָל באם קלויסטערל אף אָכאָטנע. מע האָט נאָר־וואָס דעם גרויסן גלאָק דאָרט אראָפּגענומען. פינף הונדערט פוד וואָג. פון הוילן מעש: א ריר מיטן נאָגל — קלינגט עס, ווי א סטרונע. ערשט ער הערט — א געשפּרעכל פאר־פירט זיך:

— אהין־אהער... א יידישע מעלוכע... אלע קלויסטערס נעמט מען ארונטער און... גאָרנישט... דער רוסישער מענטש, דער באר — ער... שווײַגט...

זאָגט איינער...

— עס שטערט די באוועגונג...

זאָגט א צווייטער:

— עס איז ניט מער ווי אן אויסרייד ...

זאָגט א דריטער:

— מע דארף ציגל אף בויען הײַזער פאר מענטשן...

זאָגט א פערטער:

— גענוג ארבעטלאָזע פאראן אף קנעטן ליים און מאכן ציגל...

א געשפּרעכל — א לעבעדיקס. מע קען זיך צוהערן און מע קען זיך ניט צוהערן, ווי איינעם גלוסט זיך. ווערט לאנגווײַליק

און ער קלײַבט צונויף זײַן פּעקל ביינדלעך און וויל זיך ווײַטער גיין, — ערשט ער הערט — אַ ייִד שטעלט זיך אַנידער אַגיטירן פֿאַר די קלויסטערס און נעמט זיך אָן פֿאַר דער מאַמען. אַ רו־סיש רעדט דאָס קאַפּויר — ווי מע דאַרף אַ „זע" רעדט ער אַרויס אַ „זשע" און פֿאַרדרייט, נאָר יונגע גוייִם כויזעקן פֿון אים און אַלטע גוייִם האַלטן אים אונטער.

— איין גאָט, — קוויטשעט אַן אַלטינקע פּריצטעלע און טרייסלט אַלץ מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט בײַ איר אויף פּרוזשינעס געזעסן, — איין גאָט סײַ בײַ ייִדן, סײַ בײַ קריסטן, — איין גאָט אין דרײַ געשטאַלטן.

— אַ פּאָרנט מיט צוויי הינטנס, באָבעשי, יאָ?

— ?

ווערט אַ געלעכטער, און די אַלטע צעטרייסלט זיך מיט איר קאָפּ אין טשעפּטשיקל, ווי עמעצער וואָלט די פּרוזשינע אַ שנעל געטון.

— ניין, צוויי געטער, באָבעשי, איז שוין איצט פֿאַראַן, איי־נער — אײַערער, דער צווייטער — אונדזערער — דער באָלשעוויס־טישער, — און קאַרלאַ מאַרלאַ — זײַן נאָווי, זאָל זיך הייליקן זײַן נאָמען!

און דער ייִד וויל אַלץ ניט שטיל ווערן:

— מיט קיין כויזעקלעך, בירגער, קומט מען אין אַזעלכע זאַכן ניט אָפּ. צו וואָס דערצאָרנט מען דאָס פֿאָלק? דאָס פֿאָלק גלויבט, און איך גלויב אויך. אַ נאַפּקעמינע — יעדערער גלויבט אויף זײַן אויפֿן — אַ כּילעל־האַשעם!

מאַמעש — אַ מעשוגענער ייִד.

פֿאַלט יודקען אײַן, אַז קיינע שום געטער זײַנען ניטאָ, — מע זעט זיי ניט, — נאָר דעם ייִד קען ער אָנשרעקן. יודקע קען ווערן אויף אַ ווײַלע אַ באָלשעוויסטישער גאָט. רעדט ער זיך צונויף מיט ליאָווקען און יענער קריכט אַרויף פֿון דער צווייטער זײַט פֿאַרקן און לאָזט אַראָפּ אויפֿן ייִדנס קאָפּ אַ ציגל. ווערט אַ טומל, און עס קומט די גיכע הילף, און מילטאָנעס אויף פֿערד קומען צו רײַטן, און עס טוט זיך — טעאַטער!

— דו מיינסט — אַ ליגן? — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט —

דו האָסט דאָך געזען, דאָרטן, אַף סמאָלענסקער מארק — פּונקט אזוי... נא, אָט איז ער...

צו אונדזער באנק האָט זיך געריקט א גאלעכל. ער איז גע־ווען שרעקלעך אָפּגעלאָזן, און אַן אויסזעען האָט ער געהאט זייער א ניוועדיקן. ער האָט צו יודקען א באַסאָווען ברום געטון:

— יודקע, דאָס וואסער איז ווארעם?

— טײַער פּאָטערל, א מעכאיע! פּונקט צו דער מאָס! טויוול זיך, פּאָטערל, טויוול זיך — מע דארף באלד נאָך צײַטונגען לויפן.

עס איז געווען אומגעפער ארום צוויי באַטאָג. איך האָב זיך שוין געהאט גענוג אויסגעשווענקט, גענוג אויסגעווארעמט. איך האָב בא יודקען א פרעג געטון:

— ווער איז ער?

— פון מײַן קאָמונע.

ער האָט א פליק געטון מיט די אייגלעך ארוף:

— פריִער געשטאנען א קליין קלויסטערל. דאָרט האָב איך מיט מײַן קאָמונע דירע געהאט. געצאָלט אים צען קאָפּיקעס א נאכט מיט אָקרעפּ. האָט מען דאָס קלויסטערל אראָפּגענומען, און ער איז געבליבן אין גאס. געוואָלט נעדאָוועס בעטן, זאָג איך צו אים: — ווארף, פּאָטערל, די ניוועדיקע מעלאָכע — קיין נעדאָוועס גיט שוין איצט קיינער ניט — ביפראַט נאָך א גאלעך. קום בעסער צוזאמען זוכן א קעלער פאר דער גאנצער קאָמונע, און דו וועסט זיך שטעלן אפן ראָג צײַטונגען פארקויפן. „שניצן“ קאָנסטו דאָך ניט!

יודקע דערציילט, אז דאָס גאלעכל האָט אים א קוק געטון אין די אויגן און א זאָג געטון:

— דײַן עלטער־זיידע איז אויך געווען אזא — יודקע פארעטער. גוט: איך וועל פארקויפן די „וועטשאָרקע“.

איצט שטייט דאָסדאָזיקע גאלעכל אַף טווערסקאיא און פאר־קויפט די „וועטשאָרקע“. מע קויפט בא אים וויִיניק. שרײַען קען ער ניט, נאָר — נישקאָשע! מיט דער צײַט וועט ער זיך אויס־לערנען. מיר האָבן מיט ליאָווקען אָפּגערעדט: שפּעטער אביסל וועלן מיר אים באָרד און פּייעס אָפּשערן, און א האלבן קאפּטן אָפּשנײַדן — דרײַ פּאָר הויזן קען מען פון זײַן האלבן קאפּטן מאכן.

ער איז... א צעדרייטער, — האָט יודקע פריילעך מיט די אייגלעך א בליץ געטון, — א מישפּאָכע אזא, זײַן ברודער — אויך. איך האָב אים געטראָפן בא לונאטשארסקין. — צו אנאטאָלי וואסיליעוויטשן באדארף איך, — זאָגט ער. צו וואָס? — פרעג איך. — צען קאָפּי־קעס בא אים נעמען, — זאָגט ער. ער גייט אום איבער די גאסן, דער ברודער זײַנער, און אז ער טרעפט איינעם מיט א פּאָרטפעל, גיט ער אים א ריר בא דער פּלייצע און שטעקט אים „שאָלעם־אלייכעם". איך האָב אליין געזעען: איינער איז געווען אזוי פאר־טראָגן, אז ער האָט אים געגעבן די האנט, און אז ער האָט א קוק געטון אף אים, האָט ער דערזעען, אז ער איז א מעשוגע־נער. וואָס דארפסטו? — פרעגט ער בא אים. — צען קאָפּיקעס, — ענטפערט ער אים, און לאכט ניט, נאָר רעדט ערנסט. — אהא! איך בין א כיטרער!

— נאָר דער איז א פלאָקן, — האָט יודקע אפן גאלעכס שמא־טעס אף דער באנק אָנגעוויזן, — גאנצע נעכט שטייט ער אויס אף די קני און האלט אין איין פּרעפּלען. וואסקע האָט אים איינמאָל געוואָלט דעם קאָפּ שפּאלטן.

— וועלכער איז וואסקע?

— ער איז דאָ ניטאָ. ער איז אָן פּיס. ליגט אין קעלער. ער האָט אויך געהאנדלט מיט „וועטשאָרקעס". א טראמוויַי האָט אים ביידע פּיס אָפּגעשניטן — ביז דער פּיפּקע. א פּארוואָרלאָזטער גע־ווען — וואסקע. ניט געווען, ווער זאָל זיך פאר אים אָנעמען. וועגן דעם טאקע גיי איך צו לונאטשארסקין — ער זאָל זיך פאר וואסקען אָנעמען, דער טראמוויַי זאָל אים צאָלן לימענטן פאר דער קאָמונע. ער איז דאָך אויך אין דער קאָמונע, און אלץ טיילן מיר אף גלײַך. דער גאלעך — אויך. נאָר איך טרעף אים אלץ ניט — לונאטשארסקין — קיינמאָל אינדערהיים ניטאָ. אסאך איניאָ־נים האָב איך צו אים, צו לונאטשארסקין...

וועגן די „לימענטן" האָט יודקע ארויסגערעדט אלץ אף גיך און קימאט בעסאָד, איך האָב געזעען, אז וועגן דעם האָט אפילע די קאָמונע ניט געוווסט.

איך האָב געזעען, אז יודקעס פּליכעוואַטע קעפּל ארבעט, און איך האָב ווײַטער אין די הייליקע ווינקעלעך פון זײַן ווונדער־

לעכן לעבן ניט געטראָטן. איך האָב זיך דערפון אומישנע אָפּגע-זאָגט, ווײַל... איך האָב אויך פאַרזוכט שלעכטס אף דערדאָזיקער וועלט, און מײַן הארץ איז פון דעמדאָזיקן איבערגעלעבטן שלעכטס ווייך און שלאָף געוואָרן, און פאַר יודקעס הארץ איז דאָסדאָזיקע שלעכטס נאָר א שאַרפשטיינדל אף אָנצושאַרפן זײַן האַק, מיט וועלכער ער גייט זיך זײַן לעבן בויען. איך האָב זײַן בלאַנקע האַק ניט געוואָלט פאַרזשאַווערן מיטן מוטנעם וואַסערל פון מײַן ליריק און דעריבער מער אים דערוווײַל ניט גערירט.

איך האָב נאָר געזעען, ווי ער איז האַרט צום ברעג צוגעלאָפן, צונויפגערופן זײַן כעוורע (מיטן גאַלעך), ווי מע רופט צונויף אַרבעטער צום עסן אָדער צו דער אַרבעט, און די כעוורע האָבן אים געפאָלגט און זײַנען גיך פון טײַך אַרויס.

איך האָב אויך געזעען, ווי דרײַ קינדער זײַנען געזעסן אף דער האַרטער הילצערנער באַנק, דרײַ אויסגעדאַרטע, בלויע קינ־דער, וואָס האָבן מיט ציטערדיקע הענט געזוכט די לעכער אין זייערע שמאַטקעלעך, וווּהין די פיס אַרײַנצושטעקן. לעכער איז געווען אַסאַך, און עס האָט בא זיי גענומען א היפּש שטיקל צײַט, ביז זיי האָבן די ריכטיקע לעכער געפונען.

איך האָב געזעען, ווי זיי זײַנען געזעסן אויסגעזעצט אף דער באַנק, ווי אָפּגעפליקטע פאַרפרוירענע פייגל, און ווי יודקע האָט מיט זײַנע אייגלעך אין דער הייך געפליקט, ווי א פויגל מיט די פליגל פאַרן אָפּפליִען.

איך האָב אויך געזעען, ווי זיי האָבן זיך מיט פלינקע באָר־וועסע טריט אוועקגעטראָגן צו דער דרוקערײַ נאָך צײַטונגען און ווי דער גאַלעך האָט ניט געקענט לויפן און איז דעריבער אָפּגע־שטאַנען פון זיי.

יאָ, אזוינס האָב איך געזעען אין מײַן ערשטער באַגעגעניש מיט יודקע קאָמונאַרייטשיקל.

.2

און אָט איז ווידער דער הימל הויך און לויטער און אָנגע־צויגן ווי א פּויק, און די ערד אייטערט נאָך אַלץ מיט אַסאַך פינצ־טערע נאַסע קעלערס און לעכער.

איך בין געקומען צו יודקען צוגאסט און געטראָפֿן אים א פֿארנומענעם.

אין קעלער איז געווען האלב־טונקל. פֿון א ווינקל האָט זיך צו מיר דער אָנפֿיסיקער וואסקע ארויסגעקוילערט. ער האָט ארופֿ־זגעקוקט צו מיר מיט זײַנע גרויע מוטנע אייגעלעך, און זײַן צע־שויבערטער קאָפּ איז געווען ענלעך אף א שטעכערל, וואָס האָט ײַנע נאָדלען אופֿגעשטעלט.

וואסקע האָט צו מיר א ווונק געטון מיטן לינקן אייגל און א פֿרעג געטון:

— צו וועמען, אײַער געזונטעלע, צו יודקען?

יודקע איז געווען פֿארנומען מיט עפּעס א נײַעם פֿארשוין און וואסקע האָט מיך אף א ווײַלע פֿארהאלטן:

— רויכעכץ פֿאראן?

מיר האָבן ביידע פֿארויכערט, און וואסקע האָט זיך אוועקגע־קוילערט פֿון מיר און גענומען זיך יודקעס ארבעט טון: מיט קליינע פּיצלעך אײַז רײַבן א געלן קאָפּ, וואָס איז אין צווייט ווינקל געלעגן פֿארגראָבן אין שמאטעס.

יודקע איז צו מיר צוגעלאָפֿן, און ווען ער האָט מיך דערקאָנט, האָט ער זיך אביסעלע אנטוישט:

— א־א! נו, קיין פּאָטעלן האָבן מיר דאָ ניט, זעץ זיך אף וואָס דו שטייסט, — איך האָב איצט קיין צײַט ניט.

יודקע איז אנטלאָפֿן צום געלן פֿארשוין, וואָס איז אפֿן איינ־ציקן טאפּטשאן געלעגן, און זיך ווידער געפּאָרעט בא אים, און איך האָב זיך אנידערגעזעצט „אף וואָס איך בין געשטאנען״, אופֿ־געהויבן מײַנע קני און ארומגענומען זיי מיט די הענט, ווי מע נעמט ארום אמאָל א פּאָר קינדערלעך, וואָס קומען צו דיר צו לויפֿן: איך האָט געדאנקט און געבענטשט מײַנע פֿיס, וואָס האָבן מיך אהער געבראכט צו דידאָזיקע הייסע קינדערשע געבליטן, וואָס ברענען אזוי ראשיק און ווילן ניט פֿארברענט ווערן.

איך בין געזעסן אין קעלער אף דער ערד, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז ווי גרויסע וואסערן וואשן זייערע גרונט־זאמדן אזוי וואשט די מאָסקווער גאס דאָס ביסל מענטשווארג, וואָס לעבט, אָטעמט, ווארגט זיך אף די צעגליטע אספאלטן און שטיינער

אירע. אסאך פון דעמדאָזיקן מענטשוואַרג ווערט צעריבן און צע־מאָלט אף שטויב און ווערט מיטן בעזעם אראָפּגעקערט און ארויס־געפירט אויסער דער שטאָט און פארברענט. אַסאך, ווידער, זאמלט זיך, ווי דאָס קאָסמאָס־שטויב, אין הײַפעלעך, שטיינדעלעך, ווערט פארהארטעוועט און אויסגעבילדעט אין באזונדערע גרויסע און העלע לעבנס, וואָס פלאקערן אין אלעמענס גאסן און פלעצער און וואַרעמען אלעמענס געמיטער.

פארוואָס קוקט מען בא אונדז אזוי אָפט אין פרעמדע פענצטער ארײַן? וואָס איז דען דאָרטן דאָ צו זען? פארוואָס גיט מען ניט אמאָל א קוק פון דעם אייגענעם פענצטער אף דער גאס ארויס?

דאָס אלץ האָט זיך בא מיר אין קאָפּ געפלאָנטערט, ווען איך בין געזעסן אליין, און יודקע איז מיט זײַן פארשוין פארנומען געווען. און ווי נאָר יודקע האָט זיך צו מיר צוריקגעקערט, זײַנען אלע דידאָזיקע וויסטע כאלוימעס מײַנע געפייגערטע אנידערגע־פאלן און ניט געוואָרן, און יודקעס פּאָר ווערטער, וואָס ער האָט צו מיר געזאָגט, זײַנען ווי שטריק געווען, וואָס האָבן מיך פון דער בלאָטע ארויסגעשלעפּט.

יודקע האָט צו מיר א שמייכל געטון מיט זײַנע בלאנקע ציינדלעך:

— ס'האָבן דיר מײַנע מײַסעס פארשמעקט, א? לעקיש איי־נער, אליין זעסטו גאָרניט, וואָס ארום דיר טוט זיך? אָט האָסטו אים — א זעקל ביינער — אין מיסטקאסטן ארויסצוווארפן, — האָט ער אפן געלן אָנגעוויזן.

מײַן יודקע איז א צעניאָריק יאַטל — הייסט דאָס, אז ער קען זײַן אי א דרײַצניאָריקער, אי א פערצניאָריקער, אי א פונפצניאָ־ריקער. אזא איז ער טאקע — לויט די יאָרן זײַנע, לויטן „קאָפּ" און לויט דער צאָל שווערע לאָגלען וואָגלעניש, וואָס ער שלעפּט אזוי לײַכט אף זײַנע דארע פּלייצעס.

מײַן יודקע איך נאָך אף דרײַ פערטל א גאסן־יונג און שפּײַזט זיך דערמיט, וואָס עס פאלט אים פון דער גאס אין מויל ארײַן, און קלײַבט זײַנען פריידן און ווייטיקן אף די שפּיציקע און צע־גליטע שטיינער פון די מאָסקווער גאסן.

זאָט לייגט מיר יודקע פאָר:

— דו ווילסט? איך קען דיר די גאַנצע פּאַסקודנע געשיכטע זיינע דערציילן, — דעם גזלנס, הייסט עס, וועמען ער האָט נאָר־וואָס די שלייפן מיט צעמאָלענעם אייז געריבן.

— ער איז אויך פון דיין קאָמונע?

— ניין. א גזלע אוגערקע, אן אלטער באַקאַנטער יאַט פון טמאָלענסקער מארק.

יודקע גיט א וויש אָפּ די הענטלעך זיינע אָן די הויזן און דערציילט:

ער גייט אַזוי מיט א שטיקל צייט צוריק פון קינאָ, ערשט ער זעט — א דראָזשקעלע און אַפן דראָזשקעלע א גזלער קאַשטן שלאָגט זיך מיט א מילטאָן. דער מילטאָן שטייט אַפן טרעפּל און האלט דעם גזלן פאַר ביידע הענט און ליגט מיט זיין בויך אַפן גזלנס לייב און לעבן. דער גזלער רייסט זיך יעדע ווײַלע בא איט ארויס און שלאָגט דעם מילטאָן. דער מילטאָן קוקט זיך ארום אין אלע זייטן, און אַז קיין מענטש זעט זיך ניט נאָענט, גיט ער דעם גזלן א רוק אריין מיטן פויסט אין די ציין און פאָרט ווײַטער. יודקע קוקט זיך גוט צו, ערשט ער זעט — אַן אלטער באַקאַנטער, באָריסקע דער גזלער פון סמאָלענסקער מארק זיצט עס אף דעם דראָזשקעלע. — מיט ווייַנפּערלעך האָט ער געהאַנדלט און א מייסע איז מיט אים פּאַרלאָפן. גיט ער א שפרונג ארויף אַפן צווייטן טרעפּל פון דעם דראָזשקעלע און רופט:

— באָריסקע, גזלער ביינקאַרט, ווו האָסטו זיך עס אַזוי אָנגעזשליאָקעט? א בראַנד אין דיינע געהירן אריין!

און צום מילטאָן זאָגט ער אַזוי:

— אנו, גיב נאָר א שלעפּ ארויס דעם גאַנצן בוך סאָוועטסקע זאַקאָנעס, ווייַז, ווו שטייט דאָרט געשריבן, אַז מע מעג שלאָגן א פרייַען שיקערן בירגער?

מאַכט זיך דער מילטאָן טאַמעוואַטע און גיט זיך ווידער פון זיין זייט א פרעג:

— און ווער ביסטו דאָס אַזוינער און אַזעלכער?

ענטפערט אים יודקע:

— דו מוליר מיר ניט קיין ציין...

ווערט ער קנאַפּ ניספּאָעל און וויל יודקען פּאַר אַ שטיקל קאָלנער אַ נעם טון, גיט זיך יודקע אַ גליטש אויס פון זײַנע הענט און גיט אים פריילעך אַ זאָג:

— ניט קײַן טאַטנס, ניט קײַן מאַמעס — אַליין פּאַר זיך אַ שפּרינגפייגעלע בין איך. וואָס דען? זײַנער אַ ברודער בין איך— און אַף ווייכער צו מאַכן דעם מילטאָן זאָגט ער צו אים:

— אַ פּאַרפּאַלענער שיקורניק איז ער, דער בראַטאָק מײַנער, וואָס ווערסטו זיך מיט אים דאָ ארומכלאָפּאָטשען און באַ אַ קליאַ־טשע דעם קליאַק פון די ביינער ארויסציִען, לאָז מיך, איך וועל אים שוין אהיים ברענגען, ער וועט שוין כאַפּן באַ מיר, אַ שי־קורניק אַ מין!

גיט דער מילטאָן אַ קוק אַף אים, ער — אַפּן מילטאָן, דער געלער פאַרמעסט זיך דערווײַל אַף זיי ביידן, און יודקע וואַרפט אים פון דעם דראָזשקעלע אַראָפּ.

מיילע, האָט דער מילטאָן דאָס פּאַסיקל זײַנס צורעכט גע־מאַכט, דעם שפּײַער אַף הינטן פאַרוקט און אוועק זײַן וועג. ניטאָ זיך נאָך ווּעמען צו יאָגן: אין די צענדליקער וואַלגערן זיי זיך איצט אין די גאַסן — די שיקורניקעס. צוליב זיי, צוליב די שי־קורניקעס, קען זיך אַ מילטאָן מיט קיין רעכטן בירגערל ניט פאַרנעמען. איז ער צופרידן, וואָס ער איז פּאָטער געוואָרן און איך ברענג דעם געלן צו שלעפּן צו זיך אין קעלער, שלאָפט ער אָפּ באַ מיר אין קעלער צוויי מעסלעס, און אַף דרײַ מעסלעס ווערט ער פאַרפאַלן און אין אַ וואָך ארום קומט ער זיך צו שלעפּן אַ טויט-שיקערער און צענעריקטער און זאָגט צו מיר:

— יודקע־ע, אוי־אוי־אויס! אַן ע־ע־עק! כ׳שטאַרב!

— וואָס־זשע, זאָל איך די גיכע הילף צו אים ארויסרופן, צי וואָס? שוין צוויי מעסלעס, אַז ער וואַלגערט זיך אַזוי און ברעכט ראַק — די גרינע גאַל שוין אויסגעבראָכן. לעכאַטכילע געמיינט — שיקער, מע דאַרף אים מיט אַ פלעשל אָפּמינטערן — געפּרוּווט אים אַ פלעשל צום מויל דערלאַנגען, קען ער עס אין מויל ניט נעמען — ברעכט און ברעכט און גאָר!

יודקע האָט זײַנע רייד איבערגעריסן. פון טאַפּטשאַן האָט זיך אַ קנויל שמאַטעס שווער אופגעהויבן און גערוקט זיך אַף אונדז.

זייַן געלער קאָפּ האָט אין האלב־טונקל געפלאַקערט, און די אויגן זייַנען געווען, ווי צוויי שוואכע פייַערלעך אפן ווינט — אָט־אָט לעשן זיי זיך אויס. דער געלער האָט געטראָטן זייער שווער. ער איז אף אונדז געקראָכן, ווי עס קריכט א „העלד" פון עקראַן אראָפּ אין א „טראגישער" מינוט: ער האָט אונדז פארדעקט, פאר־שטעלט, געוואָלט אונדז צעטרעטן, צערייַבן, צעמאָלן. ער האָט זיך א הילכיקן פאטש געטון אין דער אָפענער ברוסט און ארויס־געיאָמערט:

— יוד־ד־קע־ע, כ׳פלא־א־אך!

יודקע איז אף די פיס אופגעשפרונגען. וואסקע האָט ווי א פּילקע אין דער לופטן א טאנץ געטון, און איך האָב מייַנע הענט אויסגעצויגן און געוואָלט לאָזן פאלן דעם געלן אהין אף אוועק־צוטראָגן אים צוריק אפן טאפטשאן. נאָר דער געלער איז אף זייַן אָרט אנידערגעפאלן, און יודקע האָט אים רירן ניט געלאָזט, — זאָל ער ליגן, ער וועט דערגיין, אָדער אליין צו זיך קומען. — רייַב, רייַב אים די שלייפן, וואסקע, ריר זיך, קלעצל!

יודקע האָט מיך בא אן אקסל א צופּ געטון:

— קום, שטומער צונג, איך וועל דיר עפּעס דערציילן.

און אז איך בין ארויס מיט אים אפן הינטערהויפל, האָט ער זיך פּלוצלינג צו מיר אויסגעדרייט און א פרעג געטון:

— צו וואָס קריכסטו אהער? ווּעמען זוכסטו דאָ?

איך האָב אים אופריכטיק געענטפערט:

— יודקע, איך בין געקומען צו דיר צו גאסט.

יודקע האָט מיר דערוף גאָרנישט ניט געענטפערט. ער איז ארומגעלאָפן איבערן שמאָלן הינטערהויפל און געריעדט קימאט צו זיך אליין און איך בין אים נאָכגעגאנגען און געהערט:

— א יאט זעצט זיך אנידער אף א דאך פון א צוג און קומט צו רייַטן קייַן מאָסקווע. גוט. זעט ער, אז מאָסקווע איז א גרוי־סע שטאָט, און ער איז א געל אוגערקעלע, וואָס קען צעפוילט ווערן פון די רעגנס, וואָס כליופּען שוין דרייַ טעג נאָכאנאנד. קלייַבט ער זיך אריבער אין דער מארינעראָשטשינע אריַין און געפינט דאָרטן א כעוורעמאן, וואָס גיט אים א זעקל אף דער פּלייצע און אן אייַזערן גראבל-שטעקעלע אין דער האנט:

— גיי איבער די הויפן, — זאָגט ער צו אים, — און קלײַב בײַ־נער מיט שמאטעס. נאָר קיין ביינער מיט קיין שמאטעס איז איצט ניטאָ, צו פערטל פונט ברויט א טאָג גיט מען, און ברויט זאָגט מען צו, און פון דעם צוזאָגעכץ ווערט אזש טרוקן און ביטער אין מויל, ווײַל די בריוו־טרעגער האָבן אויך קיין שמאטעס מיט קיין ביינער אין די מיסטקאסטנס ניט געפינען. נאָר קעץ אף די בוידעמער זײַנען פאראן. קעץ פלאָדען זיך שטענדיק אָן א שיר און אָן א ברעג. שלעפּ קעץ. די פעלכלעך וועלן מיר זיך אויסארבעטן און פארבן, אז עס וועלן זיך מעכאיעדיקע קאָטיקלעך באקומען. און אפן פלייש וועט זיך אויך געפינען א באלן.

גוט. שלעפּט ער קעץ.

דערשמעקן מארינעראָשטשינער יאטן, אז בא צוויי נאקעטע פּופּקעס האָבן זיך קלינגערס באוויזן. שיקן זיי ארײַן צו זיי א יאט מיט אן אָפּגעקראָכענעם בער און מיט א צעשאָסענעם פּויק און הייסן זיי נעמען אים אין דער שוטפעס ארײַן: עלעהיי וואָס, עס איז שוין אוועק א יאָר און מער, און די פעלכלעך גייען גוט, נאָר דאָס קאצן־פלייש וויל שוין מער קיינער ניט קויפן — וועט עס דער בער עסן, און מע וועט גיין מיט אים איבער די הויפן און פויקן אין פויק און טאנצן מיטן בער, און די פעלכלעך וועט מען זיך ווײַטער פארבן, וועט זײַן — אן עמעסער טרעסט!

גוט.

נאָר דער בער איז פארמאשקנט בא איינעם פאר צען טשער־וואָנצעס, דארף מען אים אויסקויפן, זויל באָריסקע ניט, א קעצן־שלעגער וויל ער זײַן און קיין בערן־טרײַבער — ניט! שלאָגט מען אים ביזן האלבן טויט ארײַן, און מע ווערט מושווע פאר זיבן טשערוואָנצעס און צוויי טשערוואָנקעס אף סאמאָהאָן.

גוט.

נאָר באָריסקע האָט דאָ ווידער זײַן מיין דערבײַ: נײַן טשער־וואָנצעס גיט ער אויס, אין דער כעוורע פארשרײַבט ער זיך, צוויי צֵיין, וואָס מע האָט אים בעשאסן געשלעג אויסגעהאקט, שטעלט ער ארײַן גאָלדענע אף אלעמענס כעשבן, און סאמאָהאָן טרינקט ער מיט זיי, און דעם בער קאָרמעט ער אָן מיט געשטויר־סענעם גלאָז. — ער וויל ניט זײַן קײַן ציגײַנער, — זאָגט ער, —

דער טאטע זײַנער איז געװען א קרעמער אפן מארק, און ער װעט אויך דאָסזעלבע זײַן. — און עס װערט אויס בער און אויס מײַסע, — ניט מער — די מארינעראָשטשינער יאטן פּאקן אים און רײַסן בא אים ארויס די גאָלדענע צײין, װאָס ער האָט זיך גע־לאָזט ארײַנשטעלן אף אלעמענס כעשבן, — און ער אנטלויפט אף סמאָלענסקער מארק מיט יאגעדעס און מיט װײַנפּער־לעך האנדלען.

— װי מײנסטו, עס װעט אים אָפּגײין, צי נײן? — האָט זיך יודקע צו מיר געװענדעט.

— מע דארף רופן א דאָקטער,

— מע דארף ניט, מע טאָר ניט! — האָט יודקע קימאט אויס־געשריִען, — מע זוכט אים ארום, ער האָט א נעקײװע א האנט אויסגעבראָכן. עס װעט אים מיסטאָמע אָפּגײן, דעמאָלט װעלן מיר זעען. עלע ניט — װעט ער כאָטש ניט אפן מיסט שטארבן — א לעקעשעװאטער איז ער געװען, א װוילער, געגעבן שטענדיק געלט אף שאמאָװוקע, װיפל איך האָב אלײן געװאָלט. דו װײסט, — האָט זיך יודקע פּלוצלינג צעהיצט און די אײגלעך האָבן זיך בא אים א פליק ארויף געטון, — איך װעל אים פארברענען אין דער קרימעטאָרקע, אויב ער װעט שטארבן. א נעכפּע אף די בורזשו־יעס, זײ אף צעלאָכעס! איך װעל קומען אין דער קרימעטאָרקע און זאָגן: — אָט איז געשטאָרבן א העלד פון דער מארינעראָ־שטשינע און פון סמאָלענסקער מארק, א קאנדידאט אין א שײנעם פײַנעם דאָפּר ארײַן, א געלע אוגערקע, װאָס איז דערטרונקען געװאָרן אינעם גרינעם בראָנפן, א קאָרבן פון דער בורזשויסקער מארינעראָשטשינע. זאָל לעבן די ראטנמאכט און די קרימעטאָרקע, װאָס לאָזט ניט װאלגערן זיך ערלעכע גאסן־פּראָלעטאריִאטן און פארברענט זײ אין אונדזער קאָמוניסטישער קרימעטאָרקע. ערע זײַן אָנדענקען! און מע װעט אים פארברענען, אָט װעסטו זעען!

איך האָב שוין הײַנט געהאט דאָס צװײטע מאָל די געלעגנ־הײַט צו באמערקן, װי יודקע קומט אין עקסטאז ארײַן פון זײַנע אײגענע װערטער. ער װערט פון זײ פּאָשעט פארשיקערט, ער פארעדט זיך און פליט אף זײ, װי אף פליגל. די גרויסע װאָרט־סטיכיִע הײבט אים הויך און טראָגט אים װײַט, און ס'איז דעמאָלט

שווער אים אראָפּצושלעפּן צו זיך און צו דער ערד. איך האָב דעריבער אויסגעוואַרט א ווײַלע, און ווען ער האָט אף מיר א קוק געטון מיט אביסל ניכטערערע אויגן, האָב איך אים א פּאפּי־ראָס געגעבן און א פרעג געטון:

— ווי־זשע איז די מײַסע מיט דער נעקייווע, וואָס ער האָט איר א האנט אויסגעבראָכן?

ער האָט פארויכערט, געשפּיגן, געטראכט און ווידעראמאָל געפרעגט און געצײַטעט זיך מיט מיר, צי ער זאָל יאָ שיקן נאָך דער גיכער הילף, צי ניין, נאָך דערווײַל האָט ער פאַרגעזוצט:

— איז א מײַסע מיט א נעקייווע...

נאָך איידער צו דערציילן מיר די מײַסע מיט דער נעקייווע, גיט ער זיך פּלוצלינג אינמיטן היגטערהויפּל א שטעל אָפּ, א פּאטש מיט די הענט אין די קני אריַין, א דריי אויס דעם רוקן, א בייג אונטער די קני, ווי ער וואָלט זיך ערגעץ לויפן געקליבן און שרײַט אויס, ווי אן אָפּגעבריט ברײַעלע, און עס איז שווער צו באנעמען, וואָס פאר אן אויסגעשריי דאָס איז, — פון צאר אָדער פון אנטציקונג:

— אוי — א פּלאקער זיי אין די ביינער אריַין — דאָס האָבן זיי דאָך אים די לעבערלעך אונטערגעהאקט!

— ווער?

— זיי ... די מארינעראָשטשינער בורזשואזן מיט די נאכאל־נע צורעס! אוי, א בראנד זיי אין די געהירן אריַין — דאָס האָבן זיי דאָך א יאט געטשאטעוועט און די געלע קלעצלעך אונטער־געהאקט! אָט ווי מע פירט א מילכאָמע! לערן זיך, לעקעש איינער!

איך האָב קיין וואָרט ניט באנומען און בין געשטאנען אנט־קעגן יודקען מיט א (מיסטאם) געגוג נארישער צורע אף מײַן פּראָנט, מאכמעס יודקע האָט זיך מיר הילכיק צעלאכט אין פּאָ־נעם אריַין:

— וואָס שטייסטו, ווי א באמאכטער?

אָבער יודקעס אנטציקונג מיט זײַן אנטדעקונג, וואָס ער האָט נאָך־וואָס געמאכט, האָט, ווײַזט אויס, אים די אויגן פארבלענדט און ער האָט מיך ווי ניט באמערקט.

— געוועזן אין מארינעראָשטשינע א באנדע, וואָס האָט גע־האנדלט מיט קעצענע פעלכלעך און פאלשע טשערוואָנצעס. איצט זײַנען זיי לײַטישע פארשוינען אין אויסגעפוצטע קאָסטיומען מיט גאָלדענע ציין אין די מײַלער און טרינקען אלע טאָג קאווע מיט פוטערגעבעקס. האָבן זיי געמאכט שוטפעס מיט פּיזשאָנטשיקלעך, וואָס האנדלען מיט בודיאָנעס און ווערשילעס פארטרעטלעך אף בראָשקעלעך און פאָרן ארויס אין די צוגן — ווער עס פארקויפט פּארטרעטלעך אף בראָשקעלעך, און ווער עס שפילט אף הארמאָש־קעלעך און הייסט דעם פּאָפּוגײַ ארויסציִען א קוויטעלע און טרעפן פינקטלעך יענעמס מאזל, וואָס ער האָט שוין געהאט, וואָס ער האָט און וואָסערע שווארציאָרן ער וועט נאָך אלץ האָבן. א טרעסטעלע טראסקעט, אז ס׳גייט א רויך אָן א קוימען. די ווײַבער פארבן זיך די ליפּעלעך, טראָגן בירליאנטן מיט גאָלד מיט זײַדענע מאט־קעס אף די אויסגעריסענע הינטנס און דרייען זיך אפן קנאפּל, ווי זיי וואָלטן גאָר קיינמאָל אף צוועטנאָי בולוואר ניט גע־שטאנען.

גוט.

האָט אָבער דאָס געלע אוגערקע דעמאָלט געהאט שוין אָנגע־קליבן אוואדע דרײַ הונדערט טשערוואָנצעס פון די קעצענע פעלכ־לעך און פון אנדערע געשעפטן און וויל שוין מער ניט וווינע אין דער מארינעראָשטשינע.

— מיר כיזשינאם — וואָינא דוואָרצאם, קוש מיך אין לאמצע־דעריצאם, — זאָגט ער, — אדיו, מארינעראָשטשינקע !.. איך וועל מיר קריגן א דירעלע אף טווערסקאָי בולוואר און א ווײַבעלע — א הונגעריק נעשאָמעלע פון די געוועזענע פריצטעלעך, אז זי זאָל מיר זײַן מיט א פריש פענימל און מיט אלטינקע „פּאָניא־טיִעס", אז איך זאָל ניט דארפן האלטן קיין שפּאקטיוו אפן אויג, ווי א זייגערמאכער, און זאָל ניט האָבן קיין איבעריקע שכיינים אין בעט.

וויל די באנדע אים ניט לאָזן: ס׳הייסט, ס׳וועט אוועק א א יאט מיט א קאפּיטאל פון דער מארינעראָשטשינע, גלאט אזוי, אינמיטן מיטוואָך ? — דאָ אָנגעקליבן — דאָ פארקרענק עס !

גוט.

ווארט ער צו א ווײַלע, דער געלער שמייגערל, ביז די מאַ־רינעראָשטשינע וועט זיך אײַנשטילן, מע וועט פארגעסן אָן אים און אליין הייבט ער אָן דערווײַל האנדלען אף סמאָלענסקער מארק מיט יאגעדעס און מיט ווײַנפערלעך.

גוט.

האנדלט ער מיט א שוטעף א גאָיעך, און אליין ווינט ער נאָך אין דער מארינעראָשטשינע און ווערט צעשטאָפּט אין דער ברייט פון טשערוואָנצעס.

גוט.

זײַנען אָבער די מארינעראָשטשינער יאטן אויך ניט פון זאמד געקנאָטן און שיקן צו אים צו איינמאָל אין א זונטיק, ווען ער זיצט אן אויסגעפּוצטער אין א סעדעלע — א נעקייוועלע מיט א פראנצויזיש לאָשן אונטער דער נאָז.

זאָגט דאָס נעקייוועלע צו אים:

— באָן־זשור, קאוואליער, קענט איר ניט אזוי ליב זײַן און זאָגן מיר, וויפל האלט איצט דער זייגער?

— זשור־באָן, מאדע־זעלע, — ענטפערט ער איר אויך אף פראנצויזיש, — איך קען דאפקע גאנץ פּינקטלעך זאָגן וויפל דער זייגער האלט איצט, איך קען אפילע זאָגן, וויפל עס האלטן איצט צוויי זייגערס — א גאָלדענער מיט א זילבערנעם. נאָר עס איז גאנץ ניט דעליקאט פון אײַער זײַט אָפּצורעדן באגעגענישן מיט אנדערע קאוואליערן און קומען צו מיר פרעגן, וויפל דער זייגער האלט, — און שלעפּט ארויס צוויי זייגערס פון די טאשן און האלט זיי מיט די קאָפּערטעס ארוף.

ווערט דאָס נעקייוועלע קלוימערשט רויט און פארענט־פערט זיך:

— ניין, מײַן הויכגעשעצטער קאוואליער, מיט קיינע אנדערע קאוואליערן מאכן מיר קיינמאָל קיינע סווידאניעס ניט — אף מײַן באבעשי ווארט איך, זי האָט שוין לאנג באדארפט פון קלויסטער קומען און איז נאָך אלץ ניטאָ.

גוט.

בעט ער זי זיצן. זעצט זי זיך אף א האלבן שפאן פון אים און עס געפעלט איר זייער דאָס, וואָס ער איז ניט ווי אנדערע

און זיצט זיך אליין אין סעדל אין א פריַיער שאָ, ניט קײַן שי־קערער און „נאסלאזשדאיעט״ זיך מיט דער „פריראָדע״ און הערט ראדיאָ־מוזיק. געפעלט דאָס אים אויך. געפעלן זיי זיך שוין ביידע.

גוט.

ווערט אָבער דערווײַל נאכט, אָן דער באבעשי פארגעסן זיי, און זי בעט אים, ער זאָל זי אָפּפירן אהיים, ווײַל זי וווינט אין אזא געגנט — מארינעראָשטשינע, ווו שיקורים טרעפן זיך אף יעדן טראָט. פירט ער זי אָפּ, וווינט זי אין א צימערל — נישקאָשע. נאָר מוזיק, — זאָגט זי, — פעלט איר. זי שפּילט פּיאנע, און די פּאָרטעפּיאנע האָבן בא איר די באָלשעוויקעס צוגענומען נאָך אין דער ערשטער רעקוויזיציִע. אהין־אהער — זי בעט אים נאָכאמאָל קומען, און ער קומט דאפּקע ניט, שמעקט אויס ארום און ארום און גייט אוועק און קויפט א פּיאנע און שיקט איר ארײַן, און ערשט דערנאָך קומט ער צו איר צוגיין, ווי צו זיך אַהיים און זי נעמט אים ארום מיט ביידע נאקעטע הענטלעך.

גוט.

פרעגלט זיך דער יאט פון נאכעס, און די מארינעראָשטשי־נער יאטעלעך האָבן אויך האנאָע. שפּילט זי אים פּיאנע און ציט ארויס בא אים די גאנצע נעשאָמע מיט די טשערוואָנטשיקלעך צוזאמען. קען ער מער ניט אויסהאלטן און קומט איינמאָל אין אָן אָוונט צולויפן צו איר און פאלט פאר איר אף די קני:

— איך האָב דיך ליב! איך גיי אויס נאָך דיר! לאָמיר גיין אין זאגס!

הייבט זי אים אוף פון דיל און נעמט אים ארום:

— אָ, מײַן קאוואליער, איך כאלעש נאָך דיר! מאָרגן גייען מיר אין זאגס!

גוט.

דארף מען מאָרגן גיין אין זאגס.

נאָר אז מארינעראָשטשינער יאטן לייגן אוועק א לאפּע איז — קאפּוט!

אנטלויפט די געלע אוגערקע אף מאָרגן גאנץ פרי אפן סמאָ־לענסקער מארק זאָגן דעם שוטעף דעם גאָיעץ, אז הײַנט ווערט

ער בא די יאגעדעס ניט קאָנען שטיין — ער האָט כאסענע! קומט דערווײַל צו צו זײַן געשטעל אן אלטינקער אין ברילן: מיט א קוישל אף דער האנט — ער דארף צוויי קערבלעך ווײַנפּערלעך, א זון מאכט ער כאסענע. — וויפל קאָסט עס? — א טשערוואָניעץ? טײַער. דרייט ער זיך אוועק און קומט אין א ווײַלע צוריק: — אומעטום דערזעלבער פּרײַז, נאָר זײַנע ווײַנפּערלעך זײַנען פולע און גרויסע, נעמט ער שוין בעסער בא אים. באצאָלט ער דעם טשערוואָניעץ און גייט זיך אוועק צו זײַן זון אף כאסענע. קומט אין א שטיקל ווײַלע ארום א צווייטער פּארשוין א דרײַ טשער־וואָנטשיקעס צעבײַטן. איז די געלע אוגערקע מאָלע סימכע פון דער כאסענע, וואָס ער וועט הײַנט כאסענעווען און פון דעם, וואָס עס הייבט אים טאקע אָן גיין — ער ווערט שוין א הורטאָוו־ניק — בײַט ער די דרײַ טשערוואָנצעס. ווײַזט זיך ארויס, אז איין טשערוואָניעצל צווישן די דרײַ איז א פאלשער, קלײַבט זיך צו־נויף א געזעמל מענטשלעך, וואָס נעמען זיך אָן פארן סמאָלענס־קער מארק און קלאָמפּערשט פאר דער ראטנמאכט, לעמײַ מע פארשפּרייט פאלשע טשערוואָנצעס, און מע באפאלט די געלע או־גערקע און מע שלאָגט אים ביז אין דרײַפּערטל טויט ארײַן, אז עס קומט אזש די גיכע הילף און מע פירט אים אוועק אין שפּיטאָל ארײַן.

— אָט ווי אזוי מע זעצט זיך אף יאט אָן, לאָקש!

יודקע איז געווען אויסער זיך פון אנטציקונג. ער איז ארומ־געלאָפן איבערן הינטערהויפל, געפּאטשט זיך איבער די קני, גע־שפּיגן, געוואָרפן מיטן קעפל און צו זיך ניט געקענט קומען.

— און וואָס איז געוואָרן דער סאָף מיט דער פיאנע?

— ווארט אויס... קומט ער צוריק פון שפּיטאָל און באשליסט: ניט קײַן גלאטע מײַסע. וואָס־זשע דען? וועט ער זי טרעפן אפן אלטן אָרט מיט דער פיאנע מיט די בעבעכעס מיטן גאָלד, זיל־בער און זײַדנס, וואָס ער האָט איר אָנגעקויפט, — איז עס סטאם א מיעסע מײַסע, און זי איז דאָ גאָרנישט ניט שולדיק. עלע וואָס — זי וועט ניט זײַן, — וועט ער זי פון אונטער דער ערד פאקן און דערשטיקן.

גוט.

טרעפט ער זי אָבער אפן אלטן אָרט, און זי צעוויינט זיך זיך אזש פון סימכע, נאָר פארנאכט קומט צוגיין צו איר עפּעס א פּיזשאַנטשיקל. ווער איז ער? — א שוועסטערקינד.

גוט.

טרינקט מען קאווע מיט פוטערגעבעקס און אז מע דאַרף גיין שלאָפן, שיקט זי אים צו דער באבע אין דער פינצטערער קאמער אריַין. ניט פארשריבן אין זאגס — קען זי מיט אים ניט שלאָפן אין איין צימער, ניט ווי די הײַנטיקע קאָהאָלשע איז זי.

גוט.

כאפּט זיך אָבער דער שוועסטערקינד, אז אויב ער וויל דאפּ־קע אין איין צימער מיט איר שלאָפן און טאקע היַינט — איז אין וואָס גייט עס דאָ? אָט ברענגט ער ביר מיט בראנפן, מע וועט אופוועקן די אלטע און מע וועט גלייַך פראווען די כאסענע.

גוט.

לויפט ער אראָפּ, דער שוועסטערקינד, און ברענגט ביר מיט בראָנפן און מע וועקט אוף די אלטע, און מע שיקערט אים אָן און ער ווערט אנשלאָפן נעבן דער קאנאפּע ארומגענומען מיט דער באבע און דאָס שוועסטערקינד מיט איר — אף דער קאנאפּע. כאפּט ער זיך אוף, כאפּט ער זיך שלאָגן און דרייט אויס א האנט דער נעקייוועלע. צענעריקט אים דער שוועסטערקינד ביז צום גאנצן טויט, פירט אים אָפּ אף א דראָזשקעלע אין יענעם סאמע סעדל, ווו ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל מיט דער מאדעזעלע באגעגנט, רוקט אים אריַין א פלאש בראָנפן אין איין טאש אריַין און א שטיק קאָלבאס אין דער צווייטער, גיט אים א גוטן שטורך מיטן פוס אין א זייַט אריַין און ווערט ניט.

גוט.

שלאָפט דאָרטן אָפּ דאָס גאנצע אוגערקעלע אוואדע דריַי מעס־לעס, און אז ער כאפּט זיך אוף און קומט צו זיך און דערזעט, ווי מע האָט דאָס אים פייַן דאָ כאסענע געמאכט, קריכט ער ארויס פון סעדל און וויל לויפן אין דער מיליציִע, דערטאפּט ער בא זיך אין די טאשן די פלאש מיטן קאָלבאס, זשליאָקעט ער זיך אָן און בלייַבט ליגן איינער אליין אפן גרויסן ברוקירטן פלאץ, און דער טראמוויַ־זייגער הענגט איבער זייַן קאָפּ.

גוט.

איז שוין איצט — אויס באָריסקע דער געלער, אויס טשערוואָנצעס, אויס פּריצטעלע מיט פּיאַנע, אויס זײַדענע זאָקן און אויס לעבן. ער זשליאָקעט עמערס בראָנפן און סע נעמט אים ניט, ביז א מיליציאָנער נעמט אים און פירט אים אף דעם דראָזשקעלע.

גוט ...

און יודקע האָט זיך געקליבן נאָך עפּעס דערציילן. נאָר אפן שוועל פון דעם קעלער אין הינטערהויפל האָט דער אָנפּיסיקער וואסקע געטאנצט. ער האָט זיך געפּרוווט פון קעלער ארויסגראבלען און אלץ ניט געקאָנט. די טרעפּלעך זײַנען שמאָלע און פארקײַלעכדיקטע געווען, און ער האָט זיך געקוילערט צוריק אין קעלער ארײַן, ווי א פּילקע.

דער געלער איז געלעגן אף דער שווארצער ערד, און אז וואסקע האָט אונדז דערזעען, האָט ער זיך דערפרייט:

— יודקע, דער געלער ...

יודקע איז צום געלן צוגעלאָפן, באם קאָפּ אים אָנגעכאפּט און צוריק אוועקגעוואָרפן. דעם געלנס מויל איז אָפן געווען און פון דאָרט האָט זיך א שטראָם פּיאָלעט־רויטע קלעפּיקע פליסיקײַט געצויגן און פאמעלעך געשטראָמט.

יודקע האָט געקוקט אף מיר, איך — אפן געלן, וואסקע — אף אונדז ביידן. אף די טרעפּ האָט זיך דאָס גאלעכל באוויזן. יודקע איז צו אים צוגעלאָפן:

— פּאָטערל, דער געלער ...

דאָס גאלעכל האָט זיך דאָס יארמלקעלע פון קלאָטשעוואטן קאָפּ אראָפּגענומען, אף די קני זיך אראָפּגעלאָזט, ברייט זיך איבערגעציילעמט און געפּרעפּלט זײַן טפילע.

נאָר יודקע האָט זיך פלוצלינג פון זײַן אָרט אָפּגעריסן, די דארע הענטלעך ארויסגעוואָרפן, צוויי פויסטלעך פארקוועטשט און ווילד אויסגעשריִען:

— או־אר־ך, מארינעראָשטשינע, א בראנד אין דײַנע געה־רן ארײַן! א הויפן בלאָטע מיר אין דער נאָז א שמיץ געטון, א פלאקער אין דײַנע זײַדענע מאטקעס ארײַן!

איך האָב געקוקט אף יודקע קאָמונאַרייטשיקל און געטראַכט, אַז דאָס בילד פֿון דעם געלנס לעבן, וואָס ער האָט מיר דאָ אָנ־געמאָלט, איז אַ גאַנץ געוויינלעך בילד און האָט צו יודקען קיין שום שייַכעס ניט. סײַדן בלויז דאָס, וואָס יודקע האָט ניט גע־לאָזט דעם געלן אף דער גאַס און גענומען צו זיך אין קעלער אַרײַן, סײַדן בלויז דאָס, וואָס ער וויל אים דאַפּקע אין דער „קרימע־טאָרקע״ פֿאַרבּרענען.

איך האָט זיך שוין אַביסעלע געוווּנדערט אף יודקעס אופגע־בראַכטקייַט אף דער מאַרינעראָשטשינע, וואָס לעבט זיך איר באַ־זונדער לעבן און וואָס האָט געוויס גאַסן און פּלעצער מיט זון און ליכט באַגאָסענע און ניט נאָר פֿינצטערע לעכער און גריבער.

נאָר מיר איז הײַנט אויסגעקומען צו זען, ווי יודקעס אייג־לעך האָבן זיך מיט פֿײַכטקייַט צעפֿינקלט, און איך האָב אים ניט געוואָלט שטערן אין זײַן קינדערשן צאָרן און צאַר בישכיינעס מיטן טויטן נעפעש, וואָס האָט שוין איצט געהאַט באַצאָלט דעם פֿולן פּרײַז פֿאַר אַלע זײַנע קליינינקע ווײַלעכצן און דורש־טונגען.

איך האָב דעריבער פֿאַרמאַכט די קרומע טיר פֿון מײַן האַרץ און בין אַוועק.

3.

איך האָב אַ שטיק צײַט יודקען ניט געזען. איך בין געגאַנ־גען צו אים אין קעלער און דאָרט מער קיינעם ניט געפֿונען. מיסט האָט זיך דאָרט געוואַלגערט, און דער לעבעדיקער אָטעם איז פֿון דאָרטן פֿאַרשוווּנדן געוואָרן. ער איז געווען באַ מיר עט־לעכע מאָל און אַלץ ניט געטראָפֿן — איך בין „דרויסן״ געווען. האָב איך אים איבערגעלאָזט אַ צעטעלע אף מײַן טיר ער זאָל גאַנץ פֿרי קומען צו מיר און אָנקלאַפּן אין פֿענצטער. אין ער געקומען און אָנגעקלאַפּט:

— כאַווער לערער, כאַווער...

ער איז געווען אויסער זיך פֿאַר פֿרייד. ער האָט אַרײַנגעט־טאַנצט צו מיר אין צימער אַרײַן מיט אַזאַ ליכטיקער מינע אף

דער צורע, ווי ער וואָלט אַ רעטונג געבראַכט אי מיר, אי זיך, אי דער גאַנצער וועלט. ער האָט אָבער געטראָפן די פאַרשלאָפענע קאַלטקייט אין מײַן צורע און איז געבליבן שטיין דערפון אַ מע־ווילוועלער און אומצופרידענער און געוואָלט וואָס גיכער אוועק פון מיר.

— לאָמיר זיך געזעגענען.

— פאָרסט דען אוועק?

— ניין. נאָר אין קעלער וועסטו מיך שוין ניט געפינען. אַדיו!

איך בין אויפגעשפרונגען:

— יודקע, וואַרט צו אַ ווײַלע, איך שטיי אויף.

איך האָב זיך אויפגעהויבן פון בעט און געטראַכט, אַז דערדאָ־זיקער יודקע האָט מיט מיר אַ כוויזעק אָפּגעשפּילט: איך בין מיר געגאַנגען מײַן וועג און געקליבן דאָרטן די געוויקסלעך און קרײַ־טעכצער, געשלעפּט זיי צו זיך אין דער נאָרע אַרײַן, געשניטן זיי, געזאַלצן, געפעפערט, מיט אַביסעלע מענטע באַשאָטן, זיי זאָלן דעם גומען קילן, און געטראָגן זיי מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן אין דער וועלט אַרײַן. און קיינמאָל זיך ניט אינטערעסירט, צי עסט מען זיי, מײַנע קרײַטעכצער, צי פאַרדרייעט מען זיי, צי שפּײַט מען זיי אויס, איידער מע נעמט זיי אין מויל אַרײַן. האָט זיך מיר געטראָפן דער יודקע אָפּן וועג און אַרויסגעשמיסן פון מײַנע הענט די קרײַטעכצער מײַנע, און אַרויסגעכאַפּט בײַ מיר דאָס וואָרט, ווי אַן עפּל פון דער אָפענער האַנט אַרויס.

אָט האָט ער געוואָלט אַנטלויפן פון מיר, און אָט דערציילט ער שוין:

— וואַרט נאָר צו, איך וועל דיר באַלד עפּעס דערציילן... דו מיינסט, איך האָב עס אויסגעטראַכט?

און ער לאָזט מיך דעם אָטעם ניט כאַפּן, פאַרשיט מיך מיט רייד, ווי ער האָט מיך דעמאָלט, ווען איך האָב זיך מיט אים צום ערשטן מאָל אין טײַך באַגעגנט, מיט וואַסער באַשפּריצט.

— אָט, וואַרט, איך וועל דיר דערציילן. אוי, וואָס איך האָב געזעען! בוטקינער קאָנסטו? אָט אַ מענטש — אַ דעפּוטאַט! איך פאָר צו אים!

איך האָב זיך געהאט שוין אױף העלפט אָנגעטון. איך האָב גע־נומען „אָנלאָדן“ מײַן שטיקל גוף אױף א גאנצן טאָג: איך האָב צעװאָרפן די הענט אין די זײַטן, װי א פױגל די פליגל, איך האָב געהאקט האָלץ, כאָטש קײן האק אין די הענט האָב איך ניט גע־האט און קײן שײַטל איז מיר בא די פיס מײַנע ניט געשטאַנען, איך האָב געקאָסיעט הײ אָן א קאָסע, בא זיך אין צימער, אַפן אקאָרעדיקן דיל, איך האָב געדרײט דעם קאָפּ, געצװיגן דעם האלדז, געבױגן מײַן קערפּער אהין און צוריק, געפּרוזשינעװעט זיך, און אזױ א־ום אָנגעשמירט אלע „זאװיסעס“ פון מײַנע גלידער, אז זײ זאָלן מיר הײַנט ניט סקריפּען און ניט האמעװען, װען איך װעל אפן טראמװײַ שפּרינגען אָדער אופהײבן זיך פון מײַן שטול אױף האלטן דאָס צענטע װאָרט אױף דער צענטער זיצונג װעגן דער צענטער פּראגע אין דעם שטיקל ראטן־ארבעט, װאָס איך פיר. איך האָב געמאכט האװײַעס און געהוקעט: ההה! ההה! און דאָס איז געװוען יענע האלבע שאָ פיזקולטור, װאָס האָט מיך באדארפט פארהיטן פון אלטקײַט און געדארפט אָנפּאָמפּען מיך א גאנצן טאָג מיט מונטערקײַט און שטײַפקײַט, װי דער שאָפער פּאָמפּעט אָן די גומענע קאמער פון זײַן אװטאָ־ראָד. און יודקע האָט דער־װײַל דערציילט, אז ער האָט באגעגנט א מענטשן, װאָס איז שוין אײנמאָל א מענטש — פּאװעל פּאװלאָװיטש בוטקין, צו װעמען ער גײט זיך אריבערקלײַבן װוינען.

— װאָס האָט פּאסירט?

די קאָמונע זײַנע איז אים צעפאלן אַף פּיצ׳לעך: דאָס גאלעכל האָט זיך אויסגעלערנט שרײַען „װעטשערניאיא מאָסקװא“ און װיל מיט זײ קײן שותפעס ניט אָנהאלטן; װאסקע דער אָנפּיסיקער האָט זיך פון דעם געלן טרינקען אויסגעלערנט און גענומען זיך מיט בראָנפן האנדלען אלע נאכט — באָריסקע מיט ליאָװוקען העלפן אים, שלעפן ארײַן און ארויס צו די שאָפערן, און זײ זײַנען אלע פּאַרפאלענע שפּאנקעלעך, און ס׳איז אים אומעטיק געװאָרן מיט זײ, ער װיל זײ ניט פּאָלגן און זײ װילן אים ניט הערן, און סוידען זיך צװישן זיך, — איז ער אנטלאָפן הינטער דער שטאָט.

— אוי, װיפל פאבריקן דאָרטן איז פאראן!

ווי א יונג פאַרבלאָנדזשעט פערדל, א נאַקעטס און אָן א צוים און געשפּאַן, איז ער אַלע פאַבריק־גאַסן אַרומגעלאָפן און עס האָט אים אַלץ שרעקלעך צו זיך געצויגן. שטיל און שטרענג איז דאָרטן. א הויכער שטיינערנער פּאַרקאַן שטייט אַרום יעדער פאַ־בריק. א וואַך־שטיבעלע מיט א קליין פענצטערל בא יעדן פאַבריק־טויער. יעדער טויער איז מיט א גרויסן פאַרוקער פון אינעווייניק פאַרוקט און מיט א גרויסן שלאָס פאַרשלאָסן. בא יעדן טויער שטייט א וועכטער און היט. בא יעדן טויער שטייט א ליידיקע באַנק — ווילסטו, קאָנסטו זיך צוזעצן אף א ווײַלע: לאַנג לאָזט מען ניט זיצן — מע פרעגט בא דיר, ווער ביסטו, וואָס באַדאַרפ־סטו דאָ. ווי א בייזער הונט אף דער קייט, ליגט דאָרט די שטיל־קײַט און היט יעדן פאַרמאַכטן טויער. א מיליציאָנער שטייט בא יעדן טויער און היט אויך. און פון הינטער די הויכע פאַרקאַנס אָפּער טראָגט זיך א געהאַמער, א געקלאַנג, א געבורום און א גערודער. דאָרט לאָזט מען ניט זיך פאַרהאַלטן. דאַרפסטו אין דער פאַבריק ארײַן — דערלאַנג א דאָקומענט אין קליינעם פענצטערל אַרײַן פון דעם וואַך־שטיבעלע און דערצייל גענוי ווער דו ביסט, וואָס דו ביסט, וואָס פאַר א געשעפטן דו האָסט אַהער.

און יודקע האָט קיין שום דאָקומענטן ניט, און ער איז גע־קומען צו לויפן גלאַט אַזוי, פאַרבלאָנדזשעט מיט די באָרוועסע פיסלעך, ווײַל ס'איז אים דערעסן געוואָרן די קאָמונע מיט די שיקורניקלעך, מיט די פּאָרלעך, וואָס מע האָט אָנגעהויבן פירן הינטער זײַן קעלער אַרונטער. און דאָ איז ליידיק און פרײַ, און עס שטייט א גערודער, א געבערענדזש, א געבורום, א געהילך פון אײַזנס, און אף דער גאַס איז שטיל און ציכטיק, און בא יעדן טויער שטייט א באַנק — ווילסטו, קאָנסטו זיך צוזעצן אף א ווײַלע, נאָר פאַרהאַלטן זיך אף לאַנג לאָזט מען דאָ ניט.

איך וואַש מײַנע ציין און הער, ווי יודקע איז אַוועק פון דאָרטן, ווי א קעצל פון דער סמעטענע — עס כאַלעשט זיך א לעק טון, א קוק אַרײַן געבן, כאָטש מיט איין אייגל. עס רינט די סליונע פון מויל — אָט ווו עמעסע מענטשן זײַנען! — און מע קען ניט, און מע טאָר ניט, און מע לאָזט דיך אַפילע צו דער שפּאַרונע ניט צו.

— אוועק, אוועק, לאָבוסל — גיי אין שטאָט אַרײַן, דאָ האָסטו ניט וואָס צו טון, שנעקל, עפּעס צולאַקכענען געקומען, אַ?

אוי, ווי דאָס האַרץ האָט בײַ אים קראַפּירט — ער איז שיִער אַפן אָרט ניט געשטאָרבן — אַזוי אינטערעסאַנט מוז דאָרטן הינטער די טויערן זײַן. ער איז אוואַדע אַמאָל צען אַהין געלאָפן, און יעדעס מאָל צוריקגעקערט זיך מיט גאָרניט, און דאָס האַרץ האָט בײַ אים קעסיידער קראַפּירט, אַז עס איז אים אַזש די שטאָט פאַרמיִעסט געוואָרן, און ער האָט געוואָלט פון איר אינגאַנצן אוועק.

האָט ער זיך אָבער געפּרוווט אַ לעצט מאָל פון באַטאָג נאָך הינטער אַ באַנק זיך אַנידערלייגן און וואַרטן — וואָס וועט דאָ זײַן. בעסער אויסגיין דאָ, נעבן אַ פאַבריק, איידער צוריק אין שטאָט אַרײַן גיין. וועט ער דאָ אויסגיין, וועלן אים כאַטש אַר־בעטער מיט רויטע פאָנען צו דער „קרימעטאָרקע" באַלייטן און יעדעס וועלן זיי אויף זײַן קייווער האַלטן, און ער וועט זיך דער־פאַר נויקעם זײַן אָן זיי נאָכן טויט: ער וועט ליגן אַ פאַרבערגן־טער אין דער „קרימעטאָרקע" און טראַכטן: „אַהאַ! ניט געוואָלט זיך אומקוקן אויף יודקע קאָמונאַרייטשיקל, וואָס איז דער בעסטער מענטש אין דער וועלט — טאָ ווײַנט, יאָמערט איצט אויף אײַערע קעפּ — יודקע איז ניטאָ!" איז ער אײַנגעשלאָפן מיט אָט דעם „יודקע איז ניטאָ!" און אופגעוועקט האָבן אים אַ פּאָר קנאַפּל מיט אַ געשריי:

— ווער איז עס דאָרטן?

אויף זײַן באַנק, ווײַזט זיך אַרויס, האָט זיך צוגעזעצט אַן אַלטינ־קער מיט אַ צײַטונג אין די הענט, און מיט די קנאַפּל יודקען דערטאַפּט. איז ער אַליין פון דאָרט אַרויסגעקראָכן. דער אַלטינ־קער איז געווען מיט אַ בערדעלע, ווי בײַ קאַלינינען, און מיט אַ פּאָר דראָטענע ברילן אויף די אויגן. קען זײַן, אַז ס׳איז טאַקע געווען קאַלינין אַליין, נאָר ער האָט זיך געהייסן רופן פּאַוועל פּאַוולאָוויטש בוטקין. ער האָט אים בײַ אַ האַנט געכאַפּט און גע־פרעגט, וואָס ער באַדאַרף דאָ, ער האָט אים דערקענט, די האַנט ניט אָפּגעלאָזט און געזאָגט:

— איצט וועסטו שוין פון מײַנע הענט ניט אוועק!

יודקע האָט זיך אזוי דערשראָקן, אז ער האָט אזש קיין וואָרט ניט געקאָנט ארויסרעדן, און דער אלטינקער האָט אים אף דער באנק אנידערגעזעצט און א פאפיראָס אים געגעבן און צעפרעגט זיך, ווער ער איז און וואָס ער איז, און ווי מע רופט אים, און מיטגענומען מיט זיך צום טײַך באָדן זיך, כאָטש עס איז שוין געבוג שפעט געווען.

יאָ. איז אים געווען זייער פריקרע אפן הארצן און —

— לאדנאָ, — האָט ער געזאָגט, — לאָז מיך אָפּ, איך וועל גיין אהיים, איך האָב געוואָלט אין דער פאבריק ארײַן זיך ארײַנגאבּ־וועגען, איך פארקויף צײַטונגען און לעב אין א קעלער נעבן דער מארינעראָשטשינע, נאָר אלע יאטלעך מײַנע זײַנען שיקורניקעס געוואָרן, און איך קען אף זיי ניט קוקן, און זיי סוידען זיך וועגן מיר און האָבן מיך ארויסגעטריבן.

— ניין, — זאָגט ער, — איך וועל דיך ניט אָפּלאָזן, וואַרט צו א ווײַלע, איך באנעם נאָך ניט, וואָסער שעד האָט דיר געבראכט אהער, — און האלט מיך בא דער האנט און גייט מיט מיר צום טײַך.

— לאדנאָ, — האָט יודקע געזאָגט און איז געגאנגען געהאָרכ־זאם בא דער זײַט, ווי א געפאקט גאנעוול.

— וואָס לאדנאָ? — האָט בא אים בוטקין א פרעג געטון.

נאָר יודקע האָט גאָרנישט ניט געענטפערט און געוואַרט אף דאָס גרייטע — וואָס וועט דאָ ווײַטער זײַן.

נאָר אז זיי זײַנען געקומען צום ברעג טײַך, האָט זיך פאר־קאָכט א נײַע מײַסע. אפן ברעג טײַך איז א קופקעלע אָנטועכץ געלעגן און א לייזיקע בראָנפן־פלאש, און אפן מיטן טײַך האָט זיך א קאָפּ אין וואסער געהוידעט, ווי א פּילקע, און הייזעריקע פארשטיקטע קוילעס האָבן זיך דאָרטן געהערט.

בוטקין האָט זײַן האנט אָפּגעלאָזט און אויסגעשריִען:

— שנעקל, א מענטש טרינקט זיך! שווימען קאָנסטו? שנעלער!

איז ער דער ערשטער אין טײַך ארײַנגעשפרונגען און מיט קלאפטערלעך צום קאָפּ צוגעשווומען. בוטקין האָט אים דעריאָגט ערשט דעמאָלט, ווען ער האָט שוין דעם קאָפּ בא די האָר

געשלעפּט. בוטקין האָט זיך אפן בויך אנידערגעלייגט און געהייסן יודקען דעם דערטרונקענעם אים אף דער פּלייצע ארופקוילערן, נאָר יודקע האָט אים ניט געפאָלגט און אליין אים פון וואסער ארויסגעשלעפּט.

דער דערטרונקענער איז געווען שיקער און האָט געוויינט. לעכאטכילע האָט ער געוויינט מיט עמעסע טרערן, דערנאָך מיט געמאכטע און שיקערע. ער האָט מיט די הענט געמאכט און מיטן נאסן קאָפּ געוואָרפן און געזידלט זיך, לעמיי מע האָט אים באליידיקט. ער קען אליין שווימען, בעסער פאר אייך פאר אלע־מען. ער האָט געשריען, ווייל עס איז אים געפעלן געווען צו שרייען איינער אליין אפן גאנצן טייך. ער איז נײַן און צוואנציק יאָר ארבעטער און האָט גאָר איצט קיין רעכט ניט אפן אייגע־נעם טייך צו שרייען? א טייך איז ווי א ווייב — גיסטו דעם א פּאטש איבערן בויך, פאָלגט עס און שווייגט, אניט שלעפּט עס צו זיך הינטערן קליידל, און דו ווערסט ניט — אוי־יס, — האָט ער אויסגעצויגן און מיט א לאנגווייל זיך ארומגעקוקט — ס'איז אים לאנגווייליק געוואָרן.

— טשוכע זיך אויס, — זאָגט צו אים פּאוועל פּאוולאָוויטש, — און גיי אהיים שלאָפן, אניט וועל איך דיך אין דער מילי־ציע אָפּשיקן, און דו וועסט מאָרגן אף דער ארבעט פאר־שפּעטיקן.

זיצן מיר אזוי אפן ברעג טייך אוןווארטן, ביז פּיאָדער וועט זיך אויסכליפּען און זײַנע הויזן ארופציִען, — ערשט עס קומט צו־לויפן א לאנגער יאט אין א געפּאסעוועטן לייבל און לויפט צו צו פּיאָדערן, און פּיאָדער שפּרינגט אויף א נאקעטער און שרייט מיט א באסקאָל און וויל אנטלויפן. נאָר דער יאט פּאקט אים בא א האנט און האלט אים. מיט איין האנט האלט ער אים און מיט דער צווייטער קײַלט ער אים. דערנאָך ווארפט ער אים אף דער ערד אוועק און קנאקט אין אים מיט די נעזער פון זײַנע שטי־וואלעס — אין בויך, אין פּאָנעם, אין די זײַטן, ווי ער וואָלט פוט־באָל געשפּילט. נאָר פּאוועל פּאוולאָוויטש איז גלײַך אופגעשפּרונ־גען און דעם יאט בא א האנט געפּאקט:

— כוליגאן, וואָס טוסטו?

נאָר דער יאט האָט אים געגעבן א שמיץ אוועק אין דער זײַט, אז ער איז אזש אומגעפאלן, פּאווען פּאוולאָוויטש, און קײַלט פּיאָדערן צום טויט, אז יענער קען שוין אפילע ניט שרײַען. כאפּט זיך אוף פּאווען פּאוולאָוויטש פון דער ערד, כאפּט ארויס א שפּײַער פון קעשענע און שרײַט אויס אזש מיט א קוויטש:

— די הענט ארוף!

און שטעלט אָן דעם שפּײַער אפן יאט. זעט דער יאט, אז ער האָט קיין ברײרע ניט, הייבט ער אוף די הענט און קוקט מאָדנע, ווי ער וואָלט זיך געוווּנדערט דערוף. קריכט אף אים פּאווען פּאוולאָוויטש מיטן שפּײַער און אלייך שיפּעט ער אזש פון קאס:

— קאנאליע!

און צו מיר זאָגט ער, אויך מיט קאס:

— רוף אהער א מיליציאָנער.

לויף איך צו דער גאס און האלט צו צוויי פינגער אין מויל און פײַף און שרײַ:

— מיליציאָנער, מיליציאָנער, אהער! א מענטשן ט׳מען גע־הארגעט!

אזש דער מיליציאָנער אליין האָט זיך דערשראָקן. ווערט אן אָנגעלאָף.

פּיאָדער ליגט און קרעכצט. פּאווען פּאוולאָוויטש שטייט מיטן שפּײַער קעגן דעם יאט. מענטשן קוקן איינע די אנדערע איבער די קעפּ אריבער און פרעגן:

— ווו־זשע איז דער טויטער?

א טויטן באדארפן זיי נייטיק, א פלאקער זיי אין די ביינער ארײַן! און דער יאט שטייט א ווײַסער, מיט אופגעהויבענע הענט און ברומט:

— לאדנאָ...

— אָט וועט דיר זײַן לאדנאָ, כוליגאן, קאנאליע, — ענטפערט אים פּאווען פּאוולאָוויטש און דער מיליציאָנער קומט אויך צו זיך — קיין טויטער, זעט ער, איז ניטאָ — פרעגט ער:

— וואָס איז געשעען?
— נעט דעם כוליגאַן, — זאָגט צו אים פּאַוועל פּאַוולאָ־וויטש.

נעמט ער אים. און פּאַוועל פּאַוולאָוויטש גייט אים נאָך פון הינטן און דערלאַנגט פון בוזעם־טאַש א רויט ביכעלע און באַווייַזט דעם מיליציאָנער:

— פיר אים. אין א שאָ ארום וועל איך קומען. איך וועל דעם קראַנקן אָפּפירן.

כאַפּט זיך דער יאַט:

— וואָס פאַר א קראַנקער? א שיקורניק א פאַרפאַלענער איז ער, מייַן טאַטע.

— גוט, גוט, — זאָגט דער מיליציאָנער — אין ראַיאָן וועלן מיר אַלץ קלאָר מאַכן, — און כאַפּט א קוק אַף פּאַוועל פּאַוולאָ־וויטשעס ביכעלע.

איז דער מיליציאָנער מיטן יאַט אַוועק, און בוטקין האָט יוד־קען פאַרן קאָלנער אָנגעכאַפּט און נאָך א דראָזשקעלע געשיקט און אליין טאַנצט ער ארום מיטן שפּיציקן בערדל זייַנעם און מיט די דראָטענע ברילן אַף די אויגן: — אר־או, מענטשוואַרג; בע־היימעס! שמאַטעס! נעווייילעס! — און כ׳ווייס נאָך ס׳אַרא ווער־טער ער האָט אַלץ דאָרטן אויסגעטראַכט, און אַז די דראָזשקע איז געקומען, האָט מען זיך אינצווייען אַנידערגעזעצט און פּיאַ־דערן אינדערמיט געגומען. געמיינט — ער פירט אין דער מיליציע אַריין, ערשט איך זע — מע פאָרט און מע פאָרט און מע קומט צום ראָסלאַוער וואָקזאַל.

— זייַ דאָ א ווייַלע מיט אים, — זאָגט צו מיר פּאַוועל פּאַוו־לאָוויטש, — און אליין אַנטלויפט ער צו דער קאַסע און קויפט בילעטן קייַן לאָסינקע און גיט זיי מיר איבער:

— וואַרט מיט אים אין לאָסינקע אַפּן וואָקזאַל אַף מיר, און אַז מע וועט פרעגן, זאָג: אַף בוטקינען וואַרט איך. זיי ווייסן. — און אַוועקגעלאָפן.

איז יודקע אַוועקגעפאָרן מיט פּיאָדערן קייַן לאָסינקע. וואָס אַרט עס אים? ער וועט זען, וואָס דערפון וועט אַרויסקומען. אינאָוונט איז בוטקין געקומען. גענומען זיי מיט זיך. אַוועק־

געפירט צו זיך אין שטוב אריין. און אלטינקע איז אנטקעגן ארויס.

— געסט, — זאָגט פּאוועל פּאוולאָוויטש, — האָב איך געבראכט. גיב זיי עפּעס איבערבייסן און מאך זיי א געלעגער.

— גוט, — זאָגט די אלטע.

נו, האָבן זיי אָפּגעגעסן, שלאָפן זיך געלייגט. נאָר יודקע שלאָפט ניט. ער ליגט אין דער פינצטער מיט אָפענע אויגן און טראכט: וואָס וועט דאָ זיין?

נו, האבן זיי אינצווייען א וואָך צייט בא פּאוועל פּאוולאָ־וויטשן אין לאָסינקע געלעבט. זיי האָבן א קלאפּטער האָלץ צע־זעגט און צעהאקט, פיאָדער האָט דעם דאך פאריכט און די פענצטער אָפּגעפּארבט, און נאָך אסאך ארבעטן אָפּגעטון און קיין טראָפּן אין מויל ניט גענומען, און יודקע האָט אים אין אלע אר־בעטן געהאָלפן, און זיי האָבן אלע צוזאמען אף דער וועראנדע געשמאקע באָרשטשן געגעסן, און פּאוועל פּאוולאָוויטש האָט אף זיי ביגנייווע פון הינטער די דראָטענע ברילן געקוקט און גע־שוויגן. און אין די אָוונטן, פארן שלאָפן גיין, פלעגט פּאוועל פּאוולאָוויטש מיט דער אלטער ריידן:

— ווי וואקסן עפּעס אונדזערע אויפעס? פּאסקודיען ניט?

ניין. זיי האָבן ניט פּאסקודיעט. פיאָדער פלעגט אף דער אר־בעט צו יודקען אונטערווינקען:

— רודער, ריר זיך, יודקע! דו מיינסט אלע קוקן נאָר אין דער אייגענער שיסל אריין? אָט האָסטו אים, בוטקינען, א מענטש, א? אן עמעסער פּראָליטאר, הא?

יודקע האָט זיך פארהאקט. געבליבן שטיין. די מייסע האָט זיך בא אים געענדיקט. מיר האָבן איינע אף די אנדערע אין א געוויסער פארלעגנהייט געקוקט. נאָר יודקע האָט זיך דער ערש־טער געכאפּט:

— אָט א מענטש! דו וועסט בלייבן דאָ בא מיר, — זאָגט ער, — מירן זעען — עפּשער וועל איך דיך צו זיך אפּן זאוואָד נעמען.

נאָך וואָס ער איז צו מיר געקומען? דערציילן אז ער פאָרט אוועק, און איך זאָל אים „דרויסן" ניט זוכן — איך וועל אים שוין דאָרט ניט געפינען.

— נאָ, בראַט, — האָט ער מיר זײַן העַנטל אַרײַנגעשטעקט.
ון איז אַוועק.

מער האָב איך יודקע קאָמונאַרייטשיקל ניט געזען. ווײַזט אויס, ער האָט אינדערעמעסן און אַף שטענדיק פאַרלאָזן מײַן פילדערדיקן און שטויביקן דרויסן.

מאָסקווע, מײַ — יולי, 1928.

# א שקלאָווער לעוואָנע אף ארבאט.

1

איך האָב אנומלטן געטראָפן א שקלאָווער ייִדן אף ארבאט, סאמע נעבן אריַנגאנג אין וואכטאנגאָוו־טעאטער, און ער האָט מיר דערציילט וועגן זיַן שקלאָווער לעוואָנע, וואָס האָט אים קיין מאָסקווע געבראכט צו טריַבן. דער ייִד איז געזעסן בא א מאָ־סעלפראָם-שופלעדל מיט פאפיראָסן און געהאלטן א סייפער אין די הענט. אלע מאָסקווער מאָסעלפראָם־הענדלער האלטן ביכער אין די הענט און לייענען. דאָס צעבייַטן זיי די לאנגע שאָען, וואָס זיי דארפן זיצן נעבן זייערע שופלעדלעך, אף איינציקע וויַלעס פרייד און אומעט, ווייטיק און בלאסן ליכט, וואָס שיַינט זיי פון די זיַיטלעך ארויס.

אף די מאָסקווער גאסן איז אָפטער רעגנדיק און שטויביק, און זעלטענער—ליכטיק און זוניק. און אין די ביכער שריַיבט מען וועגן לעוואָנעס פון דער רעכטער זיַיט און פון דער לינקער זיַיט, וועגן פרייד און מי און מענטשלעכע מאטערנישן, וואָס שפארן פון זייערע לעבנס ארויס, ווי טשוועקעס פון א זאק. איז קיין וווּנדער ניט, וואָס מע לייענט. נאָר מיַין ייִד איז געווען אן עלטערער מענטש, און אויך ער האָט געלייענט. האָט מיך פאריִנ־טערעסירט צו זען, וועגן וועלכער לעוואָנע ער לייענט. האָב איך זיך צו אים דערנעענטערט און געזען, — ער קוקט זיך ארייַן אין זיַינעם א סייפער — דער ייִד האָט געהאלטן א „חק לישראל" אין די הענט.

קיינעם האָט זיך נאָך דערוויַיל ניט איַינגעגעבן צו דערגייין ביזן גרונט די סוידעס פון מענטשלעכן געדאכט. אמאָל מאכט

זיך, אז איר דערזעט אזוינס, וואָס איר האָט שוין איינמאָל געזעען ערגעץ־ווו, דאכט זיך, — אין אן אנדער לעבן, אף אן אנדער וועלט, ווו איר זײַט געווען עפשער מיט טויזנטער יאָר צוריק. און כאָטש איר ווייסט זיכער, אז איר לעבט סאכאקל א יאָר דרײַסיק און פריער זײַט איר אין ערגעץ ניט געווען, קענט איר זיך דאָך ניט באפרײַען פונעם אויסטערלישן געפיל פון צוויי מאָל לעבן אין באזונדערע וועלטן.

דער ייִד האָט אײַנגעהאלטן זײַן „חק לישראל” אין די הענט, און מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז דאָס זיצט מײַן אייגענער טאטע, און איך האָב געוואָלט אויסשרײַען:

— טאטע, ווי קומסטו אהער?

מײַן טאטע איז געווען אן ערלעכער פישער, א פארהארטעוועטער האָרעפּאשניק, וואָס פלעגט אין פארנאכטן מיט דער נעץ ארויספאָרן אף דער אָזיערע פיש כאפּן. מײַן טאטע איז געווען א פרומער ייִד און פלעגט אָפט זיצן אין שאבאָסים־נאָכמיטאָגן מיטן „חק לישראל” אין די הענט אף דער פריזבע פון זײַן דאָרפישער שטוב. דאָס איז אָבער געווען אן אנדער לעבן, אף אן אנדער וועלט, א וועלט, וואָס איז שוין אונטערגעגאנגען. מײַן טאטע איז איינמאָל אין א פארנאכט מיט דער נעץ אין דער אָזיערע אוועק און צוריק ניט געקומען. עפשער האָט אים א פיש דערשלונגען, און עפשער האָט אים דער שטורעם צום וויסטן ברעג צוגעוואָרפן, צו יענעם ברעג, הינטער וועלכן, לויט מײַנע דעמאָלטיקע קינדערשע פאָרשטעלונגען, האָט זיך געענדיקט די וועלט און אָנגעהויבן יענע וועלט. איז עס מעגלעך, אז מײַן טאטע איז פון יענער וועלט געקומען און אנידערגעזעצט זיך דאָ, אף ארבאַט, סאמע באם ארײַנגאנג אין וואכטאנגאָוו־טעאטער האנדלען מיט מאָסעלפּראָם־פאפּיראָסן און וידעראמאָל ארײַנקוקן אין זײַן „חק לישראל”?

איך האָב קינדווײַז מײַן טאטן ליב געהאט. איך האָב זיך שוואך פאָרגעשטעלט, ווער מײַן באשעפער איז, אָבער פאר מיר איז געווען, וואָס ער האָט מיר באוויזן די שענסטע לעוואָנע אף דער וועלט. ער האָט מיך איינמאָל אין א פארנאכט מיטגענומען מיט זיך אין דער אָזיערע ארײַן. ער האָט מיר

באוויזן, ווי די לעוואָנע האָט זיך אופגעהויבן פון איין ברעג א בלאסע און שוואכע און איז אין איר וועג געוואקסן און גע־קלאָרט זיך, און די אָזיערע האָט פון איר ליכט און העלן שיַין אָנגעקוואָלן, זיבן בונטע פארבן זיך אָנגעמאָסטן און פון סאמע אויבן ארופגעוואָרפן אף זיך א זילבערנעם שאל, וואָס האָט אויס־געזעען, ווי א שליאך אן אויסגעשפרייטער איבער איר. עס איז אזוי שיין געווען, אז עס האָט זיך מיר אזש געוואָלט פון שיפל ארויסשפרינגען און אוועקשפאנען איבערן זילבערנעם שליאך מיט די באָרוועסע פיסלעך צו דער לעוואָנע און איבערנעכטיקן דאָרטן. נאָר מיַין טאטע האָט געלאכט פון מיר, ווייַל אינדערעמעסן, האָט ער געזאָגט, איז די לעוואָנע וויַיט, און דו ווערסט זי ניט דער־לאנגען, און זי וועט באלד א שווארצע אין דער אָזיערע ארייַנ־פאלן און דערטרונקען ווערן. און טאקע: צו האלבער נאכט האָט זי זיך אָנגעהויבן קוילערן אראָפּ, ווי די אָזיערע וואָלט זי צו זיך מיט שטריק געצויגן. זי איז געוואָרן רויטער און טונקעלער, מיַין לעוואָנע, זי איז פון די קויכעס אויסגעגאנגען און פארזשאווערט געוואָרן און א פארזשאווערטע אין דער אָזיערע ארייַנגעפאלן און דערטרונקען געוואָרן, עס האָט מיר דעמאָלט באם הארצן פאר־קלעמט, ווי איך וואָלט א ליבע מאטאָנע פון טאש פארלוירן, און איך האָב אין דער שטיל געוויינט. נאָר מיַין טאטע האָט מיך געטרייסט: מאָרגן וועט זי ווידער זיַין. און אף מאָרגן איז זי ווידער געווען און איך בין געלאָפן צום ברעג קוקן, ווי זי גייט אוף, העלט און קוועלט, פּוצט אויס די אָזיערע אין א זילבערנעם שאל און ווערט פארטונקלט און פארזשאווערט און דערטרינקט זיך אין דער אָזיערע. אזוי אלע נאכט. דערפאר האָב איך ליב גע־האט מיַין טאטן. נאָר אויב עס וואָלט זיך איצט ארויסגעוויזן, אז מיַין טאטע איז פון דער אָזיערע צוריקגעקומען און אנידערגעזעצט זיך דאָ אף ארבאט מיט פּאפּיראָסן האנדלען, וואָלט איך פייַנט געקראָגן און ניט געוואָלט זיך קענען מיט אים. בין איך צום יידן נעענ־טער צוגעגאנגען, געבעטן בא אים א פּעקל „עקסטרע" און דערווייַל גוט באקוקט אים, דעם יידן, צי איז עס מיַין טאטע, אָדער ניט.

ניין, דאָס איז ניט מיַין טאטע. דאָס איז גלאט אזוי א ייִד. א פייַנער ייִד. א שקלאָוער ייִד. ער האָט אויך געקאָנט זיַין אף

דער אָזיערע — זיצט ער גאָר דאָ, אױף ארבאט. האָב איך אים ניט ליב, ניט פֿײַנט. נאָר אװעק פֿון אים איז מיר שװער: ער האָט בא זיך אין בוזעם־טאש זײַן שקלאָװער לעװאָנע, און האנדלען האנדלט ער מיט פּאַפּיראָסן.

דער ייִד טראָגט אױפֿן לײַב א גרױיע „זעפּיר״־אױבערהעמד, מיט א קאָלנערל, מיט א געשטריקט שניפּסל, מיט א געװענטן קאמזעלקע אױף דער אױבערהעמד און אן אלפּאַגענעם שװארצן רעקל אױף דעם קאמזעלקעלע. אױף דעם קאמזעלקעלע הענגט בא אים א שװארץ שנירעלע, און אױפֿן שנירל — אין טאש — א דיקער זילבערנער זײגער מיט טאָפּלטע קאפּערטעס. דאָס אלפּאַגענע רעקל קלײדט אים צו דער באָרד. די באָרד האָט צװײ שפּיצן און גלאנצט מיט דערזעלבער זײַדענער שװארצקײַט, מיט װעלכער דאָס אלפּאגען רעקל שײַנט ארױס. די באָרד האָט זיך איר כשי־װעס און רױִקײַט: דאָס איז דעם ייִדנס „באלאנס״. װען מע שערט אים אָפּ די באָרד, װאָלט ער געװיס זײַן רו פֿארלױרן און װאָלט זיך א מעטורעפּער איבער די מאָסקװער גאסן ארומגע־טראָגן, װי אלע איבעריקע מענטשן. און אזױ זיצט ער זיך א רױִקער דאָ, און די שקלאָװער לעװאָנע שלאָפֿט זיך בא אים אין בוזעם־טאש.

עס איז א גאנצע מײַסע, װי אזױ ער קומט קײן מאָסקװע. עס הײבט זיך אָן מיט א װײַב און מיט א זאק. ער איז געלעגן אין זאק, האָט אים דאָס װײַב געשיקט אן אײַנלאדונג פֿון זאגס, איז ער ארױסגעקראָכן פֿון זאק, און איצט זוכט ער א קאַלע.

— יאָ, מאָלט אײַך אױס, אז מע טרעפֿט זיך מיט א מענטשן צו זיבעצן יאָר. סאכאקל מיט פֿערציק יאָר צוריק איז עס געװען. מע שפּאצירט. מע רעדט װעגן דעם „שװארצן יונגערמאנטשיק״ און „יעװגעני אָניעגין״. מע גײט צוזאמען אױף „שולאמיס״ און „באר־קאָכבע״. מע זינגט צוזאמען עליאָקום צונזערס לידלעך. און די לעװאָנע, מײַן ליבער פֿרײַנט, איז אומעטום דיזעלבע. אז מע קען אביסל דיקדעק מיט העברעיִש — ניט שײַעך — אביסל — טאקע גרונטאָװנע — און מע לײענט זיך אָן מיט „אהבת ציון״, און זי איז אױך ניט גאָר קײן פֿארגרעבטע און באנעמט אן אײדעלן געפֿיל — פֿארליבט מען זיך. װאָס מײנט איר, מע האָט די ליבע פֿון אױס־לאנד געבראכט צו פֿירן? ס׳איז א סװאָרע, אז ס׳איז גאָר א

ניצעץ עלויקים, א געטלעכער פונק, אָט דידאָזיקע סאמע ליבע — פארליבט מען זיך. און אז טאטע-מאמע ווילן ניט — נעמט מען זיך פאר די הענט און מע אנטלויפט פון שקלאָוו.

— ווערט ער בוכהאלטער און זי היט אים ווי אן אויג אין קאָפּ און האָט אים א זון. עס ווערט ניט אזוי גיך דאָס אלץ, מײַן ליבער פרײַנט, — דאָס לעבן ווערט זיך אויך, עס לאָזט זיך ניט — עס ווערט זיך און עס גייט אוועק א צענדליק יאָר, ביז דאָס ווערט. און א יאָר זיבן גייט אוועק נאָך דעם. אז מע לעבט אָפּ זיבעצן יאָר צוזאמען, ווערט מען אביסל קילער איינע צו די אנדערע, און עס הייבט אָן שטעכן דער האָבער אין א געוויסן אָרט, באטראכט זיך א ייִדענע צו פינף און דרײַסיק יאָר, אז זי וויל ניט מער קינדלען. עפשער ווילט איר וויסן, וויפל האָט זי עס אזוי אָנגעקינדלט פאר זיבעצן יאָר? צוויי. מער איז ניט געווען און מער וויל זי ניט און מער דארף זי ניט. צוויי פא־ ראן — גענוג! זי וויל אן אקושערקע ווערן. און איך בין בוכ־ האלטער און פארנעם זיך מײַן בעקאָוועדיקע שטעלע און האָב פון דער זײַט אויך.

— ס'איז אלץ גאנץ געוויינלעך, מײַן ליבער פרײַנט. א מענטשנס לעבן — איז אָדער עס באשטייט פון כמוירישע קליינינקייטן מיט א גאָט אין הימל, אָדער עס באשטייט פון כמוירישע נארישקײַטן מיט א שעד אין דער נעשאָמע. בא איר האָט זיך באזעצט א שעד אין דער נעשאָמע: זי וויל אקושערקע ווערן. נאָר אז מע לעבט אָפּ מיט א מענטשן בא אכצן יאָר און מע האָט מיט איר א פּאָר קינדער פון זעכצן און פופצן יאָר, צעגייט מען זיך ניט, ווי א פּאָר צעווערטלטע שכיינים. אין אונדזערע הייליקע ספאָרים שטייט געשריבן: „אשה גרשת בדעתה ובלוי דעתה״ — א פרוי קאָן אָפּגעגעט ווערן סײַ מיט איר גוטן ווילן, סײַ אָן איר גוטן ווילן. נאָר די כאכאָמים אונדזערע האָבן זיך געכאפּט: — ס'הייסט? און ווי איז, אויב ס'וועלן זיך געפינען פארכעס, וואָס וועלן פארלאנגען אלע פינף יאָר א פרישע בסולע, איז דעמאָלט ווי? האָט מען אײַנגעשטעלט: „לא בדעתה״ — אָן איר גוטן וויסן, — גאָר א פרעג טון בא איר דארף מען, — צי וויל זי יאָ, צי וויל זי ניט זיך געטן. איך האָב בא איר פרעג געטון. זי האָט ניט

געוואָלט זיך געטן. זי האָט געוואָלט אקושערקע ווערן. — נאָ־רעלע, — האָט זי געזאָגט, — איך וויל עפּעס טון, אז ניט וועט מיר אומעטיק זײַן, איז וואָס וועל איך טון? דער גוטער יאָר ווייסט, וואָס א מענטש קאָן פון לאנגווײַל אָפּטון! — און אליין שמייכלט זי צו מיר מיט עפּעס א מאָדנעם געלעכטערל — אַ גרוי־נעם אזא מיט פולע ווערימלעך דאָרטן — צום ערשטן מאָל האָט זי דעמאָלט צו מיר אזוי געלאכט — א כצופיש געלעכטערל! נאָר... איך וועל אײַך ניט פארהאלטן: אזוי ווי איך בין בוכהאל־טער און קען דײַטש, האָב איך אויסגעשריבן פון דײַטשלאנד א שאפּקעלע ביכלעך אף אקושערסטווע און זיך אנידערגעזעצט מיט איר קנעלן גינעקאָלאָגיִע — אגעוו, האָב איך זיך אליין אויך א טראָפּעלע פּארינטערעסירט דערמיט נאָר פון דער פילאָזאָפישער זײַט — ס׳איז א גאנץ טיפער איניען, אָט דאָס מערן און פרוכפּערן זיך, — און, בעקיצער, כ׳האָב זי פארטיק געמאכט, און זי איז מיט מאזל אקושערקע געוואָרן.

יאָ. ער איז א שקלאָווער. שקלאָווער האָבן פאר קיין זאך אין דער וועלט קיין מוירע ניט. זיי קאָנען שפּילן אין אלע אקטן אף דער סצענע פון לעבן. זאָל זײַן מיט מאזל אקושערקע, כאָטש ער האָט עס ניט באדארפט — אָן דעם האָט ער אויך געהאט שעפּע פולע שיסלען און ניט וויניק געטון פאר מענטשן אויך, — ס׳האָט פאר אלעמען געקלעקט. נאָר ס׳איז איר אומעטיק געוואָרן, האָט ער איר געהאָלפן נעמען א „זאבאווע" אין די הענט. און איצט... איצט קען ער מיט פאפּיראָסן האנדלען. ער קאָן א קאָנ־דוקטאָר זײַן אפן טראמווײַ. א קאָנדוקטאָר איז שווער — מע דארף שטיין אכט שאָ אף די פיס, און דאָס איז אים שווער. ער איז א „פאָלנע ניעגאָדניק" האָט די קאָמיסיִע אויסגעפונען.

א לאנגווײַליקע לעוואָנע, די שקלאָווער. נאָר אף ארבאט ווערט טונקל. איך זיץ און איך רויכער, און דער ייִד רויכערט מיר פאר די אויגן מיט זײַן פארזשאווערטער שקלאָווער לעוואָנע.

אז זי איז געוואָרן אקושערקע, האָט זיך אָנגעהויבן בא זיי דער צווייטער „איגול" — זי האָט זיך צו אים געלאשטשעט, ווי א יונג מיידעלע, און אין די פארנאכטן פלעגן זיי ווידער שפּאצירן גיין אפן ברעג, און „שולאמיס" פלעגן זיי גיין הערן

און „יעווגעני אָניעגין" אויך. סיכסוכים האָבן ניט געפעלט, ניט פריִער און ניט שפּעטער. א גרויסער סיכסעך איז בא זיי ארויס וועגן די קינדערס שרײַבן אום שאבעס אין גימנאַזיִע, און אויס־געפירט האָט זי. איז מיילע. נאָו׳ בא אים האָט זיך אין קורצן עפּעס אַ מאכלע פארפלאנצט. עס איז אים שווער געוואָרן אין די פאכוועס, און זי האָט זיך ערשט רעכט צעבליט. נו, ווערט עס שוין קימאט אויס פּאָר. נאָר שעפע איז פאראן, און דאָס פארלא־טעט מיט א גאָלדענעם צודעק אלע צאָרעס. ער האָט נאָך אלץ זײַן גאָלדענע שטעלע און דערצו צוויי מאָל אזויפיל פון דער זײַט, און, דער איקער, ער איז דער באלעבאָס אין שטוב.

— ווערט א מילכאָמע. מילכאָמעס זײַנען שטענדיק געווען און — מיילע! נאָר אז עס ווערט א רעוואָליוציִע און א צווייטע— ווערט ער גאָר א בורזשוי, און מע לאָזט אים אָן א פעדעמל. און זי ווערט די ברויטגעבערקע און פארפירט זיך נײַע מענטשן צו זיך אין שטוב אריין און נײַע פאראָנדקעס, און מענטשן זאָגן: — ער איז א קראנקער, א ליידיקגייער. מע הייסט אים גיי ארבעטן — וויל ער ניט. עלעהיי — שרײַבן אום שאבעס טאָר מען ניט. טויג ער ניט פאר דער שטוב. ראִיסע סאמאָילאָוונע! מענטשן קומען ארײַן און גייען ארויס, און א נײַער מענטש איז שטענדיק ווי א נײַע מאטבייע — עס דוכט זיך דיר, דו וועסט זיך די וועלט מיט יענער וועלט צוזאמען אָפּקויפן פאר דעם, ס׳איז א גאָלד־שטיקל. און סאכאקל איז עס — א קופּערנער גראָשן. און בא מיר האָט זי מײַן מאכלע געשטארקט. איז מײַן גוף אָפּגעשוואכט געוואָרן, און איך האָב ארומגעבלאָנקעט, ווי ניט א היגער. נאָר אין שטוב בין איך נאָך פונדעסטוועגן געווען ווי אינדערהיים. און אלץ איז נאָך נישקאָשע. ס׳הייסט, נישקאָשע? פון דאָס ביסל גוטס, וואָס עס איז בא מיר געווען, — איר מיינט געלט? ניין! — דאָס ביסל אהאווע, ליבשאפט, וואָס איז בא אונדז געווען, זײַנען געבליבן ברעקלעך, ווי אף א טישטעך נאָכן עסן — קאם א קאַ־זאיעסל אף א מענטשן איז עפּשער געבליבן, נאָר מע זיצט נאָך אלע באם טיש — מע גייט ניט אוועק. ס׳הייסט — מיר לעבן צוזאמען, כאָטש שלעכטע מענטן שפּאלטן זיך ארײַן אין אונדזער לעבן ארײַן, ווי א קלין אין א שײַט האָלץ. די קינדער זײַנען אין

שטאָט, און מיר גייען דאָ ארום צוויי פרעמדע און בערויגעזע מענטשן, ווי אין אן אכסאניע.

— איז נאָך אלץ אָבער גוט. גוטס לאָזט זיך אויך פונדעסט־וועגן ניט אזוי גיך אויס. ווי וואסער אין א ברונעם, וואָס הייבט אָן אויסטריקענען, איז דאָסדאָזיקע גוטס: עס טריקנט טאקע, מע זעט עס באשייַמפערלעך, אָבער דערווייַל, איבער א נאכט, לויפט אָן א פרישער טראָפּן וואסער. נאָר אז מע נעמט און מע פאר־שיט דעם ברונעם — ווערט דער לעצטער טראָפּן דאָרט דער־שטיקט. וואָס מיינט איר איז בא מיר געווען? א גרויס וואסער, א גרויסע שעפע, איז געקומען צו קריכן א קראָקאָדיל און האָט עס אויסגעזשליאָקעט, איז געבליבן אפן דעק — קאם די ליפּן אָפּ־צונעצן. האָט עס איר ניט געקלעקט. האָט זי זיך אופגעהויבן, ווי א קליאטשע מיט צעשפּילטע בלוטן און אוועקגעלאָזט זיך נייַע וואסערן זוכן. אף דער מילכאָמע האָט זיך איר פארוואָלט. אף וועלכער? אף דער פוילישער. מיט בודיאָנין וועט זי אף ווארשע גיין. א שקלאָוווער יידענע גייט ווארשע אייַנעמען. געהייסן האָט דאָס אזוי: ס'איז א הונגער און כורבן, און קיינער האָט קיין קינדער ניט, און די פּראָפעסיע — אקושערסטווע — איז פון דער מאָדע ארויס — ניטאָ וואָס צו טון. און מיט ליידיקע הענט אפן בויך קאָן זי ניט זיצן. ס'איז איר לאנגווייַליק און פון לאנגווייַל קען זי דער גוטער יאָר ווייסט וואָס אָפּטון. גייט זי אוועק — א יידענע פון עטלעכע און פערציק יאָר — אף קורסן און ווערט א דאָקטער צי ניט קיין דאָקטער — א לעקפּאָם *).

— מייַן פרייַנט, — האָט דער ייִד זייַן קאָפּ צו מיר אויסגע־דרייט, —קוקט אָן מייַן באָרד, עס איז נאָך איין גראָ הערעלע דאָרט ניטאָ, און מייַן געמיט איז אויך ניט געבראָכן. א ליימענעם טאָפּ קען מען צעשפּאלטן, און מע קען אים אויסליידיקן. אז מע צעשפּאלט אים, קאָן מען נאָך אים אמאָל פארדראָטעווען, און ער קאָן נאָך נוצן פאר טרוקענע פּראָדוקטן. נאָר אז מע ליידיקט אים אויס און מע שטעלט אים אנידער אפן בוידעם, וועבן זיך דאָרטן שפּינען נעסטן אויס. דאָס נעמלעכע איז מיט א מענטשן. אמאָל טרעפט זיך, ווען דאָס לעבן גיט דיר א זעץ איבערן קאָפּ מיט א

*) דאָקטער-געהילף.

שײַט און דו װערסט צעשפּאָלטן. קומט א הילף, עפּעס א שטיקל נאכעס־רועך פון א װײַב צי פון א קינד און פארדראָטעװעט דיך. נאָר אז מע נעמט דיר צו די „סאָדערזשאניע" פון דײַן לעבן — װערסטו געגליכן צו א ליידיקן טאָפּ אפן בוידעם.

יאָ, װי האָט זי דאָרטן מילכאָמעס געפירט, אז דער פויל האָט אזש צו קיִעװ אָנגעשפּארט — װייס איך ניט. נאָר צוריק איז זי אהיים געקומען אין א גרינעם סאָלדאטסקן קאָפּטל מיט אָפּגעשױרענע האָר. אמאָל פלעגט מען שערן האָר בא די געפאנגענע פּלישטימקעס, זיי זאָלן ניט געפעלן װערן, און זי האָט זיך אָפּגעשױרן די האָר, װײַל אזוי איז געפעלן געװאָרן אײנעם א באָנדער װאָס האָט זיך א פּאָרטפעלכל אײַנגעשאפּט. און איך גײ ארום אין מײַן אײגענער שטוב, װי א ניט געבעטענער אוירעך. איך בין געװען א ייִד, װי אלע ייִדן. ניט זײער קײן פרומער. שאבעס האָב איך געהיט. נאָר זעם עװעו יאָמקיפּער, נאָכזעם װי זי איז צוריק פון דער פּױלישער מילכאָמע געקומען, איז בא מיר אין שטוב געװען פרײלעך, װי בא א הײסן כאָסיד אום סימכעס־טוירע: מענטשן האָבן זיך אָנגעקליבן און זי איז גאָר א ראָש־האמדאברים געװאָרן — זיצט אױבנאָן און קאָמאנדעװעט, װו מע װעט צו קאָלנידרע דעם מיטינג פראװען. און צו מיר לאכט זי מיט איר גרינעם געלעכטערל: — און דו, — זאָגט זי, — װעסט גײן אין שול צי אין קלוב? זי איז שטענדיק געװען א פרײַע: דער טאטע — אן אלטער פארבאקענער מאסקיל, א קאָרעװו — א מעשו־מעד, נאָר פריִער איז עס ניט געװען — צו קאָלנידרע אין קלוב. װאָס האָב איך איר געזאָלט ענטפערן? הײַנט, זאָג איך, װעסטו גײן מיט מיר צו קאָלנידרע אין שול, און מאָצע יאָמקיפּער װעל מיר פארבעטן אף א גלעזל טײ סקיבישעװסקי דעם אקושער, און, אגעװו, װעט ער דיך באטראכטן — ס'איז מיט דיר ניט זײער פרײ־לעך, ראיסע סאמאָילאָװנע. װאָס האָט זי מיר געענטפערט? זי האָט געלאכט. אף מאָרגן האָט זי געװײנט, — שכײנים האָבן דערצײלט, — נאָר פאר מיר אין די אױגן האָט זי געלאכט. — װאָס לאכסטו? פרעג איך בא איר. — ס'איז מיר קאָמיש, — ענטפערט זי, — ס'איז מיר שטענדיק ענג געװען אף דער נעשאָמע, און איצט איז פרײַ געװאָרן. איך בין ייִנגער געװאָרן, דו זעסט ניט? און

דו ביסט אינגאנצן אראָפּ פון טראָפּ! דו ביסט א פּאַרטיקער! מע האָט מיר דערציילט — דו ביסט צום רעבן געפּאָרן, איז מיר קאָ־מיש — נאָך פינף און דרײַסיק יאָר צוזאמען לעבן זײַנען מיר — אויס פּאָר... און די קינדער האלטן מיט מיר. און איך ווייס אפילו ניט, וואָס פאר א דאָקטער איך זאָל צו דיר רופן. נאָר איך פארהאלט דיך ניט. גיי זיך אין שול און איך וועל זיך גיין צו זיך, אין קלוב.

איך האָב געמיינט — זי איז מעשוגע געוואָרן. עס טרעפט אזוינס. א שקלאָווער קען אָפּטון א שטיקל ארבעט גאנץ גלאט. איך האָב אף איר ראכמאָנעס געקראָגן און ארײַנגעשיקט צו איר א פּסיכיאַטער, ווי אן אלטן באקאנטן, קלוימערשט. ער איז מיט איר אָפּגעזעסן א האלבע שאָ און ארויס פון איר כּיידער א רוי־טער, מיט א פארשוויצטן שטערן. זי איז געזונט, — זאָגט ער, — ס'איז דאָ אסאך אזעלכע איצט — מאסן־פּסיכאָז.

נו, מיילע, האָב איך אָפּגעלאָזט די לייצעס. איך בין אליין אוועק צום ברעג טײַך. די לעוואָנע איז דאָרט געווען. איך האָב זי בעיעכידעס מעכאדעש געווען. איך האָב זיך אַליין אויסגע־שטרעקט א האנט און אָפּגעגעבן שאָלעם־אלייכעם — אלייכעם־שאָלעם. עס איז געווען א קלאָרער סימען: איך בין געוואָרן א ליידיקער טאָפּ — אלץ האָט מען בא מיר צוגענומען, און איך האָב עס מיט ליבשאפט מעקאבל געווען.

— ס'איז אראָפּ דער הארמידער. קרעמלעך האָבן זיך אָנגע־הויבן עפענען ווי נאָכן מאבל. איך בין אוועק צום ליבאוויטשער. דערציילט אים. — רעבע, וואָס טוט מען? — שווײַג, — זאָגט ער, — און באהעפט דײַן נעשאָמע מיטן קאוועיאָכל, עס וועט דיר גרינג זײַן. און ס'איז מיר גרינג געוואָרן. איך קום אהיים — איך טרעף א צעטל — אן אײַנלאדונג אין זאק ארײַן. גיי איך. ביכלאל זיצן דאָרטן ייִנגלעך. אף מײַן שקלאָווער מאזל איז גראָד דאָס מאָל געזעסן דאָרטן א גאנץ פײַנער מאן.

— וואָס האָט בא אײַך פּאסירט? — פרעגט ער און רוקט מיר אונטער אן אָריגינאל — דעמאָלט זײַנען נאָך פײַנע אָריגינאלן גע־ווען, מיט לענינס בילד.

— גאָרנישט, — ענטפער איך אים. — ווו דארף איך זיך דאָ אונטערשרײַבן? אָט־אָ־דאָ? — און שטעל מײַן כסימע.

— וואַרט צו, — זאָגט ער, — אײַלט זיך ניט אַזוי. איר האָט דרײַ כאַדאָשים צו באַטראַכטן זיך, עפּשער ווילט איר ניט. עפּשער ווילט איר זיך עפּעס אויסנעמען וועגן די קינדער, וועגן דער דירע און וועגן די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין איר דירע.

— איך האָב זיך שוין באַטראַכט, — ענטפער איך אים און שטעל א פּונקט צו מײַן כסימע. און אויבן דערזע איך א שורען לע: „און דאָס מעבל, און די זאַכן, וואָס געפינען זיך אין דער דירע באַם בירגער בעני הורוויץ...“ שרײַב איז צו: „געהערן אינגאַנצן צו דער בירגערין ראַיִסע סאַמאָילאָוונע הורוויץ“. זי האָט די פאַמיליִע ניט געביטן — די פאַמיליִע געפעלט איר אַפּאָנעם יאָ, אָדער צוליב די קינדער. אָט האָט איר די צײַגעניש פון זאַק: „בעני הורוויץ איז געגעט“. און איצט זוך איך א קאַלע. ווי קען דאָס גאָר א ייִד לעבן אָן א ווײַב? און דער ליבאַוויטשער הייסט אויך. נאָר עס מאַכט זיך אַלץ ניט קיין פּאַסיקע, זי זאָל מיר זײַן מיט מײַנע אידעאָלאָגיִעס.

עס איז געוואָרן גוט טונקל. אָוונט. א מאָסקווער אָוונט מיט אן אויסגעטריקנטער לעוואָנע. אביסל פליכעוואַטע, אביסל געשטופּלט איז זי געווען, די מאָסקווער אויסגעדאַרטע לעוואָנע. נאָר געשײַנט האָט זי ניט פון רעכטס, ניט פון לינקס — עפּעס גלאַט אַזוי, אין מיטן איז זי געהאַנגען. און דער ייִד האָט דערלאַנגט פון זײַן בוזעם־טאַש א פאָטאָגראַפיש קאַרטל. דאָרט איז געזעסן א פרוי — א סאָלידע, א ברייטע, מיט א פריילעכן פּאָנע און באַוועגלעכע הענט אויף די קניִען. פון ביידע זײַטן זײַנען צוויי יונגע מענטשן געשטאַנען — אויך מיט פריילעכע פּענימער און בוילעטע, שטײַפע נעזער.

— יאָ, גוט. אָבער ווי קומט איר קיין מאָסקווע? און פאַרוואָס עפּעס האַנדלט איר גאָר מיט פּאַפּיראָסן?

— מײַן ליבער פרײַנט, — האָט דער ייִד ווייך צו מיר גערעדט, — איך בין אוועק פון איר קיין לענינגראַד, דאָרטן האָב אין אן אַלטן יעדיד, א גרויסער קענער אין היסטאָריִע און שפּראַכן, האָב איך געטראָפן דאָרטן דעם ליבאַוויטשער. פרעג איך בא אים:

— רעבע, וווּהין? אין כאַרקאָוו צי אין אָדעס, צי גאָר עפּשער דאָ מיט אײַך?

ענטפערט ער מיר:
— קיין מאָסקווע.

קיין מיין פרעגט מען ניט. בין איך אין מאָסקווע.

— ווען ער איז אוועק קיין ריגע... — מײַן ייִד האָט זיך א טראָ־פעלע פארהאמעוועט — איר ווייסט דאָך — ער איז געזעסן, מע האָט אים ארויסגעשיקט, — בין איך פון מאָסקווע אלס דעלעגאט פון די היגע צו אים געפאָרן.

— רעבע, — זאָג איך צו אים, — מאָסקווע פארלאנגט איר זאָלט דאָ בלײַבן, מיר זאָלן ניט זײַן אָפּגעשיידט פון אײַך.

ענטפערט ער מיר:

— זאָג, מאָסקווע, אז איך וויל זיי זאָלן זײַן מיט מיר. גאַש־מיִעס איז בלאָטע און אין רוכניִעס איז ניט שײַעך אָפּגעשיידט.

קיין מיין פרעגט מען ניט, ביפראט, אז מאלכעס איז מאל־כעס — און דער מיין איז דאָ קלאָר: טאקע, אין רוכניִעס איז דען שײַעך אָפּגעשיידט? מיר שרײַבן זיך דורך מיט אים. שרײַבן אים בריוו, באקומען פון אים ענטפער, אייצעס אף אלע „פראָ־שעניִעס", וואָס עס מאכט זיך...

איז ער אין מאָסקווע. ס'איז אים ניט שלעכט. מאָסקווע לאָזט ניט פאלן. ווינטער גיט ער „אוראָקן" אף העברעיִש מיט דײַטש. ער האָט זיך דערפאר זײַנע ק"ן *) קערבלעך א כוידעש. און זומער צעפאָרן זיך אלע אף די קוראָרטן, האָט ער זיך גענומען א שופ־לעדל מיט פאפיראָסן. נעכטן האָט ער פארדינט דרײַסיק קאָפּיקעס. הײַנט פערציק. עס גייט אים דען אָן דער פארדינסט? א מענטש קען ניט זיצן אין שטוב — ס'איז אומעטיק, און אף דער גאס קוקט זיך בעסער ארײַן אין א סייפער. אגעוו, איז אָן א ווײַב זייער אומעטיקלעך אין שטוב...

מײַן ייִד האָט שוין געענדיקט. די לעוואָנע — די מאָסקווער — האָט זיך ערגעץ הינטער א דאך פארבאהאלטן, די שקלאָווער — צום ייִדן אין בוזעם־טאש. דער ייִד האָט זיך אופגעהויבן, געקליבן זיך אהיים, געבונדן א געווײנלעכן פאניר־קאסטן צום געפארבטן מאָסעלפּראָמער שופלעדל. נאָר ס'איז מיט אים עפּעס א ניט גוטס געשעען, מיט מײַן ייִדן. ער איז געשטאנען אָנגעבויגן איבער זײַ־

*) ק"ן — הונדערט און פערציק.

נע קעסטלעך און געוואָלט זיי פעסטער צונויפבינדן, און איך האָב אים געוואָלט העלפן, האָט א פארבײַגייער מיט א פוס דעם ייִדן פארטשעפעט און ער איז מיט א פאכווע אף א ווינקל פון א קאסטן געפאלן און געבליבן ליגן א פארכאלעשטער.

דער סאָף איז ניט א טרויעריקער. איך האָב נאָר געהאט אביסל צו טון מיטן ייִדן: עפעס האָט זיך בא אים צעשפילט, און ער האָט זיך פון אָרט ניט געקאָנט אופהייבן, און געקוקט אף מיר מיט אָרעמע, קראנקע אויגן פון א שלאפן מענטשן. איך האָב אים אף א פורל אוועקגעזעצט און געהייסן אהיים פירן. ער האָט מיט מיר מאסקים געווען און אפילע באדאנקט:

— יאָ, עס מאכט זיך בא אים אמאָל אזא „פריפאדעק" — עס וועט אדורכגיין. אדאנק אײַך, יונגערמאן.

זייער וויל.

נאָר די מאָסקווער לעוואָנע איז געהאנגען א מעוווּלוועלע און וואָלוועלע איבער די הויכע מאָסקווער דעכער, און די שקלאָווער האָט אין א ליקעלע פארקערעוועט און אוואדע גאנץ גיך אין א ווינקעלע דאָרט ערגעץ שלאָפן זיך געלייגט.

אזוי האָט פארבראכט צו גאסט א שקלאָווער לעוואָנע אף ארבאט.

יעוופאטאָריִע. אווגוסט. 1928.

# אן אקאָרע מיט א קינד אף די הענט.

1

אין איינעם א הארבסט־טאָג האָב איך אף א מאָסקווער גאס געטראָפן א ראָגאטשאָווער ייִדענע מיט א פיצל קינד אף די הענט. זי האָט זיך בא מיר נאָכגעפרעגט, ווו עס געפינט זיך דער „דעטציק״, — זי האָט אהין א וויכטיקן איניען, צו קאַלינינען, מע זאָגט ער נעמט אוף קינד און קייט, ווער עס ווענדט זיך נאָר צו אים, און גיט יעדערן א ריכטיקע אייצע און העלפט יעדן, ווי וויַיט א מענטש קען נאָר העלפן.

די ייִדענע איז געווען אלט ארום אן אכט און פערציק יאָר. זי איז געווען געקליידעט ניט זייער גרויסשטאָטיש, אָבער אָן דעם קליינשטעטלדיקן שליאָמפּער. איר פּאָנעם איז געווען לענג־לעך, — א סימפּאטישער אָוואל. אירע האָר זיַינען געבליבן גאנץ, קיין שער האָט איבער זיי ניט געארבעט, אָבער באזילבערט פון יאָרן לעבן אף אונדזער ערד זיַינען זיי געווען. א נאָז האָט זי געהאט א גליַיכע. די נאָז האָט איר אראָפּגעקוקט צום מויל אבי־סעלע פארומערט, אָבער באשיַינט מיט צוויי ניט־געדיַיגעט־קנייטש־לעך, וואָס די עקעלעך זייערע, בא די ווינקלען פון די פולבלעכע ליפּן, האָבן אפילע באשיידן און שטיל געשמייכלט. די אויגן אירע זיַינען פרישע געווען. זיי האָבן געהאט א גרינגלעכן קאָליר און האָבן גאנץ גוט געלויכטן. די הויט ארום די אויגן איז, עמעס, געווען גערונצלט, אָבער די אויגן אליין זיַינען געווען אָפּגעפרישטע.

אומגעפער אזוי, צו דער ציַיט געעלטערט און לאכלוטן ניט אָפּגעלאָזן, — האָט אויסגעזען דידאָזיקע ראָגאטשאָווער ייִדענע.

און דאָס קינד, וואָס איז בא איר אף די הענט געווען, איז געווען א פלאקסהאָריקס, א בלוי־אויגיקס, מיט א פּיצינק פּאריסן

נעזעלע און שמאָלע ליפּן, — א „גויִיש קינד״ לויטן קאָמפּלעקס שטריכן אפן פּענימל, און אלט איז דאָס סאכאקל א יאָר צוויי.

איך האָב דער ייִדענע אף דער פראגע וועגן „דעטציק״ ניט גלײַך געענטפערט, מאכמעס איך בין געווען פארנומען מיט באַ־טראכטן זי אליין, דאָס קינד, וואָס האָט איר געקענט זײַן אן אייניקל, א גליד־פלימעניקל, אָבער ניט קיין אייגן קינד. האָט זיך די ייִדענע צו מיר ווידער געווענדעט:

— קוקט ניט אף מיר, יונגערמאַן, ווי אף א פּאָרטרעט, איך בין א פרעמדע דאָ הי, קום נאָר־וואָס אָן אהער און האָב דאָ קיינעם ניט, וועט איר מיר עפשער אייצענען, ווי ארום איך זאָל זיך דאָ צו א טאָלק דערשלאָגן?

די ייִדענע, וואָס איז איינע אליין דאָ אין דער צעוואָרפענער מאָסקווע, האָט מיך געריירט, נאָר איך האָב די רירעניש אין זיך דערשטיקט און קינדערש מיטן קינד זיך א שפּיל געטון, א פרעג געטון אף רוסיש:

— ווי רופט מען דיך, אָקטיאבערל?

— ער פארשטייט ניט קיין רוסיש, — האָט מיך די ייִדענע איבערגעשלאָגן, — ייִדיש קענט איר? פרעגט אף ייִדיש, וועט ער אײַך ענטפערן.

— ס'איז אן אייניקל?

— וואָס איז דען די נאפקעמינע? א גלאָז מילך קען מען דאָ ערגעץ פאר אים קריגן?

איך האָב זי ארײַנגעפירט אין א קיך. עס איז אף מיר אָנ־געלאָפן א נײַגיר מיט א פרייד צוזאמען, און איך בין געפאלן אף א שפּיצל, ווי אזוי אמבעסטן דאָס קינד צוזאמען מיט אונדז בא א טישל אנידערזעצן. איך האָב איין שטול איבערגעקערט מיט די פיסלעך ארוף און אנידערגעשטעלט עס אפן צווייטן שטול, וואָס איז געשטאנען מיט די פיסלעך אראָפּ, איך האָב אפן שטול נידערגעלייגט דער ייִדענעס א ווייך פּעקל, אנידערגעזעצט דאָס קינד. דערנאָך האָב איך געהייסן דערלאנגען דעם קינד א גלאָז מילך און, אגעוו, אונדז — מיטאָגן.

מיר האָבן געגעסן אונדזערע שפּײַזן, און דאָס עסן צוזאמען בא איין טיש האָט אונדז געוויס דערנעענטערט. פריִער זײַנען

געפאלן פון מײַן מויל פּאָרזיכטיקע פראגן צו דער ייִדענע, ווער זי איז, פונוואַנען זי קומט, ווער איז דאָס קינד און פארוואָס דארף זי עפּעס גאָר אזש צו קאלינינען אליין. דערנאָך האָט זי מיר אליין דערציילט די גאנצע געשיכטע אירע, וואָס האָט זי מיטן קינד אהער, קיין מאָסקווע, געבראכט צו טראָגן.

— צי זי האָט א מאן? ווי־זשע דען? געוויס האָט זי א מאן. ניין. זי האָט אים ניט. זי האָט געהאט א מאן. ניין. זי ווייס אליין ניט, ווי האלט זי איצטער אין דער ספירע מיט איר מאן: צי זי האָט אים, צי זי האָט אים געהאט, צי זי וועט אים ערשט אימירצעשעם האָבן. נאָר קיין סאך וויל זי וועגן אים ניט רעדן. עס לוינט ניט. ניט דאָס איז איצטער בא איר דער איקער.

איך דארף זיך ניט פארקוקן אזוי אף איר. זי איז אמאָל געווען א גאנץ שיין מיידל. זי האָט געהאט אנדערע מײַלעס דערצו אויך. קיין גרויסער נאר איז זי קיינמאָל אין לעבן ניט געווען.

צי זי האָט ליב געהאט אמאָל א באָכער? ווי־זשע דען? געוויס האָט זי ליב געהאט. קען זײַן, אז טאקע צוליב אָט יענעם באָכער איז זי איצטער געקומען אהער קיין מאָסקווע צו קאלינינען.

צי זי האָט אים איצט ליב? ניין, איצט האָט זי ליב עמעצן אנדערש. איצטער האָט זי ליב אָט דאָס טרייפענע ביינדל, וואָס זיצט אנטקעגן אונדז און זשליאָקעט די מילך. איצט, דארף איך וויסן, איז זי שוין אלט ארום אן אכט און פערציק יאָר, און אף דער עלטער האָט זי א בען זקונים געפּאַקט. ניט געפּאָקט האָט זי, ניט געמאָזלט, ניט דער בויך האָט איר וויי געטון, אָבער א זונדל האָט זי זיך אײַנגעשאפט — אף אלע סאָוועטסקע אקאָרעס געזאָגט געוואָרן. זי ווינטשט עס זיי פון פולן הארצן. כאָטש דאָס הארץ אירס איז שוין א געבראָכנס, א צעשפּאָלטנס, ווי אן אלטער טאָפּ. נאָר איך דארף ניט אזוי זיך פארקוקן אף איר. איך דארף בעסער זיך צוקוקן צו איר זונדל.

איך האָב זי געפּאָלגט און א קוק געטון אפן קינד.

דאָס קינד איז געזעסן אפן איבערגעקערטן ווינער שטול. דאָס קינד האָט זײַן גלאָז מילך שוין געהאט אויסגעטרונקען, און איצט האָט עס געקוקט מיט גײַציקע אייגעלעך אף די טישלעך און די מענטשן בא די טישלעך און געצויגן זיך מיט די הענטלעך צו

אונדזערע טעלער. יאָ, דאָס איז א גאנץ ווויל קינד, נאָר נעבן דער ראָהאטשאָווער ייִדענע זעט עס עפּעס אויס ווי א געגאנווועט קינד. און כאָטש מײַן ראָהאטשעווער ייִדענע איז ניט קיין ציגײַנערטע, און דאָס קינד איז געוויס אויך ניט קיין פּירשטלעכס, קלינגט דאָך גוואלדיק קאָמיש דעם קינדס ייִדיש:

— מא—א—מע גי מי א טיו—ו—ונק...

און די ייִדענע ווינקט גראָד צו מיר:

— איאָ עס פּאסט זיך צו איר? עס וועט זיך שוין פּאסן, איך מעג שוין קיין יעסורים ניט האָבן. זי האָט שוין גוט אלץ אויסגעשמעקט, זי האָט זיך שוין קאפּויר געשטעלט, ווי אלע שטייען איצט, וועט איר שוין זײַן אביסל גרינגער צו לעבן...

פון אמאָל איז ניטאָ וואָס צו דערציילן. זי — די אמאָליקע — איז שוין געשטאָרבן. נאָר א מענטש שטארבט ניט מיטאמאָל. א מענטש שטארבט ביסלעכווײַז — אלע טאָג שטארבט ער אף א קאָפּיקע, און אינעם לעצטן טאָג גיט ער אָפּ די לעצטע קאָפּיקע, דעם לעצטן הויך, און בא מענטשן הייסט עס, אז ער איז נאָרוואָס געשטאָרבן. א פרישינקער, א צאפּלדיקער בארמינען. באַגראָבט מען אים. אָדער מע פארברענט. זי ווייס פון דעם נײַס. זי איז מאסקים. בעסער טאקע פארברענען, ווײַל אש איז ריין און האָט קיין שום גערוך ניט. איך מוז איר מויכל זײַן, זי בעט מיר איבער מײַן קאָוועד. ניט באם עסן וועגן אזעלכע זאכן צו רעדן: באם לעבן מוז מען לײַדן דעם מענטשנס רייכעס, מאכמעס דאָס איז אים צו געזונט, אָבער נאָכן טויט לײַדן פון אים לוינט לאכלוטן ניט.

יאָ, איך מוז עס אויסהערן: זי איז מיט א שטיקל צײַט צוריק געוואָרן א קאָמוניסטקע. קיין „טשלען” איז זי ניט, נאָר די נעשאָמע אירע געהערט צו די קאָמוניסטן. מיסטאמע קומט עס זיי. זייער מאָנאָפּאָל אף קאָשערע און ערלעכע נעשאָמעס.

ווער איז פּאָרט איר מאן?

איר מאן איז א זייגערמאכער און א גאָלדשמיד. מיט א יאָר פינף און צוואנציק צוריק, ווען זי האָט אים צום ערשטן מאָל דערזעען, האָט איר גלײַך אין קאָפּ א קלאפּ געטון: אָט דאָס איז ער! זי איז דעמאָלט אלט געווען דרײַ און צוואנציק יאָר. ער —

איין און צוואנציק. ער איז געווען נאריש, ווי א קינד, און זי איז קעגן דער גאנצער וועלט געגאנגען. איר פּאָטער איז געווען א לערער אין א טאלמעטוירע. איר פּאָטער איז געווען א פּאָר־געשריטענער מענטש. ער האָט זיך געשוירן די באָרד און ניט זייער שטארק געהאלטן פון ייִדישקייַט. זי איז איינע געווען בא אירע עלטערן און האָט א פיר־יאָריקן פּאנסיאָן געענדיקט. דאָרט האָט מען געלערנט ווייַבערשע האנט־ארבעט און דייַטש. זי איז געווען א געראָטענע. זי באַרימט זיך ניט פאר מיר, נאָר אלע ראָהאטשאָווער ציִען־ליבהאָבער האָבן זיך געצויגן צו איר. זי האָט זיי ניט פארטראָגן, מאכמעס זיי זייַנען אלע באַברילטע געווען, מיט זומער־שפּרענקלעך אף די נעזער און מיט ניט זייער קיין ריינע האָר אף די קעפּ. איר טאטן האָט זי יאָ ליב געהאט. איר טאטע פלעגט מיט איר שמועסן פירן. פון קינדווייַז אָן. אז זי איז אלט געוואָרן פופצן יאָר, און עס האָט זיך אין איר לעבן אן ענדערונג באַוויזן, האָט עס דער טאטע אירער אָן אירע אויגן דערקאָנט און געזאָגט צו איר:

— קום, ליבעלע, מירן זיך דורכשמועסן מיט דיר וועגן דעם.

און זי איז געגאנגען צו אים אין זייַן קליין צימערל, וואָס איז מיט ספאָרים פארוואלגערט געווען, און געהערט זייַנע רייד, וועגן דער וויכטיקער ענדערונג, וואָס איז איצט אין איר לעבן פאָרגעקומען. און צו דרייַ און צוואנציק יאָר האָט זי דעם טאטן אירן גערופן:

— טאטע, קום, איך דארף זיך דורכשמועסן מיט דיר.

זי האָט אים דערציילט, ווי זי האָט באַגעגנט א באָכער, וואָס איז געקומען פון קאטערינעסלאוו. ער איז א זייגער־מאכער און א גאָלדשמיד. זי האָט זיך באַקאנט מיט אים. זיי געפעלן זיך איינע די אנדערע. זיי זייַנען א פּאָר. ווי מיינט ער?

ער האָט שלעכט געמיינט. ער האָט צו איר גערעדט עפּעס ניט ווי שטענדיק. זי האָט אים ניט פארשטאנען, צו וואָס ער רעדט אזעלכע זאכן, וואָס האָבן צו זיי קיין שייַכעס ניט. איינס איז געווען פאר איר פארשטענדלעך: אים געפעלט ניט, וואָס ער איז ייִנגער פאר איר אף גאנצע דריטהאלבן יאָר. ס'איז ניט קיין פּאָר, האָט ער געזאָגט. און די גאנצע וועלט האָט מאסקים געווען

מיט אים. און זי האָט קיינעם ניט געהערט. זיי האָבן כאסענע געהאט און געלעבט אַ יאָר צוואנציק.

ווי געלעבט? ווי זאָל זי עס מיר אויסדריקן?

זי האָט געלעבט מיט איר מאן און אָף גאָרנישט ניט פאר־טראכט זיך. ער איז געווען א נארישעוואטער און פארבליבן א נארישעוואטער ביזן היינטיקן טאָג. זי האָט אים געהיט, ווי אן אויג אין קאָפּ, מאכמעס זי האָט אים ליב געהאט, ווי א דער־וואקסן קינד, נאָר קיין קינדער האָבן זיך בא זיי ניט געהאלטן. זי האָט זיך ערשט אין די לעצטע יאָרן געכאפּט: איינמאָל פאר אלעמאָל וועט זי קלאָר מאכן, ווער ס׳איז שולדיק דערין, וואָס קיין קינדער האלטן זיך ניט בא זיי. זי איז אויסגעווען א וועלט. בא אלע באריממטע פּראָפעסאָרן איז זי געווען, און אלע אין איין קאָל שרייַען, אז זי איז געווען א פרוי ווי אלע פרויען און האָט געקאָנט האָבן געזונטע קינדער. דער מאן, ווייַזט אויס, איז מיט עפּעס א מום. איצט, פארשטייט זיך, איז שוין שפּעט, פארפאלן!

ווי זאָל זי עס מיר איבערגעבן?

א רעוואָליוציִע האָט זיך בא איר אין הארצן געעפנט. זי איז געוואָרן אויס מענטש. פריִער האָט זי צום מאן געהאט א ווייכע באציִונג, מאכמעס אויסער ליבע האָט זי נאָך אָף אים ראכמאָנעס געהאט, וואָס ער מוז צוליב איר זיך אָפּזאָגן פון א קינד. איצט, האָט זיך ארויסגעוויזן, איז זי גאָר דער קאָרבן און ער איז דער קויהען־גאָדל, וואָס האָט זי צוואנציק יאָר אזוי מיִעס גענארט.

איך דארף זיך שטארק ניט נאָכפרעגן אָף דעם אלעמען. א געפּערלעכער עלטער בא איר געווען דעמאָלט. נאָר עס האָט איר גאָרנישט ניט געהאָלפן. האָט זי זיך אביסל „אוספּאָקאָיעט” און באשלאָסן לעבן מיט דער יערושע.

וואָס האָט זי געיארשנט? איר אייגענעם באנעמען זיך מיט אים, מיטן מאן. זי האָט ליב געקראָגן צוליב אים צו לעבן. זי האָט אפילע געטראכט, אז זי וועט געוויס פריִער פאר אים שטארבן, און אז זי וועט אים דאָ אָף דער וועלט לאָזן, וועט עס אויסקומען קימאט ווי א קינד האָט זי געלאָזט, און עס וועט איר ניט אזוי שטארק אומעטיק זייַן פון דער וועלט אוועק. קען זייַן, אז עס איז געווען פון איר זייַט א מעשוגאס אזוי צו טראכטן,

אָבער אמאָל היילט איין מעשוגאַס די צווייטע אויס. האָט זי אים גערופן אין א נײַער שטאָט ווילנע. די דאָקטוירים האָבן איר גע־הייסן פאָרן קיין קרים, די נערוון באַרויִקן. אין לאנד איז נאָר־וואָס שטיל געוואָרן. די ווײַסע האָט מען אויסגעראָטן ביזן לעצטן. און אין קרים איז ווי נאָך א שלאקס־רעגן: פארוויסט און כאָ־רעוו, אָבער זון און יאַם איז פאראן, און זי האָט זיך דאָ גע־פילט, ווי אין א נײַער הויט. האָט זי אים גערופן אהער ווילנע.

און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די עמעסע מײַסע.

דאָס קינד האָט דאָס קעפּעלע אראָפּגעלאָזט און געדרימלט. איך האָב עס אף די הענט געגומען און אריבערגעטראָגן אין א באַקוועמען ווינקל. דאָרט האָב איך צוויי שטולן צוגערוקט איינע צו די אנדערע, פון דער ייִדענעס פעקלעך א געלעגער פארן קינד געמאכט און אנידערגעלייגט עס שלאָפן. איך האָב די ראָהאטשאָווער ייִדענע אנידערגעזעצט פּונקט אנטקעגן זיך. אזוי איז באַקוועמער, בעסער, רויִקער און געמיטלעכער. די ייִדענע האָט ניט דערווידערט. אירע אויגן האָבן געלויכטן. עס איז איר ליב געווען אראָפּצורעדן זיך פון הארצן פאר א מענטשן, וואָס שווײַגט און הערט און העלפט דערמיט פארגרינגערן א שווער געמיט.

עס איז צום לאכן און צום וויינען, ווי אזוי די ליבע אירע מיט איר זייגערמאכער האָט זיך בא איר פארענדיקט.

ער איז געקומען צו איר קיין קרים. זיי האָבן זיך געדונגען צוויי צימערלעך אף צו ווילנע, און א בײַדל אף ראָג גאס פאר אים אף צו ארבעטן. זי האָט געהאט פארהיט איר ביסל צירונג, האָט זי עס פארקויפט און געקויפט א שטוב. זי האָט אָנגעהויבן א נײַ לעבן. ער האָט געארבעט און ניט שלעכט פארדינט, און ניט זייער שלעכט איז זיי געווען. קיין בורזשויען זײַנען זיי קיינ־מאָל ניט געווען, און איצט האָט ער געהאט א טיטל: „קוסטאר אָדינאָטשקע". ס'איז אי א בורזשוי, אי א פּראָלעטאריִער — ווי דו ווילסט, אזוי רעכן זיך. קיין גרויסער אינטערעס אין לעבן איז ניטאָ. א ביכל אין שטוב וואלגערט זיך יאָ. לייענט מען אמאָל און מע דערוויסט זיך פון פרעמדע צאָרעס, ווערט זיך

אביסל בעסער — ניט פון די ערגסטע ביסטו, טראכט זיך דיר. איז דאָך אַלץ גוט, יאָ? נאָר איין קליינִיקייַט.

די קלייניקייט באשטייט דערין, וואָס זי האָט מיטאמאָל אופ־געהערט צו טרעפן אין ציל. פינף און צוואנציק יאָר האָט זי גע־שאָסן גוט, און געלעבט מיטן מאן פייַן, און אפן זעקס און צוואנ־ציקסטן האָט ער אָנגעהויבן פון שטוב פארפאלן צו ווערן. אַף טעג און אַף נעכט. ס׳האָט בא איר דאָס הארץ ווידער אָנגעהויבן פלאצן. זי האָט זיך געכאפט, אז ער איז נאָך גאָר א יונגער, פוצט זיך ווי א כאָסן־באָכער, ראזירט זיך איבער א טאָג, און דאָס אלץ — גאָרניט פון אירעטוועגן.

און דערנאָך איז עס ארויסגעשפרונגען.

ער האָט זיך אָפגעשניטן א האלבע שטוב און געבראכט אהין א צוויי און דרייַסיק־יעריקע.

ס׳איז שוין איצט ניטאָ אַף וואָס זיך נאָכצופרעגן. זי קען זיך נעמען א שטעקעלע מיט א טאָרבע און אוועק איבער דער וועלט. אן אנדערע איז געקומען. ראמען און וואשן און קאָכן קאָן קאָן א דינסטמיידל אויך, און א ווייַב באדארף זייַן א יונגע און א שיינע.

צי יענע איז שיין? א קאץ — א ברילִיאַנט. ווער עס האָט קיין שענערס ניט געזעען, יענער מעג די אויגן האלטן אראָפּגע־לאָזט פון בושע, אָבער צוגעפוצט איז זי געווען, דאָס יאָ. און דאָס נעמט.

איך מוז איר פארגעבן, און זי בעט עטלעכע מאָל איבער מייַן קאָוועד: יענערס אונטערקליידל, ווען מע שלעפּט עס אראָפּ פון איר, איז עס א ניט זייער ריין שטיקל שמאטע, און אז עס הענגט אַף איר — רייצט עס אים די געבליטן. און בא מיר איז פאר־קערט, אָבער עס רייצט אים נאָר צום עקלען. זי האָט עס גוט בא־מערקט. זיי פלעגן טרעפן זיך אמאָל אין פאָרהויז, די ווייַבער. יענע האָט געהאט א „נאכאלנע״ צורע, און אירע איז פינצטער, ווי די ערד.

וואָס האָט זי געהאט מיט יענער צו רעדן? עס וועט אמאָל קומען איר ביטערער מאזל צו איר צו גאסט. דערווייַל איז זי אפן פערד. און דאָס פערד שווייַגט. דאָרט, מיט איר, אין דער

צווייטער האלבער שטוב קלינגט זייער „נאכאלנע" געלעכטערל, און אז ער קומט צו איר אמאָל אריַין, איז ער פינצטער און נאַריש, אז עס ווילט זיך אים אזש ארויסטריַיבן.

נאָר מיטן פערד האָט זי איינמאָל גערעדט. זי האָט אים געגעבן צו דערקלערן, אז זי פארשטייט אלץ, אז זי האָט גאָרניט צו אים, אז זי וויל נאָר זיך פאנאנדערגיין. זי וועט אליין איר שטעטל באשטיין. די שטוב מיט די זאכן זיַינען אירע. פאר איר צירונג געקויפט. זאָל ער זיך בויען א ניַיעם ביניען, וויבאלד ער איז א יונגער כאָסן־באָכער געוואָרן. און ער שוויַיגט. כאדאָשים שוויַיגט ער. און אז זי שטופט אים צו צו דער וואנט, ענטפערט ער, אז ער קען ניט. וואָס קען ער ניט? פאנאנדערגיין זיך מיט איר קען ער ניט. פארוואָס? וויַיל ער קען ניט. וואָסזשע דרייט ער זיך ארום מיט דער יונגער קליאטשע? די געדאנקען האָבן זיך בא אים צעמישט.

גוט, — טראכט זי — זי וועט אים אנטקעגן גיין. זי וועט אים העלפן די געדאנקען אין אָרדענונג ברענגען.

און זי האָט עס אזוי געטון:

איינמאָל, ווען דאָס יונגע פאָרל איז אוועק צום יאם שפאצירן און עפשער אין קינאָ, האָט זי זייערע שמאטעס אפן גאניק ארויסגעהאנגען, און די ביידע העלפטן פון דער שטוב פארשלאָסן, איינע פון דרויסן, די צווייטע פון אינעווייניק און געלייגט זיך שלאָפן. דאָס האָט אָבער געהאָלפן נאָר אף א העלפט: זיי האָבן איבערגענעכטיקט אפן גאניקל און אינדערפרי זיַינען זיי אוועק, געדונגען זיך א דירע און געלעבט א כאדאָשים ניַין צי צען. און זי האָט זיך דערוויַיל א פראָפעסיע איַינגעשאפט. עס איז איר צונויף געקומען דער פאנסיאָן אירער: זי האָט אָנגעהויבן נייען טשיפעקלעך מיט סאראפאנען פאר די קוראָרט־דאמעלעך און עסט דערפון איר שטיקל ברויט.

ס'איז צום לאכן און צום וויינען, ווי די גאנצע מיַיסע האָט זיך בא זיי פארענדיקט.

די צוויי און דריַיסיק־יעריקע קליאטשע איז מיט מאזל טראָגעדיק געוואָרן. א ניַיע פלאם־בושע איר אין די אויגן: קומט אויס ווידערמאָל, אז אלע פראָפעסאָרן ווייסן ניט פון זייער

אייגענעם לײַב און לעבן, א סימען — אָט איז זי דאָך יאָ טראָגע־דיק געוואָרן, און דאפקע פון אים, און דאפקע אין איינע צען כאדאָשים, און זי האָט מ'שטיינס געזאָגט אָפּגעפּאטשקעט זיך מיט אים א לעבן און קיין פּיצל סימען קינד איז דערפון ניט געבליבן. מיילע — פון איר דעמאָלטיקן אומזיסטן ווייטיק וועט זי מיר שוין בעסער ניט דערציילן.

גאָרניט. טראָגעדיק געוואָרן. געהאט א קינד. דאָס שוטפעס־דיקע פערד אונדזערס איז אפן זיבעטן הימל. וואָס ער קאָן, שלעפּט ער פון שטוב ארויס — אלץ פאר דער נײַער מישפּאכטע. זײַן געשטעל רויִנירט ער. לעבט און קוועלט אָן פון איר מיטן קינד. דארף דאָך זײַן גוט? א נאפקעמינע, ווו א מענטש געפינט א פּיצל גליק — בא אן אלטער ייִדענע, אָדער בא א יונגער גויע? איז אָבער ניין. זי איז ניט אליין. ניט אין קיין פריילעכן טאָג קומען צו איר צו פּאָרן צוויי קינדער — איינס דרײַצן יאָר אלט, דאָס צווייטע — אכט. און יעדעס קינד האָט זיך זײַן טאטן. און זי איז זייער מאמע. און די טאטעס זײַנען אויך דאָ. לעבן זיי אָפּ זאלבאזעקסט אין דער איינער שטאָט, ווי זעקס קעץ אין איין זאק, און דאָס פּיצל קינד איז א זיבעטעס אין דעם פײַנעם מישפּאכטעלע.

ניין, איך דארף קיינעם ניט מעקאנע זײַן. דער צוויי און דרײַסיק־יעריקער איז אויך ניטאָ וואָס מעקאנע צו זײַן. זי פאלט נעבעך פון די פיס: אלע טאָג מיט אן אנדער מאן און מיט אן אנדער קינד, און מע דארף נאָך מאכן אזוי, אז די דרײַ מענער זאָלן זיך צווישן זיך ניט באגעגענען. באשטימט זי זיי יעדערן זײַן שאָ. אָבער יעדער געוועזענער מאן רופט זי, זי זאָל גיין מיט אים לעבן. אן אויסכאפּעניש מאמעש! און מײַן פערד ניאנ־טשעט זיך ארום מיטן קינד, אז עס איז א ביטערער ראכמאָנעס אף אים. עסן קומט ער צו איר, צו דער אלטער. קינדער־וועש וואשט ער אויך בא איר. און די געדאנקען זײַנען נאָך בא אים אלץ צעמישט.

מיט וואָס דאָס האָט זיך פארענדיקט?

אז דער סעזאָן האָט זיך פארענדיקט, און עס איז „אָסיען" אָנגעקומען, זײַנען ווי זיך אלע צעפאָרן, און די קליאטשע איז

מיט איינעם פון אירע מענער קיין קיִעוו אוועק. פארן אוועקפאָרן האָט זי אים איבערגעלאָזט א בריוול מיט אן אדרעס מיטן קינד. זי האָט אים געשריבן, אז ווי אן ערלעכער מענטש, מוז זי אים אנטפלעקן דעם סאָד, אז זי האָט אים קיינמאָל ניט ליב געהאט, און דאָס, וואָס זי איז זיך מיט אים אף א ווײַלע צונויפגעגאנגען, איז עס געשען, מאכמעס עס איז איר דאָ איינער אליין, ווינ־טער, זייער אומעטיק געווען, און זײַן כאראקטער איז איר זייער שטארק געפעלן געוואָרן — אן איבערגעגעבענער און גינ־ציקער איז ער זייער. אין צוויי יאָר ארום וועט זי קומען נאָכן קינד. דערווײַל לאָזט זי אים איבער אן אדרעס, ער זאָל איר בריוולעך שרײַבן וועגן זײַן געזונט און וועגן קינדס געזונט. דאָס קינד זאָל ער זיך נעמען און היטן עס. קאָרמענען מיט דער ברוסט דארף מען עס שוין ניט. עס איז שוין אנטוויינט, זיי, — אן אלט פּאָר פאָלק, וואָס האָט סײַ־ווי־סײַ קיין קינדער ניט, וועלן דערווײַל האָבן א שטיקל נאכעס אף דער עלטער. און זי ראט אים טאָקע זיך אומקערן צו דער אלטער (צו איר הייסט דאָס), מאכמעס קיין בעסערע העלפט פאר זיך וועט ער גאָר אף דער וועלט ניט געפינען.

ווי זאָל זי עס מיר ארויסברענגען?

דער ליכטיקער מאן אירער האָט זיך ארומגעדרייט מיט א פינצטערער צורע איינער אליין א כאדאָשים צוויי, און די גע־דאנקען זײַנען נאָך בא אים, אפּאָנעם, אלץ געווען צעמישט. מיטן קינד האָט ער זיך ארומגעניאנטשעט דאָרטן בא זיך אין די צוויי צימערלעך, און צו איר קומט ער מיטן קינד מיטאָג עסן און דאָס ביסל קינדער־וועש אויסוואשן.

איז דאָס נאָך אלץ ניט אזויפיל. עס קען זײַן נאָך מער. עס האָט גאָר קיין שיר ניט צו דער מײַסע.

איינמאָל אין א טאָג באקומט זיך א בריוול אפן אדרעס פונעם זייגערמאכערס צוויי צימערלעך. א בריוול פון ראָסטאָוו. פון איינעם א באָכער, א בעלאָצערקאָווסקי, צו איר, צו דער צוויי און דרײַסיק־יעריקער, אז אויב זי וויל, קאָן זי קומען צו אים קיין ראָסטאָוו מיט זייער קינד. נאָר זי דארף מיט זיך מיט־ברענגען א צימער מיט א פּארנאָסע, פון וועלכער זיי זאָלן קאָנען

אין דרייען לעבן, מאַכמעס ער איז, ווי זי ווייס, א סטודענט, איז הויל ווי א קאמזויל און האָט נאָך צו לערנען אין אוניווער־סיטעט דריי יאָר צייט. דאָס נעפעשל, דאַרף איך זיך נעמען אין אכט, ווייזט זיך ארויס, איז גאָרניט דעם זייגערמאכערס, דער טאַטע זיינער איז דער ראָסטאָווער סטודענט בעלאָצערקאָווסקי.

איך מוז איר גלייך אפן אָרט זאָגן, צי געפעלט מיר אזא קער.

וועגן דעם זייגערמאכער איז שוין איצט ניט אינטערעסאַנט. דער זייגערמאכער גאַנוועט זיך ארויס פון דער שטאָט און אַנט־לויפט קיין קיִעוו, צו דער קליאַטשע. און דאָס קינד ווארפט ער אריין צו איר.

ווי זי האָט אופגענומען דאָס קינד, איז ניט שייך צו דער־ציילן, וואָס איז דען דאָס קינד שולדיק?

נאָר פונדעסטוועגן מעג איך עס אויסהערן. ס'איז גאַנץ טשיקאַווע.

זי קומט אַזוי איינמאָל פון שטאָט מיט די טשיפּעקלעך און סאראפאנעס אף די הענט און דערהערט א יונג קעלכל אין דער צווייטער העלפט שטוב. עס קוויטשעט און עס לאַכט און עס וויינט — עס טוט זיך! זי גייט אהין אריין און טרעפט דאָס נעפעשל ליגן אין א נעץ און מיט די פיסלעך ווארפט עס און שפּילט זיך מיט א קאָלירט פּילקעלע, וואָס מע האָט איבער זיין געלעגערל אופגעהאנגען. זי האָט אים איבערגעבעט א טרוקענעם ליילעך. זי האָט אומגערן פארטשעפּעט דאָס פּילקעלע, און דאָס קינד האָט זיך דערפון צעלאכט מיט אלע זיינע אייווערימלעך. עס האָט זיך בא איר דאָס הארץ קאפויר איבערגעקערט. זי האָט עס ביגניוועס א קוש געטון און פארשעמט זיך אליין. זי איז פון אים אוועק און צוריק צו אים זיך אומגעקערט.

בא איר אליין האָבן זיך די געדאנקען אירע צעמישט.

וואָס זאָל זי טון מיטן קינד? אירע אייגענע קינדער האָבן יידן אין שווארצע קאפּאָטעס ארויסגעטראָגן, ווי טויטע כאיעלעך. זאָל זי זיך איצטער אָנטון א שווארצע קאַפּאָטע און ארויסווארפן עס, ווי א ווערעמל? עס האָט בא איר אביסל צייט גענומען, ביז זי איז צום סייכל געקומען, אז אויב דער סטודענט מיט דער קליאַטשע האָבן עס א שטיקל כיילעק אינעם נעפעשל, קאָן זי

האָבן אין אים דעם גרעסטן כיילעק. זי האָט זיך גענוג אָנגעמוטשעט מיטן קינד. עס איז געווען א גאנץ פריילעך קינד, נאָר זי האָט עס אין קאדאָכעס געוואָרפן: אָט האָט זי עס מעשוגענערווײַז געקושט, און אָט האָט זי זיך אליין מיט די פויסטן אין די שלייפן געהאקט און געוויינט פון קאס, וואָס זי דארף אליין מיט זיך מילכאָמע האלטן. עס האָט אביסל צײַט גענומען, ביז זי האָט זיך צום קינד צוגעווינט. אף שכיינים קוקט זי ניט. פון מענטשן האלט זי ניט זייער שטארק, מענטשן פון איר גראד זײַנען מייסטנס ווי בעהיימעס, וואָס קענען לאכן. זאָלן זיי לאכן. זיי באנעמען דען עפּעס?

נאָר אָט איז שוין אוועק אכצן כאדאָשים, ווי זי איז אליין מיטן קינד. איצט איז שוין עפּעס אנדערש. איצס דאכט זיך איר אויס, אז זי האָט עס אליין געבוירן, אליין פון איר ברוסט זויגן געגעבן. איצט וועט זי פריִער די אייגענע נעשאָמע אירע אוועקגעבן, איידער זי וועט דאָס קינד עמעצן אוועקגעבן. זי רעדט דערמיט אומישנע אף ייִדיש. זי האָט אים אומישנע א נאָמען געגעבן „זונדל“. זי דארף אים נאָר אין „זאגס“ פארשרײַבן. און איר קרימער „זאגס“ וויל ניט. עס שיקט זיך ניט פאר זײַן קרומען זאגסישן סייכל, אז זי מעג זײַן די מאמע פון אזא מין נעפעשל. זי איז באם פּראָקוראָר געווען. זי איז בא יוריסטן געווען. זי וועט גיין ווײַטער. זי איז געקומען צו קאלינינען: זאָל ער בא איר קוואטער זײַן — עס מעג אים אָנשטיין! געשניטן האָט זי אים ניט. זי באדארף עס ניט. זי שטייט שוין איצט, ווי אלע מענטשן שטייען — לײַטן־גלייך — מיטן קאָפּ אראָפּ. זי וועט זיך אויסציִען אף אלע פיר, אויב מע וועט וועלן דאָס קינד צונעמען בא איר. זי איז אן ערלעכע „קוסטארקע־אָדינאָטשקע“ און די „סאָוועטסקע וולאסט“ טאָר זי ניט טרײַבן צום טײַך, ווו זי איז שוין איינמאָל געווען, ווײַל דאָס איז א האָרעפּאשנע מעלוכע, ווו אלע שטייען קאפויר מיט די קעפּ אראָפּ און אקערן די ערד מיט דער נאָז, און זי איז אויך דאָ אינמיטן.

די מײַסע איז פארענדיקט. די אויגן בא דער ראָהאטשאָווער ייִדענע לײַכטן. איצט קוקט זי שוין אף מיר ווי אף א פּאָרטרעט, זי שטעכט מיך מיט אירע גרינע אויגן. איך מוז איר זאָגן: האָט

זי ריכטיק געהאנדלט? האָט זי געקאָנט עפּעס אנדערש טון? קאָן איך איר עפּשער מיט עפּעס העלפן צו קאלינינען זיך דער־לאנגען? אויסטײַנען זיך מיט אים וועט זי אליין — זי דארף נאָר, איך זאָל איר בלויז דעם ריכטיקן קאלינינין אָנווײַזן, מאכמעס מע זאָגט, אז זינט מע האָט זיך גענומען פאָרן צו אים פון אלע זײַטן מיט פארשיידענע באקאָשעס, האָט ער זיך אופגעהערט צו ספּראווען איינער אליין מיט אזא ערעווראווו, ער איז דאָך ניט מער ווי א מענטש! — האָט מען אויסגעזוכט נאָך פינף אזעלכע אלטינקע, מיט פּונקט אזעלכע בערדלעך ווי בא אים, מיט אזעלכע ברילן ווי בא אים, און צעשטעלט זיי אין פארשיידענע עקן מאָ־סקווע און אלע זיי א נאָמען געגעבן „קאלינין". קען זייער זײַן, אז זיי אלע זײַנען זייער ווילע לײַט, אָבער איר איניען—איך זע דאָך שוין אליין — איז גאָר א וואזשנער איניען, און גוט באנעמען וועט נאָר דער עמעסער קאלינין אליין...

איך האָב געקוקט אף דער ייִדענע. א קאפּעלע פּארוקט איז זי, דידאָזיקע ראָהאטשאָווער ייִדענע, אָבער דאָס איז בלויז פון פּאכעד, אז מע קאָן בא איר דאָס קינד צונעמען. איך האָב איר צוגעזאָגט מאָרגן צו פירן צו דעם עמעסן קאלינין.

מיר האָבן זיך אופגעהויבן פון אונדזערע ערטער. איך האָב פּאָרזיכטיק גענומען דאָס שלאָפנדיקע קינד אף די הענט און אָפּ־געטראָגן עס אין א האָטעל, ערגעץ אף א זײַטיקן מאָסקווער געסל. די ראָהאטשאָווער ייִדענע האָט פארלאנגט, אז דער האָטעל זאָל קאָסטן וואָס ביליקער. איך האָב באקוקט דאָס צימערל, וואָס די ייִדענע מיטן קינד האָבן פארנומען. וואָס אין אזא האָטעל־צימער קומט זאַלץ פאָר! די וועגט פּוילן פונעם מענטשלעכן שמוץ, וואָס ווערט דאָ יעדן מעסלעס אויסגעגאָסן, כאָטש פאר ניט קיין גע־ניט אויג זעען דאָ די ווענט אויס ריין, פײַן געקלעפּט אָדער געקאלכט.

און הײַנט וועט דאָ שלאָפן א ראָהאטשאָווער אכט און פערציק־יעריקע ייִדענע, א קלוימערשטע אקאָרע, מיט א צוויי־יעריק „פרעמד" קינד בא דער זײַט.

גוט.

מע דארף זיי ווינטשן א גוטע נאכט.

יעווּפּאטאָרִיע. סענטיאבער. 1928.

# שטאַרב גיכער!

1

דער צוג האָט זיך געטראָגן פון דאָרעם אויף צאָפן. קריטשעווסקי איז געשטאַנען אין קאָרידאָר פונעם וואַגאָן באַם אָפענעם פענצטער, געקוקט אויף די ברוינע און גרינע קוואַדראַטן פעלד און געטראַכט:

— אין פינף שאָ ארום קום איך אין צענטער. מע דאַרף ווידעראַמאָל אַלץ פון דאָסנײַ באַטראַכטן.

נאָר אָנשטאָט צו טראַכטן דאָס, וואָס ער האָט געהאַט צו באַטראַכטן, האָט אין קאָפּ נאָר געשווינדלט:

וואָס טוט עפּעס איצט, אין דער מינוט, מײַע?
און טײַבל?
דער אַלטער איז שוין געוויס געשטאָרבן.
ניין, אַזעלכע שטאַרבן ניט אַזוי גיך...
עפּשער וואָלסטו טאַקע גיכער אַביסל געשטאָרבן?
שטאַרב גיכער!

קריטשעווסקיס געדאַנק האָט זיך דערבײַ איבערגעריסן. ווי דער אַלטער וואָלט שוין ווירקלעך געווען געשטאָרבן, און עס איז מער ניטאָ וואָס צו טראַכטן וועגן אים. זײַן געדאַנק איז איצט איבערגעשפּרונגען אויף אַן אַנדער מענטשן:

— און וויקטאָר?

— וויקטאָר וועט האַלטן דעם קאָנטר־רעפּעראַט און וועט אים זיכער דערוווידערן. דאָס איז קלאָר.

— קלאָר?

— קלאָר!

און אויך דער געדאנק איז אויסגעלאָשן געוואָרן. ווי א פונק פונעם לאָקאָמאָטיוו אפן ווינט.

און פּלוצלינג איז דערזעלבער געדאנק א ווידער העלישער צוריק געקומען צו פליִען און א ברי געטון אים אין סאמע שפּיץ אויג:

— און ווי איז, אויב די גאנצע קאשע האָט פארקאָכט וויקטאָר?

— פארוואָס עפּעס וויקטאָר?

— ווײַל וויקטאָר האָט אים פײַנט, און טײַבל האָט אים...

ער האָט געוואָלט דערטראכטן: „ליב", נאָר ער האָט דאָס־דאָזיקע וואָרט דערשטיקט ערגעץ אפן וועג פון יענעם קוואל, ווו געדאנקען ווערן געבוירן און שווימען צום קאָפּ־מארך.

— מע דארף ניט טראכטן וועגן דעם, — האָט ער צו זיך אליין קימאט ווי ארויסגערעדט. — אויב יאָ — ער האָט געמיינט טײַבלס ליבע צו אים — איז עס אזא מין שעדישער קויעך, וואָס קאָן בערג איבערקערן, אויב ניט... ער האָט ניט געוווּסט, וואָס עס קאָן זיך טרעפן „אויב ניט", נאָר א פּוסטקײַט האָט אף אים א יאָג געטון, און עס האָט זיך אים א דוכט געטון, אז ער בלײַבט דאן עלנט ווי דער ווינט אין דער וויסטע. דאָס האָט אים אף א רעגע ארײַנגעטריבן אין זייער א שלעכטער שטימונג: ווי קאָן עס גאָר געמאָלט זײַן, אז א פּארטיי־מענטש זאָל זײַן אזוי עלנט, ווי דער ווינט אין דער וויסטע? האָט ער אָן קיינע שום טראכ־טענישן גענומען דעם גאנצן געדאנק, ווי ער איז געשטאנען און געלעגן בא אים אין קאָפּ, און א שמיץ ארויס געגעבן דורכן אָפענעם פענצטער.

אין א ווײַלע ארום האָט ער זיך ארויסגעבויגן דורכן פענצ־טער און געקוקט אף די יאָגנדיקע רעדער פון צוג, ווי ער וואָלט נאָכגעשפּירט, צי איז זײַן לעצטער געדאנק ווירקלעך צעריבן געוואָרן אף שטויב הינטער די רעדער, און דערבײַ האָט ער שוין געטראכט עפּעס אנדערש:

— און ווי איז אויב אלע וועלן זײַן קעגן אים?

— דאָס איז אומעגלעך!

— פארוואָס דען? פארוואָס־זשע האָט מען אים פונקט אין דער לעצטער מינוט, ווען עס איז אים בלויז געבליבן אין א

סיסטעם צו ברענגען די אלע יעדיִעס, וואָס ער האָט אַף דער בויונג צונויפגעזאמלט, — פאַרוואָס האָט מען אים פונקט איצט אין צענטער ארויסגערופן? ניין, דאָס איז זייער מעגלעך, אז אלע זיינען קעגן אים. מע דאַרף גרייט זיין.

— גוט. ער איז גרייט...

— און אין לעצטן פאל?

— פאל־פאל־פאל... פאל־פאל־פאל... פאל־פאל־פאל... פאל־פאל־פאל...

דאָס האָבן אזוי די צוג־רעדער אויסגעקלאפּט.

— וועט ער... זיך איזאָלירן.

ער האָט זיך א דריי געטון, ווי פון א ביס אין רוקן:

— דו וויצלסט זיך, ברודערקע, — האָט ער הויך אויסגעשריִען און צו זיין קאבינקע זיך געלאָזט.

אין דער קאבינקע איז געזעסן זיין מיטפאָרער, אן אוקראַינער, אויך א פּאַרטיי־כאַווער, א דעלעגאַט אַף עפּעס א צוזאמענפאָר. ער האָט אין ווייכער וויגעניש א צייטונג געלייענט, אָבער אָן איבעריקן כיישעק. קריטשעוווסקיס ווערטער האָבן אים דערמונטערט, און ער האָט זיך א כאַפּ געטון:

— ווער וויצלט זיך?

— א פויגל, — האָט קריטשעוווסקי מעכאַניש געענטפערט, — געוואָלט דעם צוג דעם וועג פאַרלויפן און אים איבעריאָגן.

דער אוקראַינער האָט אין דער שווינדלדיקער ווייט ארויסגעקוקט:

— אָ, ס'ווענדט זיך, וואָס פאַר א פויגל דאָס איז, אויב א...

נאָר קריטשעוווסקי האָט אים ניט געהערט. ער האָט אים בא אן ארבל אָנגעכאַפּט און געוויזן:

— זע... אונטער דער סאַמע הויפּטשטאָט, קאָן מען זאָגן, אַקערט מען נאָך די ערד מיט א סאָכע.

— יאָ, — האָט דער אוקראַינער מאַסקים געווען, — נו, דער־רוף בויט מען דאָך דעם סאָצמאַש.

— איר קאָנט די בויונג?

— יאָ.

— ווי מיינט איר, וואָס איז איצט די וויכטיקסטע אויפגאַבע פאַר דערדאָזיקער בויונג?

— וואָס הייסט, — האָט דער אוקראַיִנער ניט פאַרשטאַנען. — געבן ביליקע און גוטע לאַנד־מאַכשירים.

— יאָ... דערביי וועט עס האַלטן שפּעטער. אָבער איצט? אין דער מינוט?

— אין דער מינוט? פאַרענדיקן די בויונג און ניט אַרויס־קריכן פון דער סמעטע.

— און דערנאָך?

— לאָזן דעם זאַוואָד.

— און גאָר?

— וואָס נאָך דען?

— און קאַדרען אַרבעטער?

— אַ, יאָ, — האָט זיך דער אוקראַיִנער אַ כאַפּ געטון, — די פראַגע שטייט איצט שאַרף.

דער צוג האָט זיך פאַרקערעוועט אַף לינקס און איז געלאָפן באַרג־אַראָפּ. אַנטקעגן צוג זיינען וואָלקנס אַף דער זון אָנגעלאָפן און אָוועקגעשלעפּט זי ערגעץ מיט זיך אין אַ בלייענעם גע־שמעלץ. אַ שאַרפער ווינט האָט אַ האַסטיקן ריס געטון דעם צוג באַ אַ זייט און מיט שטויב באַשאָטן די צוויי פּאַסאַזשירן, וואָס זיינען באַם פענצטער געשטאַנען. אַ רעגן־טראָפּן האָט קריטשעוו־סקין אין אַ באַק אַ פּיק געטון, אַ צווייטער — אין שטערן. דער רעגן האָט זיך אַנטקעגן דעם צוג גערוקט. דער ווינט האָט גע־ריסן שטיקער רויך און דאַמף פון לאָקאָמאָטיוו־קוימען און מיט מאַלפּישע הענט געפּליקט זיי אַף פּיצלעך און פאַסן אין די נאָענט־סטע שיטערע וועלדלעך. דער צוג האָט זיך ווי אַ פּעדימל אַף די זיגזאַגן פון די רעלסן געדרייט און געקנוילט. דער געדיכטער רעגן האָט אים נאָכגעיאָגט און געשמיסן מיט זיינע וואַסערדיקע גלעזערנע און קרומע בייטשן. קריטשעווסקי איז אָוועק צו זיך אין דער קאַבינקע, זיך אויפגעהויבן אַף דער אייבערשטער באַנק, פאַרמאַכט די אויגן און געטראַכט, אַז וועגן זיין באַריכט האָט ער מער ניט וואָס צו טראַכטן. — אַלץ איז פאַרטיק, פאָרמולירט אין געשריבענע טעזיסן. אויסגעשטעלט אין רייען און קאָלאָנעס ציפערן — עס קאָן ניט זיין, ער זאָל ניט גערעכט זיין. עס קאָן ניט זיין, אַז וויקטאָר זאָל דאָ סטימולירט זיין פון פערזענלעכע געפילן און

מאָטיוון, עס קאָן ניט זײַן... נאָר אים האָט מען פון דער ארבעט אָפּגעריסן פאר דער צײַט, ער איז נאָך ניט מיט אלץ פארטיק, עפּעס גייט אים אָפּ, און אויב וויקטאָר וועט שלאָגן אהין, ווו עס גייט אים אָפּ איז...

נאָר פלוצלינג האָט אים אין קאָפּ א שלאָג געטון א זײַטיקער געדאנק:

ווארט צו, וואָס איז, אייגנטלעך, טײַבל קעגן דערדאָזיקער ריזיקער בויונג־ארבעט, וואָס גייט אָן קימאט אף יעדן טריט? און אויב מיט טײַבלען וועט זיך עס אויסלאָזן מיט גאָרניט, האָט ער דען ניט וווהין צו אנטלויפן? וווהין? צו דער ארבעט! ער וועט צונעמען צו זיך מײַען, ער וועט ארויסרופן צו זיך זײַן מור־טער, און אליין וועט ער זיך איבערדעקן קאָפּ מיט אר־בעס און דעמאָלט... דעמאָלט באדארף ער קיינעם ניט... קיינעם ניט! — האָט ער מיט די ליפּן געשעפּטשעט און אים האָט זיך א דוכט געטון, אז ער האָט שוין ווירקלעך קיינעם ניט, אז ער דארף שוין ווירקלעך קיינעם ניט און דעריבער מיט א באזונדער צארט־קײַט זיך אָפּגעשטעלט אף יעדן דורכגעלעבטן דעטאל, אף יעדן פּראט, וואָס ער האָט דורכגעמאכט אין פּערזענלעכן לעבן פון דער מינוט אָן, זינט ער האָט טײַבלען געטראָפן.

דאָס איז מײַן מענטשלעכע געשיכטע, — האָט ער פאר זיך געטראכט, — אין אסאך פּונקטן איז עס געקניפּט און געבונדן מיט מײַן ארבעט, מיט מײַן צושטאנד...

דער רעגן האָט דעם צוג באגעגנט. זיי האָבן זיך א ווײַלע אָנגעקוקט איינע די אנדערע, און דער צוג האָט זיך א נײַעם, א פלינקערן ריס געטון פאָרויס, ווי ער וואָלט פון רעגן געוואָלט אנטלויפן. נאָר דער רעגן האָט אים נאָכגעיאָגט, געכאפּט בא דער פּאָטיליצע און געשמיסן אים מיט זײַנע דורכזיכטיקע און פריילעכע גלעזערנע בײַטשן. דאָס איז געווען א ליכטיקער פרילינג־רעגן און א יעדער מענטשלעכער געמיט האָט זיך מיט אזא מין רעגן געפרייט. קריטשעוועסקיס געמיט — אויך דאָסזעלבע.

אָט האָבן זיך פאר זײַנע פארמאכטע אויגן די פּאָרהאנגען פון גע־וועזענעם אופגעהויבן און ער האָט דערזעען דאָס, וואָס איז אין די נאָר־וואָס פארשווונדענע טעג מיטן ברויז פון זײַן בלוט געווען באפארבט.

אָט איז זײַן ערשטע באַגעגעניש מיט טײַבלען.

ניין... פריִער די באַגעגעניש מיט ווערע זילבּ. זי איז — די ערשטע.

יאָ... ווערע זילבּ...

וואָס איז עס פאַר אַזאַ מין מעשוגענער דאָר? אַ דאָר פון בּויערישע הענט. אומעטום בּויט ער! אין איליטשעווקע — אויך אַלע בּויען. ווערע זילבּ — אויך! און אַף אַ רעגעלע האָט זיך אים דעמאָלט אויסגעדוכט, אַז ווערע זילבּ שטייט אים אין וועג מיט איר פּאַפּירענעם טויער. ער האָט זיך געקלאַפּט אין דעמדאָזיקן טויער, און ווערע זילבּ האָט ניט אַזוי גיך געעפנט. האָט ער זי אַ סטראַשע געטון:

— כּאַווערטע זילבּ, די ק״ק איז אין צווייטן צימער.

— יאָ, איך ווייס. — האָט זי מיט אַ וויסטן שמייכל געענטפערט, — נאָר דער כּאַווער קאָראָטשקע איז איצט ניטאָ דאָרט, ער וועט זײַן אין אַ שאָ אַרום.

ער האָט באַשלאָסן די שאָ וואַרטן. ער האָט זיך בּאַ כּאַווײרים נאָכגעפרעגט, ווער איז זי אַזאַ, פּאַרוואָס איז זי אַזאַ געפּײַגערטע פּאַרוואָס האַלט מען אַזעלכע אין דער פּאַרטײַ, און די כּאַווײרים האָבּן אים געענטפערט, — אַז זי איז אַן אומפּאַרטײַישע. ס׳איז ניט זייער קלאָר, צי זי האָט אַליין אומגעקערט איר פּאַרטײַ־בּילעט, אָדער מע האָט עס בּאַ איר צוגענומען, נאָר זי איז געווען אין דער פּאַרטײַ, געווען אין בּירגער־קריג, זיך אויסגעצייכנט אַפילע דאָרטן, איז איצט איינע פון די בּעסטע טוערנס, אַ זעלטענער כּאַווער, אַ גלענצנדיקע עקאָנאָמיסטן, און אַלע אַנשטאַלטן יאָגן זיך נאָך איר. זי וויל אין ערגעץ ניט גיין. זי נעמט אַ געהאַלט פּרינציפּיִעל ניט העכער פונעם אָרטיקן פּאַרטמאַקסימום, און צוויי פּאַרטײַ־כּאַווײרים האָבּן שוין צוליב איר צו אויסריידן געכאַפּט — געוואָלט זי בּײַקומען — האָט דער כּאַווער, וואָס האָט דערציילט צו אים אַ ווונק געטון און אָפּגעבּריט זיך, מאַכמעס קריטשעווסקי האָט דאַן פון אים זייער ניט קאָרעקט אַ דרײַ אויס זיך געגעבּ און אוועק.

שפּעטער איז ער צו איר אין צימער אַרײַן און געקוקט אַף איר מיט אופגערייצטע אויגן.

— באם כאווער קאַראַטשקע זײַט איר געווען? — האָט זי בא איר א פרעג געטון.

— ניין?!

— פארוואָס־זשע?

— איך ווארט.

— ער איז שוין לאנג דאָ.

זי האָט זיך געקליבן אוועק. ווען זי האָט זיך פון איר אָרט אופגעהויבן, האָט זי אף אים מיט אירע פולע אויגן א בליק געטון און געזאָגט:

— אָט וואָס, כאווער קריטשעווסקי. אײַער פראגע איז שוין באשטימט, פּאָזיטיוו. ס'איז שוין איצט ניט מער ווי א טעכנישע פּראָטאָקאָל־פראגע. איך האָב עס שוין אליין קלאָר געמאכט.

יאָ. ווי האָט עס פאסירט מיט אים? ער געדענקט ניט. נאָר ער איז איר נאָכגעגאנגען ביז איר דירע. ער איז ארוף מיט איר צו איר אין צימער. זי האָט אים ניט געלאדן און ניט דערווידערט. ער האָט זיך אופגעפירט, ווי א יינגל, און זי האָט אים שפּעטער דערציילט, אז זי האָט זיך אליין געוואונדערט דערויף, וואָס בא איר אין הארץ האָט זיך צו אים עפּעס אן אָדערל א ציי געטון.

זי האָט זיך געזעצט דעמאָלט קעגנײַבער אים, בא איר טישל און א פרעג געטון:

— אײַך איז ניט לאנגווײַליק?

ער האָט גאָרנישט ניט געענטפערט.

— און מיר איז לאנגווײַליק, אויסערסט לאנגווײַליק, — האָט זי צו אים געזאָגט, און ער האָט אין דידאָזיקע ווערטער דער־שמעקט א באהאלטענעם דראנג צו נאָענטקײַט. דאָס האָט אים א שלײַדער געטון אין אן ייִנגלשער פרייד, און ער האָט פון איר געכויזעקט:

— קויפט זיך די „פריילעכע ביבליאָטעק" און לייענט, וועט אײַך ניט זײַן לאנגווײַליק.

— געקויפט, געלייענט... עס העלפט ניט.

ער האָט געוואָלט פון איר אנטלויפן, נאָר אים האָט זיך אויס־געדוכט, אז אויב ער וועט איצט אוועק פון איר, וועט זי בלײַבן זיצן בא איר טישל א רויִקע און גלײַכגילטיקע און וועט אינערלעך

כויזעקן איבער אים. ער האָט זי געוואָלט פון געדולד ארויס־ברענגען, צעטרעטן, צערייבן, צו נישט מאכן איר גרויסן אָנגע־בלאָזענעם גלייכגילט און פארגעגעצטן לעבן, און ער האָט זי גראָב בא א האנט אָנגעכאפט:

— פארוואָס באציט איר זיך אזוי שלעכט צו מיר?

— צו אייך?

— ווער זייט איר?

— איך?

— איך האָב עפּעס וואָס געהערט וועגן אייער אומפארטייאיש־קייט. איז עס עמעס?

זי האָט זיך פון איר אָרט אופגעהויבן און אים גאָרניט ניט געענטפערט. זי האָט א פּאָר טריט איבער איר צימער געשטעלט און אָפּגעשטעלט זיך פּונקט קעגן אים. זי האָט געקוקט אף זיין שטערן און געזאָגט:

— אף היינט וועט קלעקן. קומט ארייַן. אייער כאווערשאפט איז פאר מיר אָנעמבאר..

ער איז אופגעשפרונגען:

— וואָס איז עס פאר א לאָשן?

— ניין, — האָט זי געענטפערט, — בעעמעס, איך באצי זיך צו אייך גוט.

אין ברומענדיקער ווייכער וויגעניש, אונטערן געפּויק פון רעגן אין שויב, איז קריטשעווסקי געלעגן מיט פארוואָרפענע הענט הינטערן קאָפּ און מיט פארמאכטע אויגן צו דער וואגאָן־סטעליע.

צו אלדי טייוול! וואָס עס קריכט איצט אין קאָפּ!

נאָר ער האָט דעם בילדער־שטראָם ניט געקאָנט אָפּשטעלן.

שפּעטער האָבן זיי זיך געזעען אָפטער. דערנאָך איז דאָס זעען זיך געוואָרן אַ באדערפעניש פאר זיי ביידן. ס'איז פאר זיי אלץ שווערער און שווערער געוואָרן אויסצוקומען איינער אָן דעם אנדערן. אין א שטיקל צייט ארום האָט ער אין א הייסע מינוט איר האנט געכאפּט און געקושט. שפּעטער — אין באק. דערנאָך האָט ער געקושט אין די ליפּן. ווען ער האָט זי דאָס ערשטע מאָל אין באק א קוש געטון, האָט זי דערוף באמערקט:

— אָהאָ, די זאך גייט מיט א שנעלן טעמפּ!

ער איז פון דער באמערקונג רויט געוואָרן און קינדערש זײַנע ליפּן געקרימט. איר איז די גרימאסע, ווײַזט אויס, געפעלן געוואָרן. זי האָט אים לאנגזאם נאָכגעקרימט און אין דערדאָזיקער נאָכקרימעניש איז געלעגן א ליבע, ווײַבלעכע צארטקייט און א טראָפּעלע טרײַשאפט.

— פארוואָס ביסטו אזא... ניט היגע?

— ס'איז ניטאָ צוליב וועמען א היגע צו זײַן. די ארבעט פאר־האלט. און אזוי איז לאנגווײַליק.

— פארוואָס ביסטו מיט מיר אזוי קאלט?

— ס'איז ניטאָ צוליב וואָס הייס צו זײַן.

— דו האָסט מיך ליב?

— א טראָפּעלע.

— וויפל באטרעפט עס?

— אין מײַן לעבן האָב איך נאָך קיינמאָל קיין באדערפעניש ניט געהאט צו זאָגן א מענטשן „דו". דיר ווילט זיך מיר זאָגן „דו".

— וואָס־זשע איז עס?

— נאָענטקײַט.

— דו פילסט זיך צו מיר גאָענט?

— א טראָפּעלע.

זי האָט אים פון געדולד ארויסגעבראכט, און ער האָט אויס־געשריגן:

— אָבער ווי רופט מען עס אָן? וואָס פאר א נאָמען זאָל מען עס געבן דײַן באציִונג צו מיר?

— פרײַנטשאפט.

און שפּעטער, ווען זיי זײַנען זיך צונויפגעגאנגען, האָט זי אין א ווארעמער מינוט (קיין הייסע האָט זי ניט פארמאָגט) צוגע־געבן:

— אף וויפל מיר זײַנען פון פארשיידענע געשלעכטן, איז אונדזער פרײַנטשאפט — אומבאגרענעצט.

זי איז צו יענער צײַט אלט געווען אכט און צוואנציק יאָר, און קריטשעווסקי — דרײַ און דרײַסיק. ער האָט ווי א ייִנגל זיך געפרייט מיט איר. און ווי א יונגלינג — שטאָלצירט. נו, איז וואָס,

אויב אירע גרויסע פאַרטרויערטע אויגן הענגען שטענדיק בא איר אין קאָפּ, ווי פרעמדע, ווי ניט היגע, ווי פאַרבלאָנדזעטע? דאָס וועט איבערגעאנדערשט ווערן!

ער האָט אין ייִנגלשן פיבער אָפּגעלעבט מיט איר א יאָר צייַט אין איליטשעווקע און שפּעטער — אָט דאָרט, אין יענער שטאָט, וווּהין דער צוג טראָגט אים איצט. ער האָט געהאט זייַן גרויסע און ליכטיקע האָפענונג: איר גאנג האָט אים אויסגעוויזן צו זייַן דער גאנג פון א פאַרמאטערטער שאָף צום קוואל.

— וואָרט־צו א ווייַלע, — האָט ער אין יענער צייַט אָפּט צו זיך הויך געשריִען, — זאָל זי צו זאט פון דייַן קוואל זיך אָנטרינ־קען, און זי וועט ווערן מונטער און באוועגלעך, און וועט ווי מיר אלע דערזעען דעם ריזיקן זין פון שלעפּן ציגל און ליים צו אונ־דזער אייגענעם בנין.

נאָר ניין. דעם זין האָט זי עפּשער געזען ניט ווייניקער פאַר אים, און דאָך איז זי געווען אין שטענדיקן גליווער.

אָ, דידאָזיקע ווערע זילב! דער הענג־בריק, וואָס איז אראָפּ־געלאָזט געוואָרן צווישן בירגער־קריג און נעפּ, האָט עפּעס א פאַלד פון איר נעשאָמע פאַרקוועטשט, און זי איז געבליבן ליגן א פאַרכאַלעשטע. זי טוט איר ארבעט פּינקטלעך און גוט, אָבער מעכאניש און אווטאָמאטיש. איר ברען איז אויסגעלאָשן געוואָרן, און איר פריידיקער שלאכט־געשריי — דערשטיקט. זי ווייס אליין, אז איר לעבן קוילערט זיך ניט אפן ליכטיקן ראָד, נאָר עס שלעפּט זיך נאָך אונדזער אלעמענס וואָגן נאָך מיט א גרילץ. איין פּיצל מעטאַל, איין ווינקל פון איר געמיט איז אָפּגעפּאָלירט, — דאָס איז יענץ פּיצל, וואָס גליטשט זיך איבער אונדזערע רעלסן. דאָס אי־בעריקע איז פאַרזשאַווערט און פאַרטונקלט.

זי ווייס עס אויסגעצייכנט און קאָן זיך דערצו גאָרנישט העלפן. זי האָט געטרונקען פון זייַן קוואל. זי האָט געהאט כיישעק צו האָבן כיישעק צום לעבן און האָט איר גליווער ניט געקאָנט בייַ־קומען. זי האָט געהאט כיישעק צו האָבן כיישעק צו טרינקען פון זייַן קוואל. זי האָט געטרונקען, יאָ, נאָר דער געטראַנק האָט זיך פון א צווייטער זייַט גלייַך פון איר אויסגעגאָסן, און איר איז דערפון גאָרנישט ניט געבליבן. זי איז געווען דער פּאסאזש פון

זײַנע געפילן. זײַנע אלע געפילן האָבן זיך דורכגעשפּאַצירט דורך די צוג־ווינטן פון אירע קאָרידאָרן, און פאַרהאַלטן זיך האָט ער דאָרט ניט געהאַט אָן וואָס. טירן, טירן אומעטום, און פון אומע־טום יאָגט א קעלט, א גלײַכגילט, א העפקער־ווינט. ער האָט גע־האַט א געפּענטעטן ווילן צו אַנטלויפן פון איר גלײַך דאָס ערש־טע מאָל, ווי ער איז מיט איר אויג אף אויג פאַרבליבן, און צע־שיידט האָט ער זיך מיט איר קימאַט אף מאָרגן נאָכדעם, ווי ער איז זיך מיט איר מענטשלעך און געשלעכטלעך צונויפגעגאַנגען. נאָר אוועק פון איר אף שטענדיק איז ער אַסאַך שפּעטער, אין אַן אַנדער שטאָט, אין דער שטאָט, וווהין דער צוג טראָגט אים איצט. ער האָט גראָד דעמאָלט ניט געריכט זיך צו שיידן מיט איר. ער האָט זי מיטגעבראַכט אין יענער שטאָט, ווײַל אין זײַן צעשיידקײַט מיט איר האָט ער דאָך ניט געקאָנט אויסקומען אָן איר. אין דערדאָזיקער שטאָט — די הויפּטשטאָט! — איז איר גע־מיט נאָך פאַרדאַרטער געוואָרן, און זי האָט דערוף אויפגעהאַנגען נאָך א שלעסל. נאָר אין די נעכט פלעגט זי איבער די גאַסן אַרומגיין, און ער פלעגט אַמאָל מיטגיין מיט איר.

אין איינער אַזאַ נאַכט האָט ער זיך מיט איר אף שטענדיק געשיידט.

עס איז געווען א שפּעטע אָוונט־שאָ אין טיפן ווינטער. זיי זײַנען געווען אף א צענטראַלער גאַס. די גאַס האָט ניט געפרייט. א פינף הונדערט טריט פון דעם אָרט, וווּ זיי זײַנען אין יענער שאָ געווען, שטייט פעסט די געבײַדע פונעם ראַט און אַנטקעגנ־איבער הייכט זיך שטאָלץ דער אָבעליסק פון דער ראַטנמאַכט. נאָר איצט איז דידאָזיקע גאַס אָקופּירט געווען פון פּראָסטיטוטקעס און שיקורים. זיי האָבן גוט געוווּסט: מיטן אַרבעט־טאָג, מיטן פרימאָרגן־ליכט וועט די שמוץ פון דער גאַס אַראָפּגעוואַשן ווערן, אָבער איצט איז זי ניט זייערע געווען — א פרעמדע און שמוצי־קע איז זי געווען, און זיי האָבן קײַן טרייסט און פרייד פאַר זייערע שווערע געמיטער דאָ ניט געקאָנט געפינען. אַזוי קימאַט אַלע נאַכט. און אין דער נאַכט איז נאָך עפּעס צוגעקומען. אפן סאַמע מיטן פלאַץ האָבן זיי א שוידערלעכן געשריי דערהערט. דאָס האָט געשריִען א מיידל, קימאַט א קינד נאָך, א דרײַצן־

פערצן־יעריקס. זי האָט זיך צו דער אפטייק אפן ראָג א וואָרף געטון און איז הינטער דער ליכטיקער טיר פארשווונדן. נאָר ווערע זילב האָט געזעען: דאָס קינד איז פון דאמען־וואטער ארויסגעשפרונגען. די טיר איז געווען אופגעריסן און די וועכטערן איז א שיקערע אפן שוועל געלעגן. ווערע האָט זיך לאנגזאם אהין אראָפּגעלאָזט און איז גלייַך צוריק אן אופגעבראכטע, א צעשויבערטע פון דאָרט ארויסגעשפרונגען און קריטשעווסקין בא א האנט אָנגעכאפּט:

— יאָסעף... דאָרט גייט א מענטש אויס... מע דארף זי אהער ארופשלעפּן... מע דארף די גיכע הילף ארויסרופן...

אָנשטאָט עפּעס צו טון, האָט ער גאָר אין דער ערשטער רעגע דעמאָלט א פארליבטער זיך פארקוקט אף איר. אירע באקן האָבן געפלאמט און די אויגן האָבן זיך בא איר מיט גלי אָנגעגאָסן. זי האָט אים געשלעפּט צו דעם מענטשן, וואָס גייט אויס. וואָס פאר א שייַכעס האָט דאָס אלץ דערמיט, צוליב וואָס ער פּאָרט איצט אין צענטער. אך, יאָ. אין יענעם אָוונט האָט ער זיך מיט טייַבלען באגעגנט.

קריטשעווסקי איז געלעגן אין דער שאָ אין וואגאָן ווי אין הינערפלעט. ער האָט זיך געוואָלט באפרייַען פון די אלע בילדער, וואָס האָבן זיך פאר זייַנע אויגן געוויקלט, און ער האָט ניט געקאָנט. דער רעגן האָט געפּויקט אין דאך און אין פענצטער, דער צוג האָט זיך געטראָגן און דער לאָקאָמאָטיוו האָט געפייַפט, און דער פייַף איז געווען ענלעך צו דעם געשריי פון א פויגל אין א געפאר. קריטשעווסקי האָט זייַן לאנגן גוף א וואָרף געטון אף א זייַט, אביסל צונויפגעשרומפּן אים און ארייַנגערוקט די הענט צווישן די קניִען. אים האָט זיך געדוכט, אז ער וועט באלד אייַנשלאָפן אונטערן רעגן, און ער האָט זייַן קאָפּ אין הארטן קישן פארנורעט. נאָר פאר די אויגן איז געשטאנען דאָס בילד אינעם דאמען־וואטער אפן פלאץ אין דער הויפּטשטאָט.

אָט ליגט אפן שטיינערנעם דיל אין א ווינקל א פרוי, זי איז קימאט אינגאנצן נאקעט, ווייַל אירע ווייטיקן זייַנען אזעלכע שוידערלעכע, אז זי רייַסט פון זיך דאָס לעצטע פיצל קלייד — זי מיינט דערמיט זיך גרינגער צו מאכן. איר העמד ליגט אונטער

איר א צעריסענע און פארבלוטיקטע. איר פּאָנעם איז אין דער רעגע פארגליווערט אין א שרעקלעכער גרימאסע, ווײַזט אויס, אז די ווייטיקן אירע האָבן זי איצט צורו געלאָזט. נאָר אָט גיט זי א שפּרונג. זי דרייט זיך אין א געווירבל. זי טאנצט ארום אף אירע שפּיצן הענט און פיס. זי דרייט זיך אף איר געזעס. זי שפּרינגט ארום פון ווינקל צו ווינקל ווי א געקוילעטער אָבער ניט דערקוילעטער האָן, און איר געשריי שטיקט זיך אין די ענגע און פארדומפּענע ווענט פון דעם וואטער. איר געשריי פארטויבט אלץ. איר געשריי איז שוידערלעכער פון איר אויסזעען, און דאָ אף דער באנק, אין יאָגנדיקן צוג הערט קריטשעווסקי בוילעט דעם געשריי און קאָן אים ניט פארטראָגן. עס שנײַדט אים באם הארץ נאָך ווייטיקדיקער איידער דער געשריי פון א קינד. אָן געשריי פארגעסט ער ערשט דאן, ווען ער גיט א קוק אין צווייטן ווינקל. דאָ ליגט אין דרײַען צונויפגעדרייט א דערשראָקן קינד — א פערצן־פופצן־יעריק מיידל. זי ליגט באהאלטן אונטערן פּיסואר, און אירע אויגן האלט זי אין דער וואנט פארגראָבן. איר איז, ווײַזט אויס, שווער צו קוקן אף איר עלטערער כאווערטע. און אין דריטן ווינקל ליגט א געשוואָלענע אלטע. אפן דיל שטייט נעבן איר א האלב־אויסגעליידיקט פלעשל. זי קײַט פון א פאפיר שטיקלעך ווורשט און מיט א פולן מויל טײַנעט זי:

— דו ריר זיך ניט ... דו דריי זיך ניט אפן קאָרעק ... זאָל עס אליין ארויספאלן ... ס׳וועט אדורך ... דעריקער — דריי זיך ניט ...

און זי קײַט און פארטרינקט פון פלעשל. קריטשעווסקי דערנעענטערט זיך צו דער קראנקער. ביידע מיטאמאָל — די אלטע און די פערצניעריקע — בליצן אף אים מיט די אויגן. די אלטע גיט זיך אַ רוק אף אלע פיר צו דער קראנקער. איידער קריטשעווסקי באווײַזט צו באנעמען, וואָס זי וויל טון, שטעקט זי ארײַן איר האנט צו דער קראנקער אין דער ווונד ארײַן און רײַסט עפּעס דאָרטן. איצט איז דער געשריי פון דער קראנקער ווירקלעך איבער אירע קויכעס. און גלײַך בלײַבט זי רויִק און שטום. די אלטע קריכט אוועק אף אלע פיר צוריק צו איר ווינקל.

זי גיסט א טראָפּן בראָנפן אָן אַף אירע געשוואָלענע הענט און וואשט פון זיי אָפּ דעם בלוט מיטן אייטער. דאָס ביסל בראָנפן וואָס איז אין פלעשל געבליבן, טרינקט זי אויס מיט איין זופּ און ערשט נאָכן אויסטרינקען ווארפט זי צו דער קראנקער:

— פאר דײַן געזונט, קאטיושע...

די קראנקע הייבט שווער אוף איר קאָפּ. זי קאָן אים ניט אײַנהאלטן, און ער פאלט גלײַך צוריק אפן שטיינערנעם דיל. פון דאָרט הערט זיך איר גסיסעסדיקער יאָמער. זי בעט זיך בא עפּעס איינעם א ליאָוועץ, אז ער זאָל זי ניט לאָזן שטארבן ווי א צויג דאָ אין וואטערקלאָזעט, ער זאָל זי צונעמען פונדאנען, ער זאָל זי אין קלויסטער פירן און דערנאָך באגראָבן, ווי אן ערלעכע קריסטן, ווײַל זי וויל ניט אין גענעם אָנקומען. זי וויל ניט און וויל ניט. קריטשעווסקי ווארפט א בליק אף דער פערצניעריקער און אנטלויפט אין אפטייק קלינגען דער גיכער הילף, און דאָ באגעגנט ער עפּעס א מיידל באם טעלעפאָן. דאָס מיידל שרײַט ארײַן אין טרײַבל:

— וויטיע, דו סאבאָטירסט! ווי א פלאָקן בין איך געשטא־נען בא פושקינען און געוואַרט אף דיר דרײַ פערטל שאָ, אז ס'איז מיר אזש א כארפע געווען פארן פּאָעט! איך האָב מיט אים א געשפרעך פארפירט! — פּאָעט, זאָג איך צו אים, וואָס טוט מען מיט אזא מין קאוואליער, וואָס זאָגט צו און קומט ניט? וואָס ער האָט געענטפערט? ער האָט געשוויגן. יאָ... יאָ...

קריטשעווסקי שטייט און קוקט אף איר: ווער איז זי אזעלכע? אירע ליפּן זײַנען ניט געפארבט, איר קעפּל איז געשוירן, איר קליינע פיגור איז דין און בויגעוודיק, און דאָס פּאָנעם איז אזוי אָפן, ווי די זון אין לויטערן הימל — עס איז אזש שווער לאנג צו קוקן אף אים. ער האָט בא איר דאָס טרײַבל א ריס געטון און זי האָט א פארוווּנדערטע א פרעג געטון:

— וואָס פארלאנגט איר, בירגער?

— א מענטש גייט דאָרטן אויס, און איר האָט זיך דאָ אוועק־געשטילט ליבע־געשפרעכן פירן.

זי האָט ארײַנגעשריִען אין טרײַבל:

— לייג אוועק דאָס טרײַבל, וויטיע, איך קום באַלד, דאָ האָט עפּעס פּאַסירט.

זי האָט אים בײַ דער האַנט אָנגעכאַפּט:

— וואָס איז געשעען? ווו?

זי האָט זײַן האַנט ניט אָפּגעלאָזט, און ער האָט געפילט דעם קנײַפּ פון אירע דינע שטײַפע פינגער. זיי זײַנען צוזאַמען אין וואַטער אַראָפּ.

דער צוג אײַלט. דער רעגן שמײַסט. קריטשעווסקי דרייט זיך צונויף אין דרײַען. וואָס איז עס מיט אים? ער האָט האַלוצינאַציעס? ער האָט היץ? ניין. דאָס איז אַלץ אינדערעמעסן געווען.

אָט זײַנען זיי שוין אין דרײַען נעבן דער קראַנקער. דאָס נײַע מיידל טוליעט זיך צו אים, זי קריצט מיט די ציין. זי לויפט צו צו וועדע זילב:

— דו ווייסט וואָס מיט איר קומט פאָר?

— זי שטאַרבט?

— יאָ... די מוטער־טראַכט פאַלט בײַ איר אַרויס.

זי שרײַט צו קריטשעווסקין:

— אין נומער 23, כאַפּ אַ טאַקסי... ברענג אַהער מײַן מוטער... זי איז אַן אַקושערקע... גיכער...

זי ברענגט פון אַפּטייק שטיקער מאַרליע, וואַטע, עפּעס אַ פליסיקײַט. זי זעצט זיך אויף די שפּיץ פינגער און וואַשט די וווּנד און לאָזט ווערען ניט צורירן זיך צו דער קראַנקער.

— דײַנע הענט לאָז ריין... דו וועסט מיר העלפן... איך דאַרף אַ פּאָר ריינע הענט...

דאָס נײַע מיידל איז רירעוודיק און פלינק. שפּעטער זעצט זי זיך צו צו דעם פאַרצניאָריקן מיידל. שפּעטער נעמט זי אָן דאָס מיידל בײַ אַ האַנט און פירט זי אוועק צו זיך אַהיים. זי רופט מיט זיך קריטשעווסקין מיט ווערען. צוויי באַנאַכט צינדט מען אָן די לאָמפּן אין דער קאָמונע — זיי לעבן דאָ אין אַ קאָמונע. דאָס פאַרצניערקע מיידל וואַרעמט זיך דאָ בײַ אַ ווינקל טיש. זי טרינקט הייסן טיי און בײַסט הונגעריק איר שטיקל ברויט מיט פּוטער. זי גיסט אין זיך איר הייסן טיי, און אירע אויגן גלאַנצן מיט אַ פײַכטן אומעט. דאָס נײַע מיידל — טײַבל שטשאָטשיקאָווע—

קלינגט צו פארשידענע כאוויירים: זי בעט זיי מאָרגן אײַנאָרדע־נען די קרעמאציִע פון א פרוי, וואָס איז נאָר־וואָס אף דער גאס געשטאָרבן. ווער זי איז געווען? א פראָסטיטוטקע. יאָ. וועט עס זײַן? יאָ. גוט.

אף מאָרגן קומט אָן א הויכער און ליכטיקער זוניקער טאָג. נײַן אינדערפרי איז קריטשעווסקי בא זיך אין אנשטאלט. זעקס פארנאכט איז ער פרײַ. ער שלינגט אף גיך אראָפּ זײַן קליינעם מיטאָג און גייט מיט אומישנע פארהאלטענע טריט צום נומער 23. ער וויל וויסן, צי די קרעמאציִע איז פאָרגעקומען. וואָס איז מיט דער פערצניאָריקער און וויל זעען דאָס מיידל מיטן נאָמען טײַבל שטשאָטשיקאָווע.

עס געלינגט אים ניט. קיינער איז אין שטוב ניטאָ. ער דרייט זיך ארום א ליידיקער און אויסגעזעקלטער איבער די גאסן ביז איינס באנאכט. ווען ער קומט אהיים טרעפט ער א בריוול פון ווערע זילב, זי שרײַבט אים:

„יאָסעף", (געוואָלט אָנשרײַבן ליבער, איז עפּעס נישט ארויס־געקומען) איך פאָר אוועק קײַן איליטשעווקע. דאָ איז מיר נאָך ענגער ווי דאָרטן. מײַן צימער נוץ אויס. דיר קומט דאָך א פלאץ צו ארבעטן. אויב עס וועלן בא דיר זײַן אינטערעסאנטע נײַעס — שרײַב אָן. אויב דו וועסט וועלן אויסנוצן צוזאמען מיט מיר דײַן אורלויב, — גיב צו וויסן. אלדאָס בעסטע. וו."

ער איז אויסער זיך געווען פון דעמדאָזיקן בריוו. ער האָט אים געוואָלט צערײַסן און אין קאָרב ארײַנוואָרפן. נאָר ער האָט זיך דערפון אָפּגעהאלטן און נאָך אמאָל איבערגעלייענט. ווען ער האָט דאָס צווייטע מאָל לייענען פארענדיקט, האָט זיך בא אים א פראזע ארויסגעריסן:

— וואָס מאכסטו זיך? וואָס דולסטו א ספּאָדעק מיט דײַנע שטילע שיידימלעך? ווער ביסטו דאָס אזא?

ער האָט זיך צום טיש א וואָרף געטון און האסטיק גע־שריבן:

„ווער ביסטו, סאכאקל, מ'שטיינס געזאָגט! א שטיקל מעבל, וואָס איז געמאכט לויטן אלטן פאסאָן, וואָס פאסט זיך ניט אזוי גוט צו אונדזער שניט. ניט מער — דו האָסט א פּאָר פּיס, וואָס

גייען אומעטום, ווו מיר גײען, דו האָסט א פּאָר הענט, וואָס זאָגן זיך פון ארבעט ניט אָפּ, און א קאָפּ, וואָס ווו קעפּ זאמלען זיך — איז ער אויך דאָ אינמיטן. אָבער איך ווייס דאָך, איך ווייס: דײַנע פיס גייען מיט אן אומעט צו אונדזערע דעמאָנסטראציעס און ווען עפּשער דעזערטירן פון אונדזערע שלאכטן. דײַנע הענט זאָגן זיך ניט אָפּ פון ארבעט בלויז דערפאר, ווײַל אויב ניט ארבעט, וואָלטן זיי דיך אליין מיסטאמע אָנגענומען באם גאָרגל און דערשטיקט, און צו דײַן קאָפּ דארף מען שטענדיק האלטן גרייט א שמאטקעלע — דעם שטויב פון געוועזענעם אראָפּצווישן. נאָר וויפל דו זאָלסט ניט ווישן — שטענדיק בלײַבט ער פארשטויבט, ווײַל דער שטויב שפּארט פון אינעווייניק, פון מארך ארויס, דער מארך שטויבט בא דיר, מײַן ליבער פרײַנט! דאָס איז ווי א מין גײַסטיקער סיפיליס — ניט דײַן כארפּע איז עס — דײַן אומגליק!

דו טראָגסט ארום אין דער וועלט דײַן זויערע צורע ווי א פאָן, און איזן איז עס סאכאקל — א שמוציק און פארויכערט טעפּל. וואָס פאר א זיסע מאכאָלים עס זאָלן זיך אין טעפּל ניט פרעגלען, ווי שטארק הונגעריק דו זאָלסט ניט זײַן — איז עס פונדרויסן פארויכערט, קאָן מען עס אָן א שמאטע ניט באנוצן. ווען איך האָב גרייט אין הארץ א שטינקענדיקע שמאטקעלע פאר דיר, וואָלט אלץ גוט געווען. אזוי איז שלעכט. ניין, ס'איז ניט שלעכט! ס'איז אויסגעצייכנט! הײַנט האָט די זון הויך געשײַנט, און מיר איז געווען ליכטיק און פריילעך. איך האָב פארגעסן אָן דיר און עס טוט מיר ניט באנק דערוף, אויב אָט דאָס ברייוול מײַנס וואָלט געקאָנט אראָפּשײַערן דעם זשאווער פון דײַן געמיט, וואָלט איך עפשער אף א גאנץ פריידיק הארץ רײַכער געוואָרן. נאָר איך גלויב ניט אין קײַן ניסים. מיר זײַנען פרעמדע, און דו ביסט זיך אליין אויך א פרעמדע. דײַן אומגליק באשטייט דערין, וואָס דו האָסט איבערגעלעבט דעם בירגער־קריג. ווען עס פאסירט פארקערט, וואָלט ערגעץ געבליבן א ליכטיק פינטעלע פון דײַן נאָמען, און איצט האָסטו דערטרונקען דאָסדאָזיקע ליכטיקע פינטעלע אין דער גרויסער בלאָטע פון דײַן גענעץ.

איך קאָן דיר ניט ווינטשן קיין גוטס, ווייל איך גלויב ניט, דו זאָלסט קאָנען קעמפן דערפאַר. קריטשעווסקי".

און אָט איז איר ענטפער:

„איך וועל זיין אין פ. אין א כאדאָשים צוויי ארום. איך בעט דיך, יאָסעף, אויב ס'איז נאָר מעגלעך, פאַרהיטן פאר מיר מיין צימער. אף דיין בריוו ענטפער איך דיר ניט, מאכמעס אין פער־זענלעכע איניאָנים ביסטו א בלינדער מענטש. דו פאַרעדסט זיך פאַשעט. מיר דוכט זיך, אז אין דער יוגנט האָסטו באדארפט שרייבן לידער (שלעכטע, פארשטייט זיך). דו האָסט זיי ניט געשריבן? פרוּוו זיך איצטער. איך מיין עס אָן יעדן מינדסטן בייזן שפּאַס. און פונדעסטוועגן ווינטש איך דיר פריינטלעך אלדאָס בעסטע. וו."

קריטשעווסקי גיט זיך א וואָרף אפן בויך. ער פארנורעט דעם פּאָנעם אין הארטן קישן און שמייכלט אהין אריין:

— צו דעם אלעמען איז זי נאָך א נאר אויך.

נאָר זי איז געקומען. און אָט טרעפן זיי זיך. זי שמייכלט. וואָס איז עס פאר א שמייכל? זי רופט אים ניט צו זיך, און ער גייט ניט צו איר. זי האָט עס אומישנע זיך איינגעאָרדנט אין דעם אנשטאלט, וווּ ער ארבעט? ניין. דערוף איז זי ניט פעיִק. א כוידעש צייט טרעפן זיי זיך. שטענדיק דרויסן. דעם כוי־דעש שמייכלט זי אָפּ. דערנאָך ווערט זי צוריק דיזעלבע ווי געווען. זי ווערט אפילע א טראָפּעלע דארער. וואָס איז מיט איר?

קריטשעווסקי האָט פיינט נעקאָמע. פון אלע כאיעשע געפילן אין דעם מענטשלעכן לייב און לעבן האלט ער דעמדאָזיקן געפיל פארן סאמע בלינדסטן, פארן סאמע טעמפסטן געפיל. אָ, ווי ער וואָלט זיך געקאָנט נויקעם זיין אָן דערדאָזיקער ווערע זילב! וויפל מאָל האָט ער זי שוין געזעען מיט טרערן הינטער די אויגן! אָבער יעדער מאָל דערשטיקט זי עס אין א שמייכל. זי שמייכלט אלץ אָפטער, און זיי טרעפן זיך אלץ זעלטענער, ער טרעפט זיך אלץ אָפטער און אָפטער מיט טייבל שטשאָטשיקאָווע. דידאָזיקע האָט א קלינגענדיקן געלעכטער, און איר אופירונג מיט אים איז נאָך דערווייל ניט אינגאנצן קלאָר.

אָט ווייס ער שוין, ווער זי איז און ווער אירע שטוביקע זײַ־נען. אָבער וואָס זי וויל פון אים ווייס ער נאָך אַלץ ניט.

די מאמע אירע איז אַמאָל געווען אַן אקושערקע. איצט איז זי אַ הויכע ייִדענע מיט לאַנגע הענט און מיט פאַרגרייַזטע העב־רעיִשע פּסוקים און פּוילישע ווערטער אויף די ליפּן. דער טאַטע איז אַ האַלב־געליימטער. דער טאַטע איז שוין מיט יאָרן צוריק איינמאָל געשטאָרבן, נאָר די מאמע האָט אַזוי הויך געיאָמערט און געשריִען איבער זײַן טויט, אַז זי האָט אים „אָפּגעשריגן", און אָט לעבט ער ביזן הײַנטיקן טאָג. אין דער לעצטער צײַט האָבן אַפילו אייניקע גלידער פון דאָסנײַ גענומען אַר־בעטן, און ער פּרוווט זיך שוין אַפילו איבער דער שטוב אַרומ־קריכן.

— ווער איז וויטיע?

— וויטיע איז — וויקטאָר וויאַטשעסלאַוויטש שטשאַטשיקאָוו. איר מאַן. אַ פּאַרטיי־כאַווער. ער וועט זיך שוין באַקאַנען מיט אים. ער איז שוין באַקאַנט מיט אים. כאַיִם און יאַשע זײַנען צוויי ברידערלעך — זשערעבקעלעך. זיי לעבן אַלע אין אַ קאָמונע. נאָר איין צימער פאַרנעמט אַ פרעמדער — אַ שיקורניק. עפּשער ווילסטו, קריטשעווסקי, זיך בײַטן מיט אים?

מיט דער גאַנצער וועלט איז טײַבל שטשאַטשיקאָווע אויף „דו". מיט אים — אויך.

קריטשעווסקי האָט אופגעהויבן דעם קאָפּ און אַרײַנגעקוקט אין פענצטער.

וואָס איז? דער רעגן איז אויס? ניין. ער שמײַסט ווי פריִער. דער אוקראַיִנער זיצט אין אַ ווינקל דיוואַן. די צײַטונג ליגט אויף זײַנע הענט. דער קאָפּ איז אויף זײַן ברוסט אָנגעלענט. ער דרימלט. קריטשעווסקי שמייכלט. דאָס איז אַ ליכטיקער פריידיקער שמייכל. ער האָט זיך מיט יענעם שיקורניק מיטן צימער געביטן. איצט איז ער שוין צוזאַמען מיט זיי אין דער קאָמונע. ער האָט זיך שוין אײַנגעלעבט דאָרטן. ער האָט שוין אַפילו אָנגעלעבט זיך אַ סוינע דאָרטן — וויקטאָרן, און מיט טײַבלען — אַ קינד. מײַע איז איר נאָמען. וואָס מאַכט זי עפּעס איצט, דידאָזיקע כאַווערטע, האַ? ער וועט זי הײַנט אינאָוונט זען.

קריטשעווסקי איז פון זײַן געלעגער אַראָפּגעשפּרונגען. ער האָט הויך די הענט אַרויסגעוואָרפן. זײַן גאַנצן לאַנגן גוף א צי אויס געגעבן און אין קאָרידאָר פון וואַגאָן אַרויס. ער האָט גע־קוקט אין שויב און דערזען אין דער ווײַט א ליכטיק פּאַסיקל הימל.

— אָ־האָ, עס לײַטערט זיך און לײַטערט זיך!

יאָ. איז אָט איז ער אין וואַגאָן, און אָט איז ער אין דער קאָמונע. אין דער קאָמונע האָט ער זיך זײַנע פּרימאָרגנס, ווען ער דאַרף זיך שטעלן אין דער ריי נעבן דער טיר פון דער קאָאָ־פּעראַציע נאָך ברויט מיט פּוטער. יעדער איינער פון דער קאָמונע האָט זײַנע פּרימאָרגנס אַזעלכע. נאָר אין ליכטיקע און וואַרעמע פּרימאָרגנס האָט ער ליב צו קלאַפּן אין דער וואַנט, מיט וועלכער טײַבלס צימער איז אָפּגעצאַמט פון זײַנעם:

— טײַבל, דײַן ריי!...

און אין רעגנדיקע קלאַפּט זי צו אים:

— יאָסעף, ס'איז א שלעכטער וועטער דרויסן, עפּשער וואָל־סטו מיך הײַנט פאַרביטן, הא? — און ער זעט דורך דער וואַנט איר ייִנגלשן ווונק צו אים.

ער הייבט זיך אויף און שטעלט זיך אין דער ריי. ער קויפט א צײַטונג און באַקוקט קוידעמקאָל דעם שטאָט־גאַסט — טשעמ־בערלענען. ער קערט איבער די צײַטונג און גיט זיך א וואָרף אפן „פּאַרטיי־לעבן". הינטער אים שטייט א פרוי מיט א קינד אף די הענט. די פרוי דרייט זיך אין אַלע זײַטן און קרעכצט. זי גיט א שעפּטשע א שאָכנטע אירע, אז אָן דאָרט, ווו די שיקורניקעס שטייען, וועט מען הײַנט „נאַטוראַט" געבן. איר פּאָנעם איז פינצ־טער און פאַרלוירן: זי ווייס ניט וואָס צו טון. זי האָט אַזוי שטאַרק נייטיק נאַטוראַט, און אין צוויי רייען מיטאַמאָל קאָן זי ניט שטיין. די שאָכנטע שרײַט צו איר:

— ווער הייסט דיר שטיין אין דער ריי, דו נאַר איינער! מיט א קינד לאָזט מען דורך אויסער דער ריי.

יאָ, ריכטיק. זי וויל אָבער מיטן קינד אהין צו די שיקורני־קעס ניט גיין. זי גיט איבער קריטשעווסקין דאָס קינד מיטן מילך־קענדל. זי בעט זיך אַזוי בא אים:

— טוט מיר א געפעליקײַט, כאווער. האלט צו א ווײַלע דאָס קינד. איך וועל נאָר דאָרט אָן אָרט אין דער ריי פארנעמען... ניט מער...

די שאָכנטע גיט א שעפּטשע צו אים:

— אז מע וועט די קאָאָפּעראַציִע עפענען, איז נעם דאָס און גיי גלײַך. מיט א קינד איז אויסער יעדער ריי...

קריטשעווסקי וויקלט צונויף די צײַטונג און נעמט דאָס קינד צו זיך אף די הענט. ס'איז אנערעך א יאָריק קינד. א פײַן מיידעלע. ער שפּילט זיך דערמיט און מע עפענט די קאָאָפּעראַציִע. ער גייט צו דער טיר. מע לאָזט אים פרײַ אין קראָם ארײַן, צו דער קאסע, צום טיש. קינדער — אונדזער לייטער אין דער צוקונפט ארײַן, אונדזער אומשטערבלעכקײַט! מאכט א ווארע פאר א טאטן מיט א קינד אף די הענט! קריטשעווסקי גייט גרינג אין ארבקאָאָפּ ארײַן, באקומט גיך זײַן פּוטער און מילך, גייט לײַכט פון ארבקאָאָפּ ארויס — דער וועג איז פרײַ! אָבער א שאָ און צוויי שאָ זוכט ער אין דער ריי יענע פרוי, וואָס האָט אים דאָס קינד מיטן מילך־קענדל איבערגעגעבן, און געפינט זי ניט. די שאָכנטע זײַנע איז אויך נעלעם געוואָרן. די ווײַבער און די מיידלעך אין דער ריי לאכן — יעדער מיט זײַן געלעכטערל — כי־כי־כי און כאַ־כאַ־כאַ און כו־כו־כו! כאך! אן עלטערער מאנספאַרשוין אין אן אָפּגעריבענעם מאנטל מיט א פארוואקסענער צורע וויצלט זיך פויל:

— זונדל, געזינדיקט אף דײַן לעבן האָסטו אמאָל? מיסטאָמע האָסטו, ווי־זשע דען? איז וואָס איז דיר די נאפקעמינע? אָט האָסטו דיר דײַן כיילעק לימענט און טראָג זיך, בוי די סאָציאַליזמע!

קריטשעווסקי גייט צום מיליציאָנער אפּן ראָג. ער וויל אים דערקלערן, וואָס עס האָט דאָ פּאסירט מיט אים און פרעגן, וואָס זאָל ער איצט טון. דער מיליציאָנער איז פארנומען מיט דעם באַוועגונג און ענטפערט אים ניט צו דער רעגע. און פון צווייטן ראָג קומט טײַבל צו לויפן. זי קוקט אף אים, אפן קינד, אפן מיליציאָנער, אף דער ריי נעבן ארבקאָאָפּ, און איר פּאָנעם איז א ליכטיקער אָנגעבלאָזן פּענכערל — אָט־אָט פּלאצט עס און שיסט אויס א געלעכטער.

— וואָס האָט פּאַסירט מיט דיר? ווו ביסטו פאַרפאַלן געוואָרן? ווער איז דאָס געפּעשל?

ער שטייט א צעטומלטער, און זײַן פּאָנעם הייבט זיך אויך אָן אָנבלאָזן. ער שמייכלט. טײַבל שמייכלט אים אנטקעגן. דער מיליציאָנער ווערט פרײַ און שמייכלט צו זיי ביידע. זיי שטייען אזוי א ווײַלע אין דרײַען אין שטילער שמייכלענדיקער פאַרלעגנ־הײַט, און קריטשעווסקי ווערט פלוצלינג באַוועגט פון א נײַעם ניט געוועזענעם נאָך געפיל בא אים. דערדאָזיקער געפיל איז שרעקלעך אומקלאָר, נאָר זײַנע פיס ווערן פלוצלינג פאַרכאַלעשט נאָך א טראָט. ער גייט אוועק מיטן קינד צו זייער נומער 23. טײַבל יאָגט אים אָן און כאַפּט ארויס דאָס קינד פון זײַנע הענט. זי לויפט דערמיט ארויף אף זייער פערטן שטאָק. אין שטוב ווערט אן איבער־קערעניש. דער געליימטער טאַטע פינטלט מיט די אויגן. די מאַמע וואַרפט שוידערלעך מיט אירע לאַנגע הענט און רעדט עפעס אזוינס, וואָס איז בלויז פאַר איר פאַרשטענדלעך:

— פשעפּראַשאַם לייפּאָנעכאָ! צאָ טאָ דאָ דיאַבלאָ פאַר א לאַמנאַצייעך מיט א לאַנגע נאָז אין מיטן דרינען?

טײַבלס מאַן האָט אפן אלגעמיינעם אָנגעלאָף ניט פאַרפעלט. ער שטייט מיטן צײַן־בערשטעלע אין מויל און קוקט מיט אָפּע־נער סינע אפן קינד און אף קריטשעווסקין. און טײַבלס ברידער לאַכן, ווי יונגע פערד אף דער פּאַשע.

וויבאַלד אזוי, גייט דאָס שוין אים איצט אין לעבן, אז דאָס קינד זאָל בלײַבן מיט זיי אין דער קאָמונע. ער טאַנצט דערמיט ארום איבערן צימער און שרײַט:

— טײַבל, דאָס קינד וויל טרינקען, דאָס קינד וויל עסן, דאָס קינד וויל...

ער פּאָיעט עס אָן מיט טיי און קיצלט עס. דאָס קינד פאַר־גייט זיך אין א געלעכטער און גיט אין קורצן אָפּ צוריק די גאַנצע גלאָז טיי. ער פאַרוואַשט זײַנע קליידער און כאַפּט טײַב־לען אין קאָרידאָר:

— איך וועל עס פאַרשרײַבן אף אונדזער ביידנס נאָמען.

זי לאַכט צו אים און ווינקט ייִנגלש:

— כאַוועך... די קאָמונע וועט נאָך די פראַגע באַהאַנדלען...

— ניין — שרײַט ער, — איך אנערקען ניט קיינע שום קאָ־מונעס...

ער כאפט טײַבלען בײַ דער טאליע און דרייט זיך אוועק מיט אים איבערן קאָרידאָר. די קאָמונע גייט כאָדאָראָם, און וויקטאָר שרײַט פון זײַן צימער ארויס:

— א מעשוגאָים־הויז!

נאָר שפעטער, אין הויכע פרילנגדיקע פארנאכטן, באפאלט ער טײַבלען איין מאָל און א צווייטן מאָל און ברעכט זי איין: ער דערשלאָגט זיך אין זאגט: — מע פארשרײַבט דאָס קינד אַף זייער ביידנס נאָמען. איצט הייסט דאָס קינד — מאיע קריטשעווסקי־מאנדלביטער.

וואָס פאר א לעדעלעך הענגען אף וויקטאָרס אויגן? פארוואָס איז ער אזוי פארבלענדט? מיט וואָס איז די קאָמונע א מעשוגאָים־הויז? ניין. ער איז ניט גערעכט. דאָס איז געווען א קאָמונע פון דערוואקסענע פריילעכע און פארשטאנדיקע מענטשן. זיי האָבן געגעסן פון איין טאָפּ, געשלאָפן אונטער איין דאך. זייערע פער־זענלעכע לעבנס האָבן זיך געשליפן איינס אָן דאָס אנדערע, נאָר דאָס, וואָס איז געווען צום טויט פארמישפעט, איז געשטאָרבן מיט א צו לאנגזאמען טעמפּ. זיי פלעגן אָפט גיין אלע צוזאמען אין טעאטער און קינאָ. אין טעאטער פארקוקן זיי זיך מערער פון אלץ אף דער פלינקײַט און בויגעוודיקײַט פונעם מענטשלעכן קערפער, און אף מאָרגן אינדערפרי סטארעט זיך יעדער איינער פון זיי זיך פארהאלטן אין באָד־צימער א טראָפּעלע לענגער. יעדער איינער איבט דאָרט זײַן קערפער א פּאָר מינוט מער, איידער אין אן אנדער פרימאָרגן. דערנאָך צעפליט מען זיך יעדער צו זײַן האמער־צווענגל, פען און טינטער. אין קינאָ גייט מען אויך כאָפּטעסווײַז, מערסטנטיילס אף קולטור־פילמס און מע פאר־קוקט זיך אף די ווילדע פרעריעס, דזשונגליעס, שנייִקע בערג און גרינע זוניקע טאָלן, וואָס שווימען פארבײַ אפן עקראַן.

נאָר אומעטום גיט א ריס זייער פרייד עפּעס א קרעכץ און פארבי־טערטער זיפץ פון דעם שטארבנדיקן. עס ווילט זיך אזש אויסשרײַען

— שטארב גיכער, צו אלדי שווארצע יאָר! ליג מיר ניט אף מײַן וועג און שטעך מיר ניט די פּיס!

אָט זיצט מען אין קינאָ, און טײַבל דרייט אויס איר קאָפּ צו קריטשעווסקין און רעדט צו אים אין אויער אַרײַן:

— אָהאָ! דאָסדאָזיקע שטיקל ארבעט האָבן שוין אונדזערע עלטער־זיידעס אָפּגעטון פאר אונדז! ס'איז א מעכײַע צו זײַן אן אייניקל פון אזעלכע־מינע עלטערזיידעס!

— וואָס פאר אן ארבעט? וואָס פאר א עלטערזיידעס?

— קוק אפן עקראַן, וועסטו זעען.

אפן עקראַן ווערט געוויזן די ארבעט פון די האלב־ווילדע שוואַרצים אין די אוראלטע דזשונגליעס. דער מענטש קעמפט דאָרטן מוירעדיק מוטיק און פאראקשנט מיט דער נאטור און מיט די ווילדע כײַעס. דער מענטש טראכט אויס די קליגסטע שפּיצ־לעך, ווי די כאיע צו פאקן און באצווינגען זי. דער מענטש וואל־גערט די ריזיקעביימער פון די דזשונגליעס און זײַן שטוב בויט ער נאָך פונדעסטוועגן אף הויכע פּלעקער — אף דער ערד, אין איין ריי מיט די כײַעס איז ער נאָך ניט באלעבאָס. דער מענטש האָט שוין באצווונגען די מאלפּע — זי איז זײַן הינטישער קנעכט און געטרײַער כאווער. נאָר דעם מענטשנס וועג איז ניט קיין טרוקע־נער: מיט זײַן בלוט ווערט ער באנעצט און באפארבט. דער מענטש פאלט א פארבלוטיקטער אין שלאכט, אָבער ער הייבט זיך גלײַך אוף. ער קריכט אף דער כאיע און א רעגע שטייט ער אפן ראנד פון אומקום. ער פאלט. א סאָף! דער מענטש איז אומגע־קומען! דאָס קײַקעלע ערד האָט זינלאָז זײַן שיסעלע מארך איבער־געקערט און אויסגעגאָסן עס אין די ענדלאָזע וויסטענישן. איצט וועט זיך עס ארומדרייען אין די בלויע רוימען א זינלאָזע, טויבע, בלינדע און וויסטע. נאָר ניין! דער מענטש איז אופגעשטאנען, דער מענטש קריכט ווידער אף דער כאיע! ער וועט זי שוין בא־צווינגען! ער האָט זי שוין באצוווּנגען! ער זיצט שוין רײַטנדיק אף איר! אָט דאָס איז דער עלטער־זיידע.

טײַבל זיצט אינמיטן, צווישן זיי, צווישן קריטשעווסקין און איר מאן. קריטשעווסקי האָט שוין איצט באנומען דעם זין פון אירע ווער־טער. ער נעמט ארויס זײַן זייגער און לייגט עס צו צו טײַבלס אויער:

— הער זיך צו צו די קלעפּ פון די רעגעס, — זאָגט ער צו איר, — און קוק זיך צו צום עקראַן. אין יעדער נײַער רעגע וועט

דער מענטש דאָרט אין די דזשונגליעס עפּעס נײַס אויסטראַכטן, עפּעס ניט געוועזנס נאָך, אזוינס, וואָס וועט אים געבן די איבער־האַנט איבער נאַטור און כאַיע.

זי הערט זיך צו צו די קלעפּ פון די רעגעס און פילט זײַן וואַרעמע האַנט בײַ איר אויער. זי נעמט אראָפּ זײַן האַנט מיטן זייגער פון איר אויער און גיט א זאָג אין א מאָדנער שטילער אַנטציקונג:

— אָט... ווען מע קאָן אזוי צושטעלן א זייגער אין וועלט־מאַסשטאַב צו יעדן מענטשנס אויער, אַז ער זאָל פילן דעם פּולס פון דער אַרבעט...

נאָר אָט איז דער קרעכץ. וויקטאָר מישט זיך אַרײַן אין גע־שפּרעך. אין דער רעגע ווערט אפּן עקראַן גראַד געוויזן, ווי אזוי די מאַלפּע לויזט איר קינד אין זוניקן פּרימאָרגן און שלינגט די לײַז. וויקטאָר גיט בײַ זיי בײדע א פרעג:

— און מיט דעמדאָזיקן עלטער־זיידן שטאָלצירט איר אויך?

קריטשעווסקיס סינע צו דעמדאָזיקן מענטשן פּליעסקעט זיך אַריבער איבער די ראַנדן פון זײַן געמיט און פאַרסאַמט אויך טײַבלען. קריטשעווסקין דוכט זיך, אַז טײַבל קערט זיך אָפּ דער־מאָנסטראַטיוו פון איר מאַן און וויל מיט אים ניט ריידן. אָבער אף מאָרגן אינדערפרי שטופּן זיך ווידער אַלע מיטגלידער פון דער קאָמונע נעבן דעם באָד־צימער, און טײַבלט ברידער, ווען זיי טרעפן דאָרטן טײַבלען, פּאַטשן זיי ביז צונטער איבער אירע נאַקעטע פּלייצעס, און דאָס הייסט בײַ זיי „פּרימאָרגן־מאַסאַזש“, און דיזעלעבע יונגען, ווען זיי טרעפן דאָרטן קריטשעווסקין, קלאַפּן זיי מיט די פויסטן אין דער טיר און שרײַען:

— אַרויס, אַרויס! Черного кобеля все равно не отмоешь до бела!

און אויב קריטשעווסקי מיט וויקטאָרן טרעפן זיך אין קאָרי־דאָר, גיבן זיי זיך א קוק אָן איינער דעם אַנדערן, און קריטשעוו־סקי גיט א שאָס אויס אין א געלעכטער, און וויקטאָר מוז מיט־שמייכלען, און איבער דער קאָמונע שײַנט נאָך אַלץ הויך און לויטער די זון פון פרייד און צאַפּלדיקן אַרבעטנדיקן לעבן.

נאָר אָט באַווײַזט זיך דאָס קינד בײַ זיי, און דער הימל איבער דער קאָמונע ווערט פאַרוואָלקנט און פאַרכמאַרעט.

די ערשטע קומט די מאמע מיט אירע לאנגע הענט און מיט איר אויסטערלישער שפראך. זי געפינט, אז דאָס קינד איז זייער שטארק ענלעך אף טייבלען מיט קריטשעווסקין צוזאמען. ס'איז ניט קיין פּאָשעט קינד, ס'איז א אינטעליגענטיש קינד. אזעלכע קינדער וואלגערן זיך ניט נעבן קאָאָפּעראציע. ווען טייבל און קריטשעווסקי לאכן דערפון, שטופּט זי טייבלען צו צו דער וואנט און ווייבעריש־שוועסטעריש רעדט זי אין איר אריין:

— פשעפּראשאם טשי, טייבוניו, וועמען ווילסטי דאָ אין דער ספּירע ארייננארן? מעך? צי וויטיען? מיט א יאָר אנדערהאלבן צוריק האָסטי געלעבט אין אילישעווקע! א יאָר דריי! יאָסעף איז דאָרט דעמאָלט געווען? ווּוס מיינסטי, עך בין שוין אינגאנצן א געפּאסלטע העשאנע! דער כעשבן שטימט, טייבוניו. מיר קאָנען זיך אף אזא מין פּײַרעק מיט ראַשע...

— איז וואָס־זשע ווילסטו, מאמע?

— יעך?

— יאָ, דו...

טייבל רעדט מיט איר מאמע אן אויסגעצייכנטן ווארשעווער יידיש, און די מאמע אירע ווערט שטענדיק איינמיטן אזא מין געשפּרעך מעוווּלוול: עפּעס דוכט זיך איר אויס, אז זי פּארמאָגט אזוינס, אזא מין קינד, וואָס קיינער אין דער וועלט האָט עס ניט. זי ווערט ווייכער און מאכט זיך ניט וויסן פון דער גאנ־צער מייסע.

— יעך? ס'איז דען מאָן באבעס דאגע? עך זוג נאָר: דער סאָוועטסקער בעסדן איז א פּריילעכער. צו ווּוס בידאפּסטי וויטיען מיט יאָסעפן? צוויי היינער צי איין הין האלט קיינער ניט אין א שטיב...

— מאמע, — שרייט טייבל, — מירן א רעוואָלוציאָנאל איבער דיר איינאָרדענען, די קאשע ברענט בא דיר!

— פּשעפּראשאם וואס, — שלאָגט איבער די אלטע, — די ווייסטעך נאָך ניט, ווּוס פאר א שיראמאלעס עך וועל דיר פּאָר־לייענען, ווּוס־זשע איילסטי זיך אזוי מיט דאן שאבעסטשיווע? יעך האלט פון יאָסעפן...

נאָר דאָ פּלאצט עס: טײַבל גיט זיך א וואָרף מיט איר קאָפּ צו איר מאמעס בויך. זי שטויסט זי מיט אלע אירע קויכעס צו דער קיך און שרײַט:

— צום ווארשטאט! צום ווארשטאט! ליידיקגייער דו!

קריטשעווסקי קײַכט פון געלעכטער, און וויקטאָר באווײַזט זײַן קאָפּ אין דער טיר:

— ס׳איז דאָך מעשוגע צו ווערן!

אָ, דערדאָזיקער וויקטאָר! ער איז גרייט אלע טעאָריעס איבערבויען און צופאסן עס צו איינס: איין פרוי קאָן זײַן פאר־בונדן נאָר מיט איין מאן. יעדיע זײַטיקע סימפּאטיע פירט צו געשלעכטלעכער פארבינדונג. געשלעכטלעכע פארבינדונג פון איין אינדיווידו מיט עטלעכע אינדיווידן פון אן אנדער געשלעכט פירט צו דער דעמאָראליזאציע פון דעם אינדיווידו. א דעמאָראליזירטע פּערזענלעכקײַט איז ניט פעיִק צו פארנעמען זיך מיט פּאָזיטיווער ארבעט. וויקטאָר שוידערט פאר קריטשעווסקיס געדאנק, אז מע דארף די געהירן איבערבויען און צופאסן זיי צו די פאָדערונגען פון לעבן. זיי זײַנען צוויי פרעמדע און קעגנזעצלעכע מענטשן און זייער סינע וואקסט, ווי קראָפּעווע אף מיסט.

קריטשעווסקי האָט ליב צו לאָזן וואקסן גרינס און בלומען בא זיך אפן פענצטער. ער גיט אָפּ דערדאָזיקער אומשולדיקער פארווײַלונג ניט זייער קיין סאך צײַט, אָבער ער איז גליקלעך, ווי א קינד, ווען ער קאָן אָנכאפּן טײַבלען בא האנט און צופירן זי צום פענצטער:

— זע, וואָס עס איז אויסגעוואקסן!

און וויקטאָר האָט ליב צו צופּן צו איינציקע בלעטלעך פון דידאָזיקע בלומען, ווען ער פארטראכט זיך איבער עפּעס.

קריטשעווסקי צעאקערט יעדעס מאָל אף דאָסנײַ די רויערד פון זײַן הארץ, ווען ער טרעפט אן אָפּדאכלאָזן, א שיכורן, א הונגעריקן, א פּראָסטיטוטקע, א לומפּ, א קאליקע. ער שלעפּט זיך מיט זיי ארום, עסט און טרינקט מיט זיי און איז מיט זיי פּאניבראט, און אָפּט ברענגט ער זיי צו זיך אין צימער. און וויקטאָר רופט עס אָן קלייןבירגערלעך־אידעאליסטישע פילאנטראָפּיע און קלינגט

אין געזונט־אָפּטייל, מע זאָל קומען א דעזינפּעקציִע מאכן, ווייל בא יאָסעפן האָבן סיפיליטיקער און טיפּאָזנע געזעכטיקט.

צו קריטשעווסקין קומען אָפּט ארבעטער צו גיין. עס קומען יונגע און אַלטע, מיט אָפּענע העלדזער און האָריקע ברוסטן, אין הויכע שטיוואַלעס אין באָבריקענע שווערע מאנטלען אום ווינ־טער, אין גראָבע לייוונטע העמדלעך און סאנדאלן אף די באָר־וועסע און בלאָטיקע פיס אום זומער. נו, יאָ, עס טראָגט פון זיי מיט שווערן שווייס, אָבער זייערע שטימען זיינען הויכע, און אנדערע שרייען און דערציילן אים אף יידיש וועגן דער ערשטער און צווייטער קרינקער רעפּובליק פון די יידישע גארבער־ארבע־טער. זייער קאָל לעכערט די ווענט, און ווען זיי גיבן א רעד ארויס: — מיר זיינען געווען, זיינען מיר! — ווערט די רויערד פון זיין הארץ אף דאָס ניי צעאקערט, און ער גיט זיך א טרייסל און א דערמאָן מיט א ליכטיקער פרייד, ווען אויך ער איז גע־ווען, איז ער אין די הייסע שלאכטן פאר אָקטיאבער און ער וועט נאָך זיין, וועט ער...

נאָר וויקטאָר שטערט אים. ער לויפט אריין צו אים אין צי־מער און בלייבט שטיין אפן שוועל. ער כאפּט זיך פארן קאָפּ און פארשטאָפּט בא זיך די אויערן. קריטשעווסקי קאָן ניט ביישטיין דעם גרויסן ניסאָיען און גיט א זאָג צו אים:

— וויקטאָר, ווען דו זיצסט בא זיך אין צימער מיט פאר־שטאָפּטע אויערן, וואָלטן מיר איינער דעם אנדערן ווייניקער גע־שטערט. הא?

אָבער קריטשעווסקיס פרייד איז צעריסן. זיינע געסט הייבן זיך אוף און פארלאָזן זיין צימער. ער בלייבט איינער אליין מיט וויקטאָרן אין דער דירע, און דער צימער, וואָס שטייט צווישן זיי, איז פארשלאָסן. דאָס איז טייבלס צימער. פריִער פלעגט זי אים לאָזן אָפן, נאָר זינט קריטשעווסקי האָט אין דעמדאָזיקן צי־מער אומישנע פארבראכט א פּאָר שאָ, קעדיי דער ערשטער צו דערזעען זי, — פארשליסט זי אים און ווען זי איז ניטאָ, האָט קיינער אהין קיין צוטריט ניט.

ער איז אליין מיט אים אין דער גאנצער דירע, און ער האָט ניט קיין אנדער ארבעט, ווי זינגען אף א קאָל. וויקטאָר קלאַפּט

אין דער טיר, וואָס פירט פון זײַן צימער אין טײַבלס אַרײַן, און קריטשעווסקין דוכט זיך, אַז ער שיט פינף קלעפּ מיטאַמאָל: מיט ביידע פּיס, מיט ביידע הענט און מיטן קאָפּ. קריטשעווסקי פאַרשטאָפּט זײַנע אויערן און זינגט. בײַ פאַרשטאָפּטע אויערן דוכט זיך אים אויס זײַן געזאַנג העכער און שטאַרקער און וויק־טאָרס קלעפּ — ווײַטער און פאַרשטיקטער, ווי די קאַנאָנאַדע פון אַן אָפּטרעטנדיקן טוינע.

אַזוי גייען אָן צווישן זיי די שלאַכטן. פריִער קומען זיי פאָר איין מאָל אין אַ כוידעש. דערנאָך ווערן זיי אָפטער. נאָך יעדער שלאַכט קאָן יעדער איינער פון זיי פאַרקניפּן בײַ זיך אין זיקאָרן אַ פּאָר גלענצנדיקע ניצחוינעס איבערן סוינע. אָבער אויך אַ פּאָר מיִעסע דורכפאַלן, וועלכע פאָדערן אומבאַדינגט רעוואַנש.

ווען קריטשעווסקי מיט וויקטאָרן האָבן זיך צום ערשטן מאָל דערזעען — דאָס איז געווען דאַן, ווען ער איז געקומען רופן טײַבלס מאַמע, די אַקושערקע, צו דער קראַנקער — האָבן זיי זיך ברידערלעך דורך טײַבלען פאַרבונדן. קריטשעווסקי האָט אים דאַן איבערגעגעבן, אַז דאָס האָט ער זייער טעלעפאָן־געשפּרעך גע־שטערט, און ער דאַרף אויף אים קיין פאַריבל דערפאַר ניט האָבן. וויקטאָר האָט דאַן וואַרעם זײַן האַנט געדריקט, און צו דער גאַנ־צער ביטערקײַט פון זײַן בײַזײַן בײַ אַזאַ מין טויט איז צוגע־קומען דאָס זיסע יאָדערל פון אַ כאַוורישן האַנט־דרוק. שפּעטער זײַנען זיי געוואָרן גלײַכגילטיק איינער צום אַנדערן, מאַכמעס יעדער איינער האָט בײַ זיך אין האַרצן דעם צווייטן אַנולירט. דערנאָך זײַנען זיי געוואָרן ביטערע סאָנים און אָנגעהויבן שלאַכטן פירן.

דער לעצטער שלאַכט איז אויסגעבראָכן, ווען דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן.

דאָס קינד איז קראַנק געוואָרן אויף אַ שווערער אינפלוענץ פּונקט צו דער צײַט, ווען קריטשעווסקי האָט זײַן אורלויב גע־האַט. ער איז געגאַנגען מיטן קינד שפּאַצירן און האָט אים גע־וויס פאַרקילט. עס איז אים געווען שווער פון דעמדאָזיקן געפיל, און ער האָט עס טײַבלען דערציילט. זיי האָבן אין צווייען בא־שלאָסן אַריבערטראָגן דעם קינדס בעטעלע צו אים אין צימער.

זיי האָבן אויך באשלאָסן, אז אין זײַן צימער ווערט אַף יעדן פאל אריַינגעטראָגן נאָך א דיוואן — פאר טײַבלען. אויב דאָס קינד וועט זיך פילן ערגער, וועט אין די פרײַע שאָען טײַבל אים העלפן אכטונג געבן אפן קינד. דעם דיוואן האָט מען גענומען פון וויקטאָרס צימער. דעם קינד האָט זיך ניט זייער שנעל געבעסערט, און איין נאכט האָט עס געהאט גאָר א שווערע — דער קריזיס איז דאן געווען. טײַבל האָט יענע נאכט בא קריטשעווסקין אין צימער פארבראכט, און אַף מאָרגן איז זי אליין אנידערגעפאלן. אירע אויגן האָבן זיך מיט א מוטנעם הײַטל פארצויגן, און קריטשעווסקי האָט זײַן האנט צו איר שטערן צוגעלייגט. זי האָט אַף אים אירע אנטצונדענע אויגן פארוואָרפן. אָן סאָפעק — זי איז קראנק. זי האָט זיך צוגעלענט אין זײַן צימער אין דיוואן און פארבראכט אזוי די גאנצע נאכט. באנאכט איז איר היץ אויך געשטיגן, און קריטשעווסקי האָט געטון דאָס אלץ, וואָס דער דאָקטער האָט פאראָרדנט. דער דאָקטער האָט אויך געראטן לאָזן טײַבלען אין דעם צימער, ווו דאָס קינד איז געלעגן, און דעם צימער איזאָלירן. אזוי האָבן זיי געטון.

אָבער אין יענער נאכט האָט טײַבל אסאך גערעדט פון היץ, און וויקטאָר האָט דאָס אלץ געהערט.

יעדער מענטש האָט א גרויסע באדערפעניש צו האָבן כאָטש איין מענטשן אזעלכן, וועמען ער זאָל ניט דארפן ליגן זאָגן. דאָס איז א באדערפעניש, אָן וועלכער עס איז זייער שווער אויסצוקומען. נאָר יעדער מענטש האָט אויך זײַנע באהאלטענע פארלאנגען, וואָס שרעקן אים אין זײַן וואכזײַן אזוי שטארק, אז ער שרײַט וועגן זיי אין זײַן שלאָף אָדער היץ. טײַבלען האָט אין איר וואכזײַן געצויגן צו קריטשעווסקין, און זי האָט זיך פאר דעמדאָזיקן געפיל געשראָקן. דעריבער האָט זי גערעדט פון היץ אזוינס, וואָס איז נאָך ניט געווען, נאָר וואָס האָט געקאָנט זײַן, וואָס וועט געוויס זײַן. וויקטאָר האָט אירע רייד געהערט, און דאָס האָט צוגעגרייט די גענעראלע שלאכט צווישן אים מיט קריטשעווסקין.

אינמיטן נאכט איז טײַבל פלוצלינג אופגעשפרונגען פון איר אָרט אפן דיוואן. זי האָט זיך אנידערגעזעצט, ארונטערגעבויגן

די פיס אונטער זיך און פארוקט זיך אין א ווינקעלע. זי האָט אין יענער מינוט געהאט זייער גרויסע דערשראָקענע אויגן, און די הענט אירע האָט זי אַף דער פּלייצע פארוואָרפן, ווי עמעצער וואָלט זיי געוואָלט נעמען און זי וואָלט ניט געוואָלט געבן. איר פּאָנעם האָט קעסיידער געביטן דעם אויסזעען. לעכאטכילע איז דאָרט געלעגן דער שטעמפּל פון טיפסטער בלוט־באליידיקונג, דערנאָך איז ער בלאס געוואָרן. דערנאָך האָט ער באקומען א נאָרמאלע פיבער־פארב, און די אויגן אירע זײַנען פול מיט טרערן געוואָרן. טײַבל האָט געוויינט. ווען קריטשעווסקי האָט בא איר געפרעגט, פון וואָס זי וויינט, צי טוט איר עפּעס ניט ווײ, האָט זי איר קאָפּ פון אים אָפּגעקערט און ניט געוואָלט רעדן מיט אים.

אין זייער קאָמונע איז פון דער ערשטער רעגע געווען אײַנגעשטעלט א רעגילעס, אז קיינער מישט זיך ניט אין קיינעמס פּערזענלעכע אינטערעסן און באציִונגען. זיי זײַנען געווען א קאָלעקטיוו פון איינצלנע דערוואקסענע מענטשן, וואָס יעדער איינער פון זיי איז נאָך אויסער דעם געווען אן איינס פון א גרעסערן קאָלעקטיוו — פון זײַן פאבריק, אנשטאלט, ווו ער האָט געארבעט און ווו די פעטסטע און פרוכטבארסטע צײַט פון זײַנע טעג זײַנען אוועק. אפילו די אלטע לײַט האָבן זיך צו אזא אָרדענונג צוגעוווינט, און קיינער האָט זיך ניט געוווּנדערט דערויף, וואָס טײַבל איז בא קריטשעווסקין אין צימער — אזוי פּאָדערט די היגיִענע און אזוי דאַרף עס זײַן.

אָבער טײַבל האָט גערעדט פון היץ, און וויקטאָר האָט זיך דערצו צוגעהערט.

א ווײַלע נאָכדעם, ווי טײַבל האָט איר קאָפּ פון קריטשעווסקין אָפּגעקערט, האָבן אירע אקסלען אָנגעהויבן אופצאפּלען. טײַבל האָט געכליפּעט. ווען קריטשעווסקי האָט זי אויסגעדרייט מיטן פּאָנעם צו זיך, איז זי א היסטעריקע באפאלן, און זי האָט כליפּעדיק געשטאמלט:

— א בראָך... אן איבערבראָך...

— וואָס?

— איינער... צוויי...

— וואָס ציילסטו?

— מענער...

— טײַבל, טײַבל, באַדאַכט זיך, וואָס רעדסטו? וואָס באַטײַט עס? וועגן וועמען רעדסטו?

— אַזוי... דערנאָך איז שוין גיך... דרײַ... פיר... צען... הונדערט...

— אָבער וועגן וועמען רעדסטו? רוף אָן אַ נאָמען!

— וויקטאָר – איינער... דו — דער צווייטער...

דערנאָך האָט זי זיך צעלאַכט:

— מע קאָן טאַקע מיינען... איר אומשולד באַווײַנט זי!

קריטשעווסקי האָט זיך געכאַפּט, אַז ער האָט ניט אַלץ געטון, וואָס דער דאָקטער האָט פאַראָרדנט. ער האָט טײַבלען מיט גוואַלד אַפּן דיוואַן אַנידערגעלייגט, אָנגעפילט דעם פּענכער מיט אײַז און צוגעלייגט איר צום שטערן, זי האָט זיך אַביסל באַרויִקט און איז אײַנגעשלאָפן. קריטשעווסקי האָט זיך אויך באַרויִקט און געזעצט צום טיש. און דאַן האָט זיך אַפּן שוועל פון זײַן צימער וויקטאָר באַוויזן. ער איז פון זײַן אָרט אופגעשפּרונגען:

— וויקטאָר!

— הער אויס, קריטשעווסקי...

— ניין, ניין, וויקטאָר... ניט איצט... זי איז נאָר־וואָס אײַנגעשלאָפן...

אין דער מינוט האָט קריטשעווסקי געפילט צו וויקטאָרן אַ נאָענטע וואַרעמע פרײַנטשאַפט. פונוואַנען דאָס האָט זיך גענומען צו אים, האָט ער אַליין ניט געוווסט, נאָר ער האָט וויקטאָרן די אַקסלען געגלעט און האָט געשמייכלט צו אים:

— דו האָסט געהערט די רעדע, וואָס זי האָט געהאַלטן?

וויקטאָר האָט זיך פאַרקרימט און אַ דריי געטון מיט די אַקסלען, און ס'איז שווער געווען צו פאַרשטיין, וואָס ער וויל דערמיט זאָגן אָדער טון: קריטשעווסקיס הענט פון זײַנע אַקסלען אַראָפּוואַרפן, אָדער אָפּלייקענען און זאָגן, אַז — ניין, ער האָט ניט געהערט איר רעדע און אים אינטערעסירט דאָס ניט. אַ איבלדיקן ווידערגעפיל האָט דערדאָזיקער זשעסט בא קריטשעווסקין אַרויסגערופן. זײַנע הענט זײַנען אַליין פון וויקטאָרס אַקסלען

אראָפּגעפאלן, און זײַן סינע צו אים האָט ווידער העל אופגע־בליט. ער האָט א קוק געטון אף טײַבלען און א זאָג געטון צו וויקטאָרן:

— וואָס קריגסטו זיך אזוי? וואָס פאלשעוועסטו אזוי?

וויקטאָר האָט זיך פון צימער ארויסגערוקט, און צום שוועל זײַנען זײַנע ווערטער געפאלן:

— נו, גוט... איז מאָרגן...

אָך, ווי ס'איז קריטשעווסקין אלץ מיטאמאָל פארמיִעסט גע־וואָרן! די שטוב מיט דער קאָמונע מיט די אלע קליינינקע מענטשלעכע אינטערעסן! אים האָט זיך פארוואָלט אביסל פרײַע לופט א שלונג טון, און ער האָט מיט איין שטופּ מיט דער האנט דעם פענצטער אופגעמאכט, אָבער גלײַך דערמאָנט זיך אָן די צוויי קראנקע און צוריק פארמאכט, געבליבן זיצן, ווי אין טפיסע.

און אף מאָרגן האָט וויקטאָר מיט אים זײַן געשפּרעך געהאט.

ס'איז געווען הארבסט. ס'האָט געכליופּעט א רעגן. די קראנ־קע זײַנען פיל מונטערער געוואָרן. בא זייער בעט האָט זיך די אלטע געזעצט. וויקטאָר האָט אים אין גאס ארויסגעשלעפּט. ער וויל אלץ קלאָר מאכן.

— וואָס איז דען דאָ קלאָר צו מאכן, וויקטאָר?

— דו ביסט מיט איר פארבונדן?

— מיט וועמען?

— מיט טײַבלען?

— יאָ.

וויקטאָר האָט עפּעס אין זיך דערשטיקט און א פרעג געטון:

— געשלעכטלעך?

— ס'איז דען דער שטארקסטער בונד?

— איך פרעג דאָך, פארוואָס ענטפערסטו מיר ניט אף מײַן פראגע?

— ניין, געשלעכטלעך — ניט.

— פּאָדליעץ, — האָט וויקטאָר דערויף געענטפערט און איז אוועק פון אים.

קריטשעווסקי איז איינער אליין געבליבן שטיין אונטערן רעגן. ס'איז אים אָבער גאָר פריילעך געוואָרן. דאָס אָרט, ווו ער איז

געשטאנען, האָט אים אויסגעוויזן ווי א וואָקזאל אף א קנופּ־סטאנציע. ער קאָן זיך איצטער פאָרן פונדאנען, וווּהין ער וויל. וווּהין זאָל ער טאקע פון דערדאָזיקער סטאנציע פאָרן?

ער איז אוועק צו ווערע זילב. ער האָט איר אלץ גענוי דערציילט און געביטן זיך מיט איר מיט די צימערן. א שטיק צייט האָט ער אזוי געלעבט אָפּגעזונדערט פון דער קאָמונע און טייבּלען ניט געזען. און איצט טראָגט אים דער צוג צו יענער שטאָט, ווו טייבּל מיטן קינד לעבן. היינט אינאָוונט וועט ער זיין בא זיי. ער וועט ארויסשלעפּן טייבּלען פון שטוב און וועט אוועק מיט איר אין א פארוואָרפענעם אונטערשטאָטישן ווינקל און וועט איר דערציילן, ווי שווער עס איז אים אָן איר, ווי פארמיעסט עס זיינען אים געוואָרן אלע זיינע צופעליקע פארבינדונגען. ער וועט היינט דערמיט פארענדיקן, און מאָרגן גייט ער אין בוי־קאָמיטעט. זיי שטייען דאָרטן קאפויר, מיט די קעפּ אראָפּ. מע טאָר קיין איין מינוט צייט ניט פארלירן. ער קאָן זיך אויסגעצייכנט באגיין אָן א היים. היינט אינאָוונט וועט ער קלאָר מאכן זיין פערזענלעכע לאגע, קעדיי מאָרגן וועגן דעם מער ניט טראכטן.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. קריטשעווסקי האָט זיך א וואָרף געטון צו זיין קאבינקע. אין רעגן־געקלאפּ האָבן זיך דערהערט צוויי הייזעריקע קלונגען פון א גלאָק. ניין, ער איז נאָך ניט געקומען. דער צוג גייט ווייטער. דאָס איז די לעצטע סטאנציע פאר דער שטאָט, וווּהין ער פאָרט.

קריטשעווסקי האָט זיך צוריק צו זיין אָרט באם פענצטער געשטעלט און א טראכט געטון, אז ווען מע וואָלט געקאָנט אף אונדזער בויונג־פּעריאָד אינגאנצן אויסשליסן דאָס פערזענלעכע לעבן, וואָלט די ארבעט געוויס געגאנגען בעסער און מיט א שנעלערן טעמפּ. בויען דרויסן און איבערבויען זיך אינעווייניק — א שווער שטיקל ארבעט. אנדערש קאָן עס ניט זיין?

און פלוצלינג איז אים באפאלן א הייסע פרייד פון געדאנק, אז עס קאָן זייער זיין, אז טייבּל מיט מיין זאָלן קומען אפן וואָקזאל אים באגעגענען. עס האָט אים דאָס בלוט אין קאָפּ א שלאָג געטון, און ער איז הארטער צו דער שויב צוגעפאלן און געשטאנען דאָרטן ביזן סאמע וואָקזאל.

ניין. קיינער באַגעגנט אים ניט. ער איז רויט געוואָרן פון כּאַרפּע. ער האָט זיך געשעמט מיט זײַן געניויער טעלעגראַמע, וואָס ער האָט הײַנט אינדערפרי טײַבלען געשיקט. אין דער טעלעגראַמע האָט ער געבעטן, זי זאָל קומען מיט מײַען צום וואָקזאל. זיי זײַנען ניטאָ. די טעלעגראַמע איז געווען איבעריק. ער איז א ווײַלע געשטאַנען אַף די ברייטע טרעפּ, וואָס פירן פון וואָקזאל אין שטאָט אַרײַן. א ביס געטון אין שטילן פּאַרדרוס דעם נאָגל פון זײַן גראָבן פינגער און מיט גלאַסענע טריט אַוועק אין שטאָט.

.2

אומגעפּער אין א כוידעש אַרום, נאָכדעם ווי יאָסעף קריטשעווסקי איז פון דער קאָמונע אַוועק, איז אין איינעם א פאַרנאכט וויקטאָר צו טײַבלען אין צימער אַרײַן.

עס איז געווען פרילינג. אין הויף פון דער קאָמונע איז געווען א סאָד. דער סאָד האָט געבליט. די בלימעכן האָט געדופט ביז צום פערטן שטאָק אַרויף. טײַבל איז געזעסן אַפן שוועל פון אָפענעם פענצטער און געלייענט. ווען וויקטאָר איז אַרײַן, האָט זי לעבאַטכילע אופגעצאַפּלט, דערנאָך האָט זי זיך גלײַך באַרויִקט און פאַרגעזעצט איר לייענען.

ס'איז געווען אַרום נײַן אינאָוונט, און מײַע איז שוין געשלאָפן. מײַע האָט איצט געלעבט בא טײַבלען אין צימער. דאָס קינד איז געוואַקסן, און די ערשטע ווערטער אָנגעהויבן פּלאַפּלען. טײַבלען האָט זי גערופן מאַמע, די אַלטע — באַבע, דעם אַלטן — זיידע, טײַבלס ברידער — פעטער, ווי א יעדער אַנדער קינד אין א יעדער אַנדערער פאַמיליע. נאָר קיין טאַטן האָט עס ניט געהאַט. וויקטאָר איז אויך געווען פאַר איר א פעטער — א בייזער און א בערויגעזער. אין שטילע מינוטן האָט טײַבל צום קינד אַזוי גערעדט:

— שלאָף, קלייניטשקע, דײַן טאַטע איז ניטאָ... ער איז אַוועקגעפאָרן... טו—טו—טו... ווען ער וועט צוריק קומען, וועט ער דיר א בער ברענגען...

א כוידעש צײַט האָט וויקטאָר אויסגעמיטן טײַבלען. זי האָט וועגן זײַן געשפּרעך מיט קריטשעווסקין ניט געוווּסט און ניט גאָר באַנומען דעריבער יאָסעפס פּלוצלינגדיקן אַנטלויפן פון דער

קאַמונע. אין איר באַהאַלטענעם פרויען־געמיט האָט זי געטראַכט, אַז געוויס האָט יאָסעפֿן באַליידיקט איר פּלאַפּלעניש פון היינט. אירע רייד פון היינט האָט זי אַביסל אַליין געדענקט, און אַביסל האָט איר די מאַמע אירע וועגן דעם דערציילט.

נו, יאָ, — האָט זי אָפּט פאַר זיך געטראַכט, — יאָסעף איז אַן אַנדער מענטש, ער האָט מיך אַלס פרוי אַפילע אין זינען ניט געהאַט. דער מענטש איז פּאַשעט געוואָרן אַן אייגענער. וואָס הייסט אַן אייגענער? אַ ברודער, — און זי האָט איר געדאַנק אַר־מישנע אָפּגעשטעלט, ווײַל זי האָט ניט געוואָלט צעטיילן די גע־פילן: ווי אַ ברודער איז ער איר זייער אַנגענעם, נאָר זי בענקט ניט אַזוי שטאַרק נאָך אים. ווי וואָלט ער געווען פאַר איר אַלס מאַנספּאַרשוין, ווייס זי ניט, נאָר דאָס האַרץ בענקט. נאָר ער איז אַוועק, — האָט זי ווידער געבראַכט, — און ס׳איז ניטאָ וואָס צו קאַוועטשען. ווען עס וועט באַ איר איבערברענען, וועט זי אים אויסזוכן און צוריק אין דער קאָמונע ברענגען, זי וועט דעמאָלט קאָנען לעבן דאָ מיט אים ווי מיט אַן אייגענעם. נאָר פאַרוואָס אַנטלויפט פאַר איר וויקטאָר, האָט זי קיין אַנונג ניט. זי איז גע־נוג אָנגעלאָדן מיט אַלערליי אַרבעטן, אַז זי זאָל זיך נאָך וויק־טאָרן ניט נאָכיאָגן, אָבער ער איז דאָך אויך ניט קיין פרעמדער! און אַז ס׳ווערן פאַרמיִעסט אַמאָל אַלע אַרבעטן, און ס׳ווילט זיך פּאַשעט אָפּרוען מיט אַ נאָענטן מענטשן...

איז זי איינמאָל אַזוי אַרײַן צו וויקטאָרן.

וויקטאָר איז דאַן געזעסן באַ זײַן טיש און קלוימערשט גע־אַרבעט. זי האָט גוט געזען, אַז ער טוט גאָרניט. זי איז צוגע־גאַנגען צו אים פון הינטן און אַרומגענומען זײַן האַלדז. עס איז איר געווען ניט זייער אַנגענעם דאָס צו טון, ווײַל פריִער, ווען זי האָט זיך קיינמאָל ניט פאַרטראַכט דערוף, צי זי האָט וויקטאָרן יאָ ליב, צי זי האָט אים ניט ליב, האָט זי אָבער געוווּסט, אַז וויקטאָר האָט זי שרעקלעך ליב, און איר איז עס אַנגענעם. איצט האָט זי דאָסזעלבע געוווּסט, און עס איז איר שווער געווען דער־פון. נאָך די אינערציִע האָט געדויערט: צו 25 יאָר באַדאַרף אַ יעדע פרוי אַ מאַן, וואָס זאָל קאָנען זײַן אַ גוטער כאַווער, ניט זייער שטאַרק נאָכלויפן נאָך דײַן קליידל, אָבער ליב האָבן אַזוי,

אז אויב ס'וועט זיך מאכן און דו וועסט קראַנק ווערן אַף אַ האַלבע שאָ אַף דערדאָזיקער קרענק, וואָס הייסט — ליבע, זאָלסטו עס האָבן און שאַפן זיך די איליוזיִע, אַז דו ליבסט און ווערסט געליבט. אַזוי איז געווען פריִער. אין לעצטן יאָר איז געוואָרן אַנדערש. יאָסעף האָט זיך באַוויזן. אין זײַן ווײַטקײַט איז ער צענדליקער מאָל נענטער פאַר וויקטאָרן און דאָס האַרץ — אויב עס בענקט — בענקט עס נאָך אים. האָט זי דעריבער גיך זיך געכאַפּט, אַז וויקטאָרן האָט זי קיינמאָל ניט ליב געהאַט און יאָסעפן, קאָן זײַן, וועט זי אַמאָל יאָ ליב האָבן און, מעגלעך, זייער שטאַרק. נאָר יאָסעף איז ניטאָ און די אינערציִע דויערט — האָט זי מיט פאַרמאַכטע אויגן, פון הינטן, וויקטאָרס האַלדז אַרומגענומען. נאָר וויקטאָר האָט עס אָנגענומען פאַר אַ פאַלשן זשעסט און האָט גראָב און בײַז די הענט אירע צעריסן און אַראָפּגעשלײַדערט זיי פון זײַן האַלדז. טײַבל האָט זיך צעלאַכט. בײַ איר איז איצטער געווען אַ געמישטער געפיל פון פרייד און אומעט. פריילעך איז איר געווען, ווײַל אַף אַ רעגע האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז וויקטאָר האָט זי שוין ווירקלעך ניט ליב, און אים וועט ניט שווער זײַן זיך שיידן מיט איר, און אומעטיק — ווײַל אַ ניט באַפרידיקטע איז זי דאָך געבליבן. זי האָט דאַן אַ ווײַלע געקוקט אַף זײַן פלייצע און איז אַרויס פון זייער צימער. זי האָט דאַן קיינע באַשלוסן ניט אָנגענומען. נאָר וואָס אַ טאָג ווײַטער, עס איז אַוועק פון יענעם פאַרנאַכט, אַלץ שטאַרקער איז בײַ איר געוואָרן די איבערצײַגונג, אַז מיט וויקטאָרן וועט זי אין קורצן זיך פאַנאַדערגיין.

דערדאָזיקער פאַל האָט פּאַסירט אַ טאָג צען נאָכדעם, ווי קריטשעווסקי איז פון זייער דירע אַוועק. און אין דרײַ וואָכן אַרום איז וויקטאָר צו איר צימער אַרײַן.

צו יענעם מאָמענט איז שוין וויקטאָרס געמיט געווען שטאַרק געבראָכן. עס האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן די פערזענלעכע באַציִונגען פון דעמדאָזיקן דרײַלינג — וויקטאָר — טײַבל — יאָסעף, — עס איז עפּעס מער. וויקטאָר איז ניט צופרידן ניט מיט יאָסעפן, ניט מיט טײַבלען. דאָס איז וואָר. פריִער האָט אים טײַבל אופגעהויבן אַף לײַכטע פליגלען. מיט דערדאָזיקער פרוי איז אים

ליכטיקער און פריילעכער געוועזן און ער אליין, — האָט ער גע־
טראכט, — נוצט זיך אויס ברייטער, טיפער, מער, ער איז פּאָשעט
קליגער און ארבעטפעיִקער, ווען ער איז מיט איר. ווי אזוי
אזעלכע זאכן פּאסירן, האָט ער ניט געוווסט, אָבער פאר אים איז
דאָס געווען א פאקט, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אָפּלייקענען,
און דעריבער איז זי אים געווען אזוי טײַער. ווען יאָסעף האָט
זיך באוויזן, און אים האָט זיך אָנגעהויבן אויסדוכטן, אַז דער
באָדן גליטשט זיך ארויס פון אונטער זײַנע פיס, אז טײַבל ווערט
ניט זײַנע — איז ער דערפון געוויס אומצופרידן געווען. יאָסעפס
זאָרגלאָזע און פריילעכע באציִונג צו אים האָט אים אויך ניט
קנאפּ גערייצט און געערגערט. אָבער דאָס זײַנען אלץ געווען
פערזענלעכע באציִונגען, און ער האָט זיי געקאָנט שטיקן אין זיך.
אָבער ווען אין בוי־קאָמיטעט האָט מען זײַן פּראָיעקט דורכגע־
וואָרפן און געשיקט יאָסעפן קיין איליטשעווקע די זאך אפן אָרט
אויספאָרשן, האָט עס אים געגעבן אזא קלאפּ, נאָך וועלכן ער
האָט זיך ניט געקאָנט אופהייבן צו זײַן פריִערדיקער הייך. פון
איין זײַט האָט ער געמוזט זיך אליין מודה זײַן, אז זײַן פּראָ־
יעקט איז א שלעכטער, א געמאכטער, אָן א טראָפּן פרישן פײַער;
פון דער צווייטער זײַט, האָט זיך אים געדוכט, אז דעם פײַער
האָט בא אים יאָסעף אוועקגערויבט אין מיטן העלן טאָג, און אלע
נעמען דאָס אָן פאר יאָסעפס אָן אײַנגעבוירענע אייגנשאפט, און
קיינער באמערקט ניט די ריזיקע אוולע, וואָס עס איז דאָ קעגן
אים באגאנגען געוואָרן. ס'איז פאר אים אליין געשטאנען די פּראַ־
גע, צי טויג ער פאר דער מינדסטער שעפערישער ארבעט, אָדער
ער דארף זיך פארוואנדלען אין א שלעפּ-פערד, וואָס האָרעוועט
שווער און באקומט זײַן פּאָרציִע האָבער און — ניט מער. ער האָט
קימאט ווי ניט געזעגן דעם ריזיקן זין פון דער ארבעט, וואָס
עס טוען אָפּ די מיליאָניקע ארמייען שלעפּ־פערד. אים האָט אויך
שטארק געדריקט דער געדאנק, אז ער איז דורכגעפאלן ווי א
שעפער און וועט דאָרטן אָפּהאָרעווען א לעבן ווי א קנעכטיש
שלעפּ־פערד, אין קנעכטשאפט בא די שעפער, בא די יאָסעף
קריטשעווסקיס. דאָס האָט אים געטריבן צו טײַבלען. בא איר
האָט ער געהאָפט צו געפינען דעם פונק פײַער, וואָס יאָסעף האָט

באַ אים אָוועקגעריבּט, און ווידער זיך אויפהייבּן אַף דער פריערדיקער הייך; באַ איר האָט ער געהאַפּט צו געפינען — אין לעצטן מאָל — זײַן אָפּרו נאָך שווערער שוואַרצער אַרבּעט, אויבּ עס זאָל זיך אַרויסווײַזן, אַז ער איז אַף פריידיקן לײַכטן שאַפן ניט פעיִק. ער האָט געהאַט צו זיך פאָדערונגען גרעסערע פאַר זײַנע מעגלעכקײַטן. און דאָס איז זײַן אומגליק געווען. אָבּער ער האָט געהאַט אויך געגנוג בּלינדן דראַנג צו שלאָגן זיך מיטן שטערן אין וואַנט און מיינען, אַז ער וועט אַזוי אַרום ווען ס'ניט איז לעכערן די וואַנט. הײַנט האָט זיך אים שוין אָנגעהויבּן דוכטן, אַז ער האָט שוין קימאַט אַ מערהײַט אין קאָמיטעט אַף זײַן זײַט, און דעריבּער איז ער צו טײַבּלען אַרײַן — געוואָלט זיך טיילן מיט איר מיט דער נײַס, געוואָלט אַ שעפּ טון בּאַ איר מוט פאַר זײַן ווײַטערדיקן שלאָגן זיך מיטן קאָפּ אין וואַנט.

טײַבּל האָט געהערט וועגן די צוויי פּראָיעקטן — וועגן וויקטאָרס און יאָסעפּס — אָבּער זי האָט אומישנע פון זיך געטריבּן דעם נײַגיר צו בּאַקאָנען זיך מיט זיי, זי האָט זיך אַ טראָפּעלע געשראָקן פאַרן געדאַנק, אַז אירע פּערזענלעכע געפילן קאָנען אין געוויסן גראַד בּײַטן די פאַרבּן פון די פּראָיעקטן אין אירע אויגן און מאַכן זי אָפּהענגיק. זי האָט געוואָלט בּלײַבּן פרײַ און איז געבּליבּן פרײַ. אָבּער וויקטאָרן האָט דידאָזיקע האַלטונג אירע נאָך מער אויפגערייצט, ווײַל ער איז געווען זיכער, אַז אויבּ טײַבּל וואָלט געהאַלטן פון יאָסעפּס פּראָיעקט, וואָלט זי עס אַפּישירט און אַזוי — שווײַגט זי.

איז ער אַרײַן צו איר קלאָר מאַכן, דערציילן, פרעגן. אָבּער דאָס ערשטע, וואָס האָט זיך אים אין די אויגן געוואָרפן אין טײַבּלס צימער, איז געווען — דאָס שלאָפנדיקע קינד, און פאַר אים איז פּלוצלינג קלאָר געוואָרן, אַז דאָס קינד וועט שטענדיק שטיין צווישן זיי ווי אַ וואַנט, אַז ער קאָן ניט און טאָר ניט מיט טײַבּלען רעדן וועגן וואָס עס זאָל ניט זײַן, איידער ער וועט ניט קלאָר מאַכן, ווער און פונוואַנען דאָס קינד איז. ער איז דעריבּער אַ ווײַלע געשטאַנען בּאַם שוועל, דערנאָך האָט ער זיך אַ שטול צום פענצטער גענומען און זיך געזעצט.

— טײַבל, — האָט ער צו איר געזאָגט, און אים איז שווער געווען אָנצוהייבן רעדן.

זי האָט אופגעהויבן אירע אויגן און א קוק געטון אף אים.

— איך שטער דיר עפשער איצט, ווען איך ארײַן...

— ניין, וויקטאָר, רעד.

זי האָט אוועקגעלייגט דעם בוך און צוגערוקט זיך מיטן רוקן צום בײַשטידל פון פענצטער. איצט איז זי געווען אף א פּאָר סאנטימעטער ווײַטער פון אים. אָבער וויקטאָרן האָט זיך אויסגע־דוכט, אז זי רוקט זיך אומישנע אָפּ פון אים, און דאָס האָט זײַן הארץ געשטארקט מיט פארביטערטקײַט קעגן איר.

— ווי מיינסטו, טײַבל, מיר דארפן זיך דורכשמועסן וועגן אונדזערע באציִונגען?

— אויב דו ווילסט...

— און דו?

— איך האָב נאָך גאָרניט וואָס צו זאָגן דיר.

— נאָך ניט?

— קלעפּ זיך ניט צו ווערטער, וויקטאָר. ווארף ארויס דעם „נאָך", אויב ער געפעלט דיר ניט.

— מיר געפעלן אסאך זאכן ניט. אלץ ארויסווארפן?

— צו וואָס אזעלכע פארשטעלטע רייד? וואָס ווילסטו, אייגנט־לעך, וויקטאָר?

— ווי מיינסטו, ווען איך וואָלט געבראכט א קינד צו אונדז אין שטוב, וואָלט איך דיר באדארפט דערציילן, פונוואנען דאָס קינד איז?

— אָדער יאָ, אָדער ניין.

— ס'איז א פוסטער ענטפער.

— אף א פוסטער פראגע, וויקטאָר. וואָס קען איך דיר דערוף ענטפערן?

— אין אונדזערע באַציִונגען האָט עמעצער געמאכט א גוואלד־ריס, טײַבל.

— ס'קריכן פון האלדז דײַנע בילדער, וויקטאָר.

— וועמענס קינד איז עס?

זי איז אראָפּגעשפרונגען פון פענצטער.

— וויקטאָר, נאָר וועגן דעם ווילסטו רעדן?

— יאָ.

— און איך וויל ניט.

— איך וועל דיך צווינגען.

— אָהאָ! ניט מער?

זי האָט א קוק געטון אף אים. די אונטערשטע ליפּ זײַנע האָט זיך געטרייסלט. דאָס פּאָנעם זײַנס איז געווען פארומערט און נאריש. די ברילן האָבן זיך אף דער נאָז געבראָגעזט. עס האָט זיך איר פלוצלינג דערמאָנט איר באבע מיט אירע ברילן אף דער נאָז איבערן טײַטש־כומעש. זי האָט אף אים נאָכאמאָל א קוק געטון, און עס האָט זי א מאָדנער נײַגיר אָנגעכאפּט צו פאקן יענע שטריכן אף זײַן פּאָנעם, וואָס זײַנען ענלעך געווען צו איר באבעס. זי האָט א טרייסל געטון מיט איר געשוירן קעפּל, ווי זי וואָלט געוואָלט א פליג פון זיך פארטרײַבן. עס האָט זי א ווילדע דורשט צו נעקאָמע אָנגעכאפּט. איר גאנצער געמיט איז איצט געוואָרן אָנגעגליט דורך סינע צו זיך אליין, וואָס זי האָט זיך געקאָנט פארבינדן מיט אזא מין מענטשן. זי האָט זיך געוואָלט שטעכן און דעריבער צו אים געזאָגט:

— הער אויס, וויקטאָר. איצט איז דאָס קינד אונדזערס — מײַנס און קריטשעווסקיס. אָבער ניט איך האָב געבוירן דאָסדאָזיקע קינד. איך לייקן ניט פאר דיר — איך וואָלט זיך ניט אָפּגעזאָגט צו האָבן א קינד פון קריטשעווסקין. אויב דו שטעלסט די פראגע אזוי — זאָג איך דיר: איך וואָלט זיך ניט געמיִעסט צו זײַן זײַן ווײַב. נאָר ער איז ניטאָ, און לויפן זוכן אים וועל איך ניט. דאָס קלעקט פאר דיר?

— צו וואָס פארגלעטסטו עס, טײַבל?

— ס'וועט גלײַכער זײַן, אז מיר זאָלן זיך א שטיקל צײַט ניט טרעפן. דו ווערסט מיר נימעס.

— איך מיין — מיר דארפן זיך קיינמאָל מער ניט טרעפן.

— אויב דאָס איז מעגלעך...

— פארוואָס־זשע איז עס אומעגלעך?

— ווײַל מיר זײַנען מאן און ווײַב, וויקטאָר, און מיר לעבן נאָך אין איין דירע, איז אָדער...

— מע דאַרף ניט, — האָט ער אויסגעשריִען, — איך האָב עס שוין איינמאָל געהערט פון דיר: איך וועל צו דיר קומען צו קריכן, אָדער דו צו מיר, יאָ?..

— יאָ, וויקטאָר...

— דו ביסט א נאַר און א כאַמקע... דאָס וועט קיינמאָל...

טײַבל איז בלייך געוואָרן. אירע ליפּן זײַנען פאַרשמעלט געוואָרן. זי איז צוגעגאַנגען צו אים נאָענט, אָנגענומען אים בײַ א לאַץ.

— שטיי אויף, וויקטאָר. שרײַ ניט. דו וועסט דאָס קינד אויפוועקן. פאַרלאָז מײַן צימער... די מינוט...

ער האָט געוואָלט די זאַך פאַרגלעטן און אָנגעהויבן דערציילן וועגן דער מערהײַט אין קאָמיטעט. זי האָט אױף אים געקוקט און זיך געוווּנדערט: וואָס איז עס? אידיאָטיזם אָדער א כיטרע שפּיל? זי האָט שיר ניט א טראַכט געטון: ביידע זאַכן. אין דער מינוט איז זי פּלוצלינג א שרעק באַפאַלן, — זי האָט מוירע געהאַט, עס זאָל עפּעס מיטן קינד ניט געשעען, זי איז צום בעטעלע צוגעגאַנגען, פאַריכט די דעקע און געזאָגט צו וויקטאָרן:

— וויקטאָר, איך וויל דיך ניט זידלען און וויל זיך ניט קריגן מיט דיר. מיר זײַנען צוויי פרעמדע מענטשן. ס'איז שטענדיק געווען אזוי. קאַעס זיך ניט, איך וועל צו דיר מער ניט קריכן, און דו...

ער איז בלויז געוואָרן, און זײַנע ברילן־גלעזער זײַנען אים פאַרטונקלט געוואָרן — ער האָט דורך זיי גאָרניט געקאָנט זען. ער האָט א קוק געטון אויף טײַבלען און געזען אויף איר פּאָנעם א גראָען נעפּל און א פּאָר האַלב־פאַרמאַכטע אויגן. ער איז געשטאַנען א האַלבע ווײַלע און מיט פאַרהאַלטענע טריט ארויס פון צימער.

פון דער מינוט אָן איז וויקטאָרס געמיט אינגאַנצן געבראָכן געוואָרן. איצט איז אַלץ קלאָר: ער איז איינזאַם, ער איז איינער אליין אין דער גאַנצער וועלט, דער נאָענטסטער מענטש האָט אים ארויסגעטריבן און פאַריאָגט פון זיך, דער נאָענטסטער מענטש זײַנער האָט אים מיִעס פאַראַטן מיט עפּעס איינעם א קריטשעווסקין, וואָס שטעלט זיך אים איצט אין וועג אויך אויף דער אַרבעט. די

גאנצע ריזיקע ארבעט, וואָס ער האָט דורכגעמאכט איבער זיך פון דעם מאָמענט, זינט ער האָט זײַן פּאָטערס פאַראָרעמט פּרי־ציש הויז פאַרלאָזט ערגעץ אין טאמבאָווער גובערניִע, איז געקו־מען א יונגלינג נאָך קימאט צו די נײַע מענטשן, וואָס האָבן דאָס לאַנד באהערשט, — דאָס אלץ איז איצט מיטן ווינט אוועק, און ער איז ווידער איינער אליין, א פאַרוואָרפענער, א פאַרלאָזטער, א פאַרגעסענער אפילע פון זײַנע סאָנים. טײַבל איז אים א סוי־נע — דאָס איז קלאָר, אָבער זי וויל זיך אפילע ניט קריגן מיט איר: קריטשעווסקי האָט די גאנצע ענערגיִע זײַנע אָנגעווענדט צו דיסקרעדיטירן אים אף דער ארבעט, און אין פּערזענלעכע באַ־ציִונגען האָט ער צו אים אזא מאָדנעם זאָרגלאָזן שמייכעלע, וואָס ברויזט אוף דאָס בלוט אין די אָדערן. טײַבלס ברידער זײַנען צו אים פרעמד און באמערקן אים אפילע ניט. דאָס קינד רופט אים פעטער — דאָס איז אויך טײַבלס סינע, און די אלטע רעדט אף אן אומפאַרשטענדלעכער שפּראַך, נאָר ער פילט — זי איז אים ניט קיין פרײַנט. וואָס־זשע האָט ער דאָ צו טון אין דערדאָזיקער שטוב? אָבער ווי אזוי זאָל ער זיך ארויסכאַפּן פון דערדאָזיקער שטוב, אז אויסער דער שטוב איז ער דער גאנצער וועלט א פרעמדער מענטש? ווהין זאָל ער גיין? און פאַרוואָס זאָל ער אזוי נאריש ענדיקן מיט טײַבלען צוליב א קלייניקײַט, צוליב א קינד, וואָס איז איר עפּשער (אויב ס'איז ריכטיק, אז דאָס איז איז ניט איר קינד) גאָרניט אזוי טײַער, און מע קאָן עס אויס־געצייכנט אײַנאָרדענען אין א קינדער־הויז? ווי קאָן עס גאָר גע־מאָלט זײַן, אז טײַבל זאָל אים פײַנט האָבן, וויבאלד זי האָט אים אָט ערשט, מיט כאדאָשים צוריק, אזוי הייס געגליט מיט איר פײַער און יונגן לוסט?

אזוי האָט ער געטראכט אין א פּאָר מינוט, נאָכדעם ווי ער איז פון טײַבלס צימער ארויס. ער איז דאן צו זיך אין צימער ניט אוועק. ער האָט ארומגעשפּאנט מיט שטילע טריט איבערן לאנגן און האלב־טונקעלן קאָרידאָר, ווײַל אים איז דאָ אנגענעמער געווען דערפון צו טראכטן.

דער קאָרידאָר איז געווען צעטיילט אף צוויי העלפטן. די העלפטן זײַנען געווען פאַרייניקט דורך א טיר. ער האָט זיך

דערמאָנט, אז אין יענער העלפט קאָמונע איז ער נאָך קימאט קיינמאָל ניט געווען. דאָרט וווינען די אלטע, דאָרט וווינט ווערע זילב. ער האָט די טיר געגעבן א מאך אוף:

— קיינער איז דאָ ניטאָ?

— קיינער ניט, — האָט א שטילע שטים געענטפערט.

— און איר?

— איך גיי אוועק.

ער האָט די פיגור אין קאָרידאָר בא א האנט אָנגעכאפּט:

— דאָס זײַט איר, כאווערטע ווערע?

— איך.

— איך גיי מיט אײַך.

— קומט.

— וווהין?

— אלציינס. מיר איז לאנגווײַליק אין שטוב.

— מיר אויך, — האָט ער זיך א כאפּ געטון, און עס האָט אים אף א רעגע פארדראָסן, וואָס ער האָט זיך מיטן וואָרט ארויס־געכאפּט. אָבער ער האָט עס גלײַך פאריכט:

— בא מיר איז עס א צופעליקײַט... דעריקער...

זי האָט געשמייכלט:

— דעריקער, יעדער מענטש איז א בוים פאר זיך.

— יאָ, — האָט ער זיך דערפאר אָנגעכאפּט, — דעריקער, וואָס דו ביסט אליין, איינגאנצן איינזאם... ניטאָ ארום דיר קיין איין עכטער מענטש...

זי האָט נאָך אלץ געקוקט אף אים מיטן זעלבן שמייכל:

— איך האָב ניט געוווּסט, אז איר זײַט אזא...

— א וועלכער.

— א זוכער.

— א זוכער, — האָט ער א פארטראכטער איבערגעכאזערט, — דאָס הייסט א מענטש, וואָס זוכט, יאָ?

— נו, יאָ. איר זאָגט דאָך, אז איר זײַט אליין, איינזאם... איך פארשטיי עס אויסגעצייכנט...

— יאָ, יאָ, — האָט ער זיך אָנגעכאפּט, — אזוי, ווען איר ווייסט, ווי שווער עס איז צו געפינען אן עכטן מענטשן!

זי האָט געשמייכלט, און עס איז שווער געווען צו פארשטיין, צי זי כויזעקט פון אים, אָדער זי מיינט עס ערנסט. נאָר וויקטאָרן איז באפאלן א מאָדנע צוטרוילעכקײַט צו דערדאָזיקער פרוי. ער האָט זי פארטרוילעך און נאָענט אונטער דער האנט גענומען, און זי האָט זיך לעכאטכילע א דריי געטון, און ס׳איז ווידער שווער געווען צו פארשטיין, וואָס זי מיינט מיטן דריי — צי דערווידערט זי קעגן דעם, וואָס ער האָט זי אונטער דער האנט גענומען, אָדער זי מאכט זיך באקוועמער. סאָפּקאָלסאָף אָבער האָט זי זײַן האנט צו איר זײַט צוגעדריקט, און ער האָט דערפילט איר ווייכע און ווארעמע ברוסט.

זיי זײַנען אוועק איבער די גאסן. זיי האָבן אסאך גערעדט וועגן דער אינערלעכער אומצופרידנקײַט בא יעדן איינעם פון זיי, וואָס דאָס איז געוויס אן אויסדרוק פון דער סיטואַציִע אין לאנד.

— געוויס, — האָט ער געזאָגט, — אז מע פארגלײַכט די בילדער פון דער נאָענטער צוקונפט, וואָס מיר האָבן זיך געמאָלט, ווען מיר זײַנען אין די אָקטיאבער־שלאכטן געגאנגען, מיט דעם, וואָס דידאָזיקע צוקונפט — איצט שוין דער איצט — שטעלט מיט זיך פאָר...

זי האָט א קוק געטון אף אים פון דער זײַט:

— אוי, דאָס איז שוין אויך...

— ניין, ניין. — האָט ער מיט היץ דערווידעט, — איר באטראכט זיך נאָר: עס האָט דען געלוינט? סײַדן...

— פאר מיר זײַנען דאָס שוין אלץ געלייזטע פראגן...

דערנאָך האָט זי זיך א כאפּ געטון:

— איר האָט געזאָגט: סײַדן. סײַדן וואָס?

— סײַדן... רוסלאנד איז אזא מין אָפּגעשטאנען לאנד, אז אף איבערמאכן זי איז א בורזשואז־דעמאָקראטישער רעפּובליק דארף מען ניט ווייניקער ווי א... סאָציִאלע רעוואָליוציִע, הא? — האָט ער זיך א כאפּ געטון און אליין פארוואונדערט זיך אף דער פרישקײַט פון אזא מין געדאנק און צעלאכט זיך:

— האָ־הע... דאָס איז זייער מעגלעך. ווי מיינט איר?

— איך מיין... אלץ איז לאנגווײַליק...

— אוי, גענוג מיט אײַער לאנגווײַל! — האָט ער אופריכטיק אויסגעשריִען: — אָט קומט אהער, דאָ איז ליכטיק, מוזיק... א ציגײַנער־כאָר! א, יאָ... איר גייט?

זיי זײַנען ארײַן אין דער קיך. דער ציגײַנער־כאָר האָט דאָרט געזונגען און געטאנצט. זיי האָבן ביידע ניט קנאפּ זיך געוווּנדערט: יעדערער פאר זיך און יעדערער אף זיך.

וויקטאָר האָט געקוקט ווערען אין די אויגן און ערשט איצט רעכט באמערקט איר שענקײַט און אָנציִענדיקײַט. וואָס באטײַט עס? האָט ער זיך געוווּנדערט — הייסט דאָס, אז די גאנצע פראגע ווערט דערפירט בלויז צו איין פּונקט? וועגן צופעליקײַטן האָט ער געלײַ־ט. זײַן שטימונג איז זייער א געדריקטע שוין א היפּש שטיקל צײַט. ס'איז אים פּוסט אף דער נעשאָמע, און ער גייט ארום מיט א ניט באפרידיקטן און באליידיקטן געמיט. איצט, ווײַזט זיך ארויס, אז עס האנדלט זיך וועגן עפּעס אנדערש — עס האנדלט זיך סאכאקל וועגן א קלייניקײַט: ער האָט זיך פאר־בענקט נאָך א פרוי, פּאָשעט נאָך א צווייטן געשלעכט, און אים איז אבסאָליוט אלציינס, ווער דידאָזיקע פרוי איז — טײַבל, ווערע, מאשע, אָדער דער טײַוול ווייסט נאָך ווער דאָרטן, אבי א קליידל, א קערפּער. און דאָס אלץ, וואָס איין געשלעכט זוכט באם צווייטן? אָהאָ! — האָט ער אינערלעך טריִומפירט — טײַבל! איך האָב דעם ווונדערלעכן סאָד אנטפּלעקט. א הייסן דאנק דיר דערפאר, מײַן געליבטע פרוי! איך דארף איצט קיינעם ניט! ניין! אָט וועל איך דידאָזיקע פרוי באלד אָנצערן מיט פלייש, איך וועל זי אָנפּאָיען מיט ווײַן און וועל זיך צוריק קערן מיט איר אהיים, און אין איר צימער וועל איך זי שטיל קושן און אויסלאָדן זיך און ווערן פרײַ און מונטער פאר... קאמף. יאָ, יאָ! פאר קאמף מיט דײַן געליבטן קריטשעווסקין, פאר גרויסן קאמף! איך וועל אופהייבן דעם גאנצן ראיאָן פויערים, איך וועל זיי שוין אויסלערנען וואָס צו זאָגן — איך ווייס! אָ, דער פויערשער קויעך! דאָס איז א ריזיקער קויעך! היט זיך, קריטשעווסקי! היט זיך, טײַבל! פאר דײַן קויעך איז עס געוויס אסאך, אסאך גרעסער! דײַן קויעך, טײַבוניו, איז גאָרניט ווערט! דײַן קויעך וואלגערט זיך אין די גאסן; האָ־הע! — האָט ער אינערלעך געלאכט, — אָט קלאָגט זי זיך, אז איר איז

לאנגווײַליק, און איך װעל זי פֿריילעך מאכן, ס׳איז א טעכנישע פֿראגע, מײַן ליבער פֿרײַנט, — האָט ער זיך אליין אין אן אויער ארײַנגעשעפּטשעט,—דו דארפֿסט א פּרוי? דו האָסט זי דאָ בא דער זײַט. דו נעם זי און לאָד זיך אויס, און מאָרגן וועסטו צו דער ארבעט ווי א יונג שפּערעלע שפּרינגען און אף דער ארבעט וועסטו, ווי א היפּאָפּאָטאם בערג איבערקערן! יאָ, יאָ! — האָט אינערלעך אין אים א קאָל ווי א טרומייט געשאלט — קאמף! אָן קאמף ווערט אף דעמדאָזיקן וועלטל גאָרנישט ניט געגעבן! גאָרניט! קיין צע־פֿוילט פֿיצל שטרוי וועסטו דאָ אָן קאמף ניט באקומען. און קאמף איז — א קונסט! דערוף איז ער פֿעיִק? יאָ! ער וועט אין קאמף שלײַדערן קויכעס, גרויסע קויכעס און אליין וועט ער שטיין קי־מאט ווי פֿון דער זײַט... יאָ... ער וועט אָנהייבן פֿון איר, פֿון אָט דער ווערע זילב, וועמען ס׳איז אזוי לאנגווײַליק...

וויקטאָרס פּאָנעם איז אופּגעלויכטן געוואָרן. א זײַטיקער מענטש האָט געקאָנט מיינען, אז זײַן פּאָנעם איז דאָס אזוי שטארק אופּגעלויכטן געוואָרן פֿונעם ליכט אין זאל, פֿון ווערעס שענקײַט, פֿון די ציגײַנערנס, וואָס זינגען אזוי אומעטיק־פֿריילעך און טרייס־לען אזוי מיט די אקסלען און בריסטן, ווי זיי וואָלטן געוואָלט פֿון זיך אראָפּטרייסלען די קליידער מיטן שווערן אומעט צוזאמען און בלײַבן נאקעטע און פֿריילעכע, זאָרגלאָזע זיִען, וואָס זײַנען באשאפֿן פֿארן מאן צו טרייסטן און האָלובען אים און פֿארשלע־פֿערן אין ניט זייער פֿײַן־שמעקנדיקן גערוך פֿון זייערע לײַבער. אינדערעמעסן אָבער איז זײַן פּאָנעם אופּגעלויכטן געוואָרן פֿון זײַן געדאנקען־שווונג, וואָס האָט אים איצט אף אן ווײַלע אין אזא מין געווירבל אוועקגעדרייט. אביסל איז דער שווונג צו אים גע־קומען צו פֿליסן דערפֿון, וואָס ווערעס אויגן האָבן אף אים גע־קוקט מיט א גלי און מיט א שטילן באגער.

ווערע האָט געטראכט, אז ס׳איז איר גאָרנישט ניט פֿארבליבן אין לעבן. ער איז געערכט, וויקטאָר. זי פֿילט אפֿילע, אז אן אָדערל האָט בא איר אין הארצן זיך א צאפּל און א ציִ געטון צו דעמדאָזיקן מענטשן פֿאר זײַנע אָפֿענע און ערלעכע רייד. נו, טאקע, פּרווון פֿארגלײַכן דאָס, וואָס דו האָסט זיך פֿאָרגעשטעלט, ווען דו ביסט דאָרט אף דער דאמבע בא דער אײַזנבאן געלעגן

און געלאָשן דעם קוילנוואַרפער מיט דער פליסיקייט פונעם אייגענעם קערפער. — דערמיט, וואָס דו זעסט איצטער! דאָס איז שוידערלעך! מע דאַרף בעסער וועגן דעם ניט טראַכטן. וואָס האָט זי געזעען דעמאָלט אין יעדן שלאַכט?, פאָרויס, דאָרט פונ־וואַנען דער טויט האָט זיך געטראָגן — דאָרט איז געלעגן ניט נאָר דער סוינע, דאָרט איז געלעגן די נאָענטע צוקונפט. ווי איז גע־ווען דער נאָמען פון דערדאָזיקער נאָענטער צוקונפט? — סאָציִ־אַליזם! צו אים איז מען געגאַנגען מיט שלאַכט, דורך בלוט, יאָ! אָבער מען איז געגאַנגען אהין און ניט צוריק. מע איז געשטאַנען דירעקט מיט פּאָנעם צום סאָציִאַליזם, און איצט שטייט מען צו אים מיט דער פּלייצע. דאָס אַלץ איז פאַר איר ניט נײַ. דאָס אַלץ איז שוין טויזנטער מאָל דורכגעטראַכט געוואָרן, און קיין ענטפער איז דאָ ניטאָ. איין ענטפער אויף אַלץ: ס'איז אַ טראַגעדיִע פון אַ דאָר. זי האָט עס באַנומען און... איז געשטאָרבן. זי לעבט פאָרמעל. ניט מער. דאָס איז קלאָר... און ס'איז לאַנגווײַליק אַפילו דערפון צו טראַכטן. וואָס־זשע איז ניט קלאָר? אָ, ניט קלאָר איז. אַ קליי־ניקייט: וואָס קומט מיט איר פערזענלעך פאָר? עפּעס אַ נײַס איז בײַ איר אין דער לעצטער צײַט יאָ פאַראַן. דער ערשטער מענטש, וואָס זי האָט אַלס מאַן דערקאָנט, איז געווען יאָסעף קריטשעוו־סקי. זי האָט אים געקאָנט ניט לאַנג — סאַכאַקל אַ יאָר צײַט. אָבער פאַרן יאָר צײַט האָט ער באַוויזן אײַנצופלאַנצן אין איר געמיט עפּעס אַ מאָדנע נאָגעניש. אָפּט באַפאַלט זי דידאָזיקע שטילע נאָגעניש אין דער נעשאָמע, די באַשטימטע נאָגעניש, די נאָגעניש נאָך אַ מאַן. זינט יאָסעף איז פון איר אַוועק איז די־דאָזיקע נאָגעניש געוואָרן נאָך שווערער, ווײַל איצט בענקט זי שוין ניט דירעקט נאָך אַ באַשטימטן מאַן, נאָך יאָסעפן, וואָס אויסער זײַן גאַנצער פּוסטער זאָרגלאָזיקייט און קלוימערשטן אָפּ־טימיזם, איז ער דאָך געווען פאַר איר גאַנץ סימפּאַטיש, נאָר איר ווערט מאָדנע אַלציינס, ווער עס זאָל ניט זײַן דערדאָזיקער מאַן, וואָס וועט איר נאָגעניש פאַרטרײַבן, אַבי עס זאָל נאָר ניט עק־לען פון אים. ס'איז געגוג, אַז דער מאַנספּאַרשוין זאָל זײַן ניט זייער אַלט, געזונט און ניט זייער נאַריש — און זי קאָן זיך מיט אים צונויפגיין. אָט דאָס איז בײַ איר אַ נײַס, און דאָסדאָזיקע

הייבט זי אָן צובינדן צום לעבן נאָך שטאַרקער, איידער די אַרבעט אירע. עס באַפאַלט זי אַפּילע ניט זייער זעלטן א בענקעניש נאָך אַן אייגן קינד. דאַפקע נאָך אַן אייגנס, פון איר בלוט און פלייש. אָבער פון וועמען דאָס קינד האָבן, איז איר אויך איינגאַנצן אַלצייינס. אַבי ניט פון א קאַליקע, אַבי דאָס קינד זאָל זײַן א געזונטס. דעריבער האָט זי איצט מיט אַזאַ גלי אין די אויגן געקוקט אויף וויקטאָרן און געטראַכט, אַז מיט טײַבלען איז ער ניט קיין פּאָר, ווי זי איז ניט קיין פּאָר מיט יאָסעפן. און מיט איר — באַ איר פאַרמעגלן פונקציאָנירן — קאָן ער זײַן א מענטש באַ דער זײַט.

זיי האָבן זיך געזעצט באַ א טישל פונקט קעגנײַבער דער עסטראַדע. וויקטאָר האָט זיך אומישנע געזעצט מיט דער פּלייצע צו דער עסטראַדע. ער האָט געהאַט זײַן באַהאַלטענעם מיין דערבײַ: וועט א באַקאַנטער אַרײַן, וועט ער אים צום טישל צורופן און וועט זיך באַקלאָגן פאַר אים אויף די מעטאָדן, מיט וועלכע עס ווערט געפירט אונדזער פאָלקס־נערונג. ס'איז דאָך א קאָאָפּעראַטיווע קיך, — וועט ער אים זאָגן — און זיי שלעפּן אַהער ציגײַנער, עס קריכט די גרינע גאַל. ביטאָ ווו א גלאָז טיי רויִק אויסטרינקען! ער איז, עמעס, רויט געוואָרן פון אַזאַ מין געדאַנקענגאַנג, ווײַל ער האָט גוט געוווּסט, אַז דידאָזיקע קיך איז ניט פאַר אַרבעטער באַשטימט, אַז ער האָט אומישנע ווערען אַהער געפירט, ווײַל ער האָט זיך געוואָלט פאַר איר אויספּײַנען, געווינען איר שיינעם קערפּער, ווײַל אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די ציגײַנערנס וועלן עפּעס אַן אַרבעט אָפּטון פאַר אים — זיי וועלן די דערנעענטערונג צווישן אים מיט ווערען צוגרייטן, די דערנעענטערונג, וואָס מוז קומען נאָך הײַנט, ווײַל ער מוז זיך באַפרײַען פון זײַן בענקשאַפט נאָך א פרוי, קעדיי ער זאָל מאָרגן קאָנען גיין א זאָרגלאָזער אויף דער אַרבעט, אַזוי זאָרגלאָז, ווי קריטשעווסקי איז.

אָבער אין א צווייטן ווינקל זאל האָס ער באַמערקט זײַנעם א מיטאַרבעטער, און דער געדאַנק, אַז עס פּאַסט אים ניט זייער צו זיצן אין אַזאַ מין קיך, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן. דערדאָזיקער מיטאַרבעטער איז שוין א פּאָר טעג אויף דער אַרבעט ניט אַרויס. וויקטאָר האָט אים הויך א רוף געטון צו זיך. יענער האָט זיך

אומגעקוקט, א זוך געטון מיט די אויגן און געפונען. ער איז צו וויקטאָרס טישל צוגעגאנגען.

— וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש...

— זעצט זיך, אייסעק, מיט אונדז.

אייסעק איז געווען א יונגערמאַן אין וויקטאָרס עלטער. זײַן קאפעליוש האָט ער געטראָגן א ביסעלע אף דער פּאָטיליצע פּארוקט. זײַן פּאָנעם איז געווען גלאַט־ראזירט און שטענדיק באַשעפּטיקט. ער האָט פאר יעדן איינעם געהאט א שטרענג שמייכעלע און אן אויסדרוק: „וואָס ווייסט איר? איר זײַט א בלינדער מענטש... איך געפין זיך אין די סאמע געדיכטע און ווייס, וואָס בא „זיי" קומט פּאָר". אייסעק האָט מיט א שמייכעלע געענטפערט:

— איך קאָן ניט, וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש. בא מיר איז א קינד אף סקארלאטינע קראנק...

— א־א... איז אוועקט, אוועקט... איר וועט נאָך אונדז אָנשטעקן...

אייסעק האָט דעם הוט אונטערגעהויבן.

— יאָ, וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש.., די פראגע וועגן די קאדרען איז שוין בא מיר איננאנצן דורכגעארבעט... אלץ פּאר־טיק... אין ציפערן שפּילט אויס אײַער פּראָיעקט זייער פיל... ווען קומט דער כאווער קריטשעווסקי?

וויקטאָר האָט אף אים א קוק געטון. ער וואָלט ניט גלײַך געענטפערט אף זײַן פראגע, ווײַל ער האָט זיך אין געדאנק שיר ניט א פּאטש געטון און שטערן: זע נאָר, וועגן דעמדאָזיקן אייסעק האָט ער קימאט ווי פארגעסן. ער האָט א הארץ אף קרי־טשעווסקין — דער פּארשוין. קריטשעווסקי האָט אים ניט איינמאָל א זידל געטון: „וואָס שמייכלט איר צו מיר? איך דארף אײַער ארבעט, ניט אײַער שמייכל. ווען וועלן זײַן די ציפערן. איצט איז דאָ עפּעס וואָס צו טון מיט אים? יאָ. מע דארף אים אויס־נוצן. ס'איז קלאָר!

— וואָס פרעגט איר? האָט ער בא אים א פרעג געטון.

— ווען קומט קריטשעווסקי? ער וועט דאָך געוויס קומען מיט א קאָנטר־פּלאן.

— א... — האָט זיך וויקטאָר געכאַפּט — ניין... פאַרוואָס מיינט איר אַזוי? ער וועט נאָר קומען מיט אייניקע דערגאַנצונגען...

— איך מיין... די ציפערן זײַנען דיזעלבע... דער כאַראַקטער איז אַן אַנדערער, וויקטאָר וויאַטשעסלאַוויטש... זײַן פּראָיעקט איז אַן אוטאָפּיִע...

— ווען מיר אים פאַריכטן, אויסבעסערן, מיט געמיינזאַמע קויכעס...

— נו, יאָ, געוויס, — האָט אייסעק ערנסט אַ זאָג געטון און איז אַוועק.

וויקטאָר האָט זיך גענומען צו זײַן עסן. ער האָט אָפּגעשניטן אַ שטיקל האַלב־רוי פליש, אַרײַנגעלייגט עס אין מויל, פּאַמעלעך געקײַט און געטראַכט, אַז ער האָט עס איצט זייער גוט געמאַכט. ווערע דאַרף ניט וויסן, אַז ער ציט צו אומפּאַרטייִישע צו זײַן קאַמף מיט קריטשעווסקין, — ווערע איז אַ האַלב־פּאַרטייִישע, און ביכלאַל... דאַרף איינער פון דעם אַנדערן ניט וויסן, אין לעצטן סאַכאַקל איז יאָסעפס פּראָיעקט טאַקע אַ האַלב אוטאָפּיסטישער, נאָר ווי עס זאָל דאָרט ניט זײַן — ער וועט זיך ניט לאָזן אומ־ברענגען... ניט לאָזן און ניט לאָזן, — האָט ער געקײַט זײַן ביסן פליש און דערשלונגען עס צוזאַמען מיטן באַשלוס — ניט לאָזן זיך!

זיי האָבן אָפּגעגעסן זייער אָוונט-ברויט, פאַרטרונקען מיט שוואַרצער קאַווע און געזעסן אַ ווײַלע שטילע איינע קעגן די אַנדערע.

— נו, און איצט? — האָט וויקטאָר אַ פרעג געטון באַ ווע־רען און אַ קוק געטון איר אין די אויגן אַרײַן.

ווערעס אויגן האָבן זיך פּאַמעלעך געקוילערט און געדרייט פון איין ווינקל צום צווייטן, פון איין טישל צום אַנדערן און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף וויקטאָרן.

— וואָס האָט איר געזאָגט?

— נו, און איצט?

— איצט... קומט.

— וווּהין?

— אויף דער גאַס.

זיי זײַנען ארויס. ווערע האָט אים גענומען אונטער דער האַנט. דאָס האָט אים א טראָפּעלע פאַרוואונדערט און געשטאַרקט, סאָפּקאָלסאָף איז עס א נאַטירלעכע זאַך, — האָט ער רויִק גע־טראַכט וועגן איר, — מיר זײַנען אלע מענטשן... נאָר ווערע האָט אים געפירט גאַס-אײַן גאַס־אויס, אלץ ווײַטער און ווײַטער פון זייער קאָמונע. וווּהין איז עס? ער וועט שוין זען. דערווײַל האָבן זיי ביידע געשוויגן. יעדער איינער פון זיי האָט געפילט דעם צווייטנס שטײַפן קערפּער בא זײַן זײַט און געשוויגן. ווען זיי האָבן געשוויגן, האָט יעדער איינער פון זיי געטראַכט פאַר זיך און וועגן זיך. אָבער אף יעדן קער, אף יעדן ראָג, ווען זיי פלעגן א גאַס אריבערגיין, פלעגן זיי דערפילן איינער דעם אנ־דערן און זיך כאַפּן, אז ס'איז גוט, וואָס זיי זײַנען נאָך צוזאַ־מען — אף עפּעס וואַרט דאָך יעדער איינער פון זיי, און קאָלזמאַן זיי זײַנען צוזאַמען, קאָן נאָך דאָס וואַרטעניש עפּעס ברענגען. נאָר אף איינעם א ראָג האָט ווערע ארויסגענומען איר האַנט פון אונטער זײַן אָרעם, אופגעמאַכט איר רידיקיול, א קוק געטון דאָרט עפּעס, א שטילן קלונג געטון מיט שליסלען און געבליבן שטיין.

— נו, און איצט?

— איצט איז מיר געבליבן צוויי טריט...

— וווּהין?

— איך נעכטיק הײַנט בא א כאַווערטע.

— אָט האָסטו דיר! — האָט וויקטאָר שטיפעריש א קנייטש געטון מיט די אויגן, — און וואָס זאָל איך טון?

— אַהיים גיין.

— אַהיים?... ווער איז זי, אײַער כאַווערטע?

ווערע זילב האָט אינערלעך א שמייכל געטון.

— אָט האָסטו אים? — האָט זי פאַר זיך א טראַכט געטון, — ער האָט שוין אויך קיין היים ניט... מיט טײַבלען איז בא אים ניט אלץ אין דער בעסטער אָרדענונג, און ער גייט אויך ארום ווי א ניט-היגער... מיטנעמען אים? ווי ס'וועט זיך מאַכן... און זי האָט געענטפערט:

— מײַן כאַווערטע איז אינדערהיים ניטאָ. זי גאַסטראָלירט אין דער פּראָווינץ. זי איז א זינגערן. פון צײַט צו צײַט כאַפּ

איך זיך אַראָפּ אַף אַ גאַכט צו איר אין דירע — אַ קוק טון און איבערשלאָפֿן אַ נאַכט.

לעכאַטכילע האָט וויקטאָרן פון איר ענטפער אַן איבל געטון. האָ־הע! די פרויען זײַנען אַסאַך מיִעסער, ווי זיי ווײַזן אויס פונ־דערווײַטנס. אָבער דערדאָזיקער געפיל האָט זיך בא אים גע־האַלטן עפעס ווייניקער פון אַ רעגע. די מעגלעכקײַט צו זײַן מיט איר און ניט אַליין האָט אַן אומרו אין זײַנע גלידער אָנגעגאָסן און ער איז צו איר צוגעפאַלן:

— כאַוועַרטע ווערע... ס'איז דאָך אויסגעצייכנט! מירן צוזאַ־מען זיצן אַ פּאָר שאָ.

ער איז אופגעלעבט געוואָרן און גענומען זי אונטערן אָרעם:

— וואַרט אויס, כאַווערטע ווערע, מירן עס מאַכן געמיטלעך. יעדער מענטש האָט דאָס רעכט אַף אַ שאָ עכטער רו. האַ? קומט.

ער האָט זי אוועקגעשלעפּט צו אַ קראָם. ער האָט געקויפט ווײַן און פרוכטן. זי איז געשטאַנען דרויסן, געוואַרט אַף אים און געשמייכלט. ווען ער איז אַרויס מיט די פּעקלעך, האָט זי אַף אים נאָענט אַ קוק געטון און געזאָגט:

— ס'איז ניט זייער אָריגינעל, נאָר — מיילע...

— פאַרוואָס? — האָט ער דערווידערט, — וואָס איז דען דאָ באַנאַלעס דערין, וואָס צוויי מענטשן ווילן אַ פּאָר שאָ צוזאַמען זײַן?

— באַנאַל איז עס געוויס, מײַן ליבער כאַווער. דעריקער... דער ווײַן מיט די פרוכטן.

— פאַרוואָס? פאַרוואָס? בא אונדז, אין אונדזער שטענדיק גראָען און וואָכעדיקן אַרט לעבן, איז עס... אַ שטיקל יאָנטעוו... עס ווילט זיך אָפּט זייער שטאַרק צורו לאָזן זיך אַליין און... אַנטלויפן... זײַן אַף אַ שאָ אָפּגעשיידט פון דעם טויזנט־אויגיקן אַרום... זײַן... מיט אַ... נאָענטן מענטשן...

זי האָט אַרויסגעריסן איר האַנט. זײַנע ווערטער זײַנען איר דערווידער געווען. ער האָט עס דערפילט און אַ טראָפּעלע זיך באַזײַטיקט. נאָר אַף איר איז אָנגעשוווּמען דער גליוועַר און גלײַכגילט און זי איז שטיל געגאַנגען בא זײַן זײַט. זי האָט אַ

ווײַלע שפּעטער איבערגעכאַזערט פֿאַר זיך זײַנע ווערטער: „זײַן אַף אַ שאָ אָפּגעשיידט פֿון דעם טויזנט־אויגיקן אַרום" — ס׳איז אַן אונטערגעפֿוילטע פֿילאָזאָפֿיע.

— קומט, קומט, — האָט ער זי אַ כאַפּ געטאָן באַ אַ האַנט — געניג ווערטער! אַלע ווערטער זײַנען פּוסט, וויסט... ס׳איז מיר לאַנגווײַליק, — האָט ער אויסגעשריִען, — איז וואָסווילט איר, איך זאָל שטומען? ווי איר?

— שרײַט ניט, — האָט זי צו אים געשמייכלט, — קומט, איך דערווידער ניט. ס׳איז אַן אָפּגעזונדערטע דירע, און איר וועט זיך זיצן, וויפֿל איר וועט וועלן.

דאָס איז שוין געווען אַן אָפֿענער צוזאָג. גוט. איצט איז ער פֿאַרטיק. עס האַקט אים אַפֿילע אַ טראָפּעלע אין די שלייפֿן. דאָס בלוט צירקולירט געשווינדער. צו אַלדי שוואַרצע יאָר דאָס גאַנצע לעבן מיט אַלע אירע פּראָבלעמען! ער וועט איצט טון דאָס, וואָס ער וויל! ער האָט רעכט דערויף! זײַן בלוט מאָנט! ווען עס האָט זיך געפּאָדערט, האָט ער דאָסזעלבע ביסל בלוט זײַנס געשטעלט אין קאָן... ער איז קיין פּאַכדן ניט געווען, ער איז פֿון קיינעם ניט אָפּגעשטאַנען, איצט מאָנט זײַן בלוט און שרײַט: גיב מיר פֿרייד! גיב! איך האָב עס פֿאַרדינט! איך קאָן אָן דעם ניט אויסקומען! דערלאַנג!

ער האָט אַרויסגעוואָרפֿן זײַן פֿרײַע האַנט און אַרומגענומען זי. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַ קוק געטאָן אַף אים:

— דאָ איז דרויסן. אַ מיליציאָנער וועט אײַך אין ראַיאָן פֿאַר־בעטן, איר שטערט די געזעלשאַפֿטלעכע רו...

— ניט קיין געפֿאַר, — האָט ער הויך אַ זאָג געטאָן, — דער געזעלשאַפֿטלעכער אומרו שטערט מיר אויך גאַנץ אָפּט...

— אָהאָ!... אין דעם הויף איז עס.

זיי האָבן זיך אופֿגעהויבן אַף האַלב־טונקעלע, הילכיקע און דומפּיקע טרעפּ. ווען זי האָט איר כאַווערטעס דירע אופֿגעשלאָסן האָט פֿון די צימערן אַן אָטעם אַף איר אַ יאָג געטאָן. ווען זי האָט די ליכט אָנגעצונדן איז דער אָטעם ניט אַוועק פֿון איר, נאָר ער איז נאָך אַפֿילע פֿאַרשטאַרקט און פֿאַרהאַרטעוועט גע־וואָרן, און ווען זי האָט פֿון זיך דעם מאַנטל אַראָפּגענומען און אַ

קוק געטון אַף זיך אין שפּיגל, האָט זיך איר פאַרוואָלט שרײַען, ווײַל איר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זי האָט דאָרטן אַ מעס דער־זעען. זי האָט זיך גוט צו זיך צוגעקוקט און באַשלאָסן: יאָ, זי איז טויט, אָדער זייער נאָענט דערצו. און וויקטאָר אויך. און דער מענטש מיטן קאַפּעליוש אַף דער פּאָטיליצע? אויך. נאָר זי איז אַ פּאַסיווער מעס און וויקטאָר — אַן אַקטיווער. יענער — דער מענטש מיט דעם פאַמיליִע־נאָמען אײַסעק — אויך אַן אַקטי־ווער. אָבער דער געפיל, וואָס איז דירעקט אַרויסגעשוווּמען פון דערדאָזיקער איבערצײַגונג אירער, האָט קיין נאָמען ניט געהאַט. דער געפיל איז געווען עפּעס אַ קלעפּיקער געמיש פון פרייד מיט אומעט, אַ געדיכטער געמיש, וואָס לייגט זיך ווי נאַסער זאַמד אַפן האַרץ און דריקט... זי האָט נאָכאַמאָל אַ קוק געטון אַף זיך, אַף וויקטאָרן — יענער איז געווען פאַרנומען מיט די פלעשער — ער האָט די פּראָפּנס פון דאָרט געשלעפּט, — און מיט אַן אויסער־געוויינלעכער בוילעטקײַט האָט זי דערזעען, ווי זיי שטאַרבן מיט אַזאַ פּאַמעלעכן, פּאַמעלעכן טויט, און עס ווילט זיך אויסשרײַען צו זיך, צו אים, צו אַלע אַזעלכע, — אַסאַך זײַנען זיי פאַראַן! —

— לאָמיר שטאַרבן גיכער! עס קלעקט ניט קיין קויעך צו שטאַרבן אַזוי פּאַמעלעך!

אָבער אויך דערויף האָט זי קיין קויכעס ניט געהאַט און האָט זיך דעריבער אַ פאַרמאַטערטע אַף איר שטול אַראָפּגעלאָזט און געבליבן זיצן מיט אַ פאַרדריקט האַרץ און מיט פולע פײַכטע אויגן.

.3

דער ערשטער מענטש, וואָס איז קריטשעווסקין אַנטקעגן געקומען, ווען ער האָט אָנגעקלונגען אין דער טיר פון דער קאָמונע, איז געווען ווערע זילב. זי האָט אופגעמאַכט די טיר און איז געבליבן שטיין קעגן אים אין אינערלעך מעוולוועלע, אָבער אויסערלעך — אַ פולקום רויִקע. זי האָט ברייטער געעפנט די טיר, אַרײַנגעלאָזט קריטשעווסקין אין קאָרידאָר און אַרויסגעברומט אַ גלײַכגילטיקן איינזילביקן קלאַנג:

— אַ...

דערנאָך איז זי אוועק צו זיך אין צימער און געלאָזן קרי־טשעווסקין אין קאָרידאָר, ווי ער וואָלט צו איר קיין שום שײַכות ניט געהאַט.

קריטשעווסקי האָט א פּרוּוו געטון איין טיר, א צווייטע — אלע זײַנען פארשלאָסן. ער איז אריַין צו די אלטע. די אלטע איז ניט געווען אינדערהיים. דער אלטער איז געזעסן אף זײַן שטול, זײַנע פיס זײַנען צוגעדעקט געווען מיט א געקעסטלטן טוך. זײַן פּאָנעם איז געווען זאמדיק און כוישעך. ער האָט געשאָקלט מיט די ליפּן, אָבער קיין ווערטער האָט מען ניט געהערט, עס איז קאָנטיק געווען, אז אים איז איצט אסאך ערגער. קריטשעווסקי איז ארויס פון צימער און אוועק איבערן קאָרידאָר פּרוּוון די איבעריקע טירן. אלע זײַנען פארשלאָסן. אומישנע? ער האָט אָנגעקלאפּט צו ווערען. זי האָט געעפנט. ער איז געבליבן שטיין אפן שוועל. וואָס באַטײַט עס?

ווערע איז געשטאנען אנטקעגן אים א צעפלאָסענע, אן אָפּגעקראָכענע און אָפּגעלאָזטע. איר בויך איז געווען גענוג הויך, און דאָס פּאָנעם איז געווען באדעקט מיט געלע פלעקן. זי האָט זיך געכאפּט, אז אין אזא אויסזעען האָט זי קריטשעווסקי קיינמאָל נאָך ניט געזען, און ער מוז זיך דעריבער געוויס כידעשן. זי האָט זיך א גלעט טון די האָר מיט ביידע הענט, גענומען א טוך און פארוויקלט זיך אין אים. די געלע פלעקן אף איר פּאָנעם זײַנען נאָך טונקעלער געוואָרן. זי איז רויט געוואָרן.

— זיץ, יאָסעף.

— וווּ זײַנען זיי דאָס אלע?

— ווער?

— די אלטע, וויקטאָר, טײַבל?

— אוועק.

— און מײַע?

זי האָט אף אים א קוק געטון, און ער האָט דערקאָנט דעם אלטן זעלטענעם גלי אין אירע אויגן: נאָענטקײַט, צארטקײַט, טרײַשאפט האָט אין דער מינוט איר בליק אויסגעדריקט. זי האָט שטיל געענטפערט:

— מײַע איז ניטאָ.

קריטשעווסקין איז א גרויל באפאלן, אירע ווערטער האָבן אים דערשראָקן, אָבער ער האָט די שרעק אָפּ א ווײַלע פון זיך פארטריבן און ניט זייער רויִק א פרעג געטון:

— זיי האָבן דען מײַען אויך מיט זיך מיטגענומען?

— ניין, מײַע איז ניטאָ.

— וואָס הייסט — ניטאָ? — האָט ער קימאט אויסגעשריִען.

זי האָט אומבאמערקט זיך דערנענטערט צו אים. זי האָט א ווײַלע געקוקט אין זײַנע אויגן און געטראכט: זאָל זי זיך באנוצן מיטן מאָמענט און אָפּטעמפּן די הייסע ערשטע רעגע פון זײַן באַ־געגעניש מיט טײַבלען? זיי האָבן ביידע ליב געהאט דאָס קינד, און די באגעגעניש וועט זײַן א שארפע און א שווערע. ניין, זי וועט עס ניט טון. אָט איז ער, — האָט זי געקוקט אױף יאָסעפן און געטראכט, — אָט איז דער מענטש, וואָס וואָלט עפשער געקאָנט צוריק צום לעבן זי אָנהעקלען, און... ער איז ניטאָ... ער איז אוועק פון איר, און זי איז שוידערלעך איינזאם... זי וועט שוין אייביק אזוי בלײַבן... סײַדן... סײַדן דאָס נעפּעשל, וואָס ווארעמט זיך איצט אין אירע געדערים, וועט איר א פרײַנט און כאווער אויס־וואקסן... זי האָט קימאט ווי פארמאכט די אויגן, און דער מארך האָט בא איר געפּלאצט, ווי א טרוקן שטיקל לעדער. עס איז איר איצט אויסערגעוויינלעך שווער געווען א וואָרט צו זאָגן. אָבער קריטשעווסקי איז צוגעלאָפן צו איר, אָנגעכאפּט זי בא א האנט, און איר גליוער האָט ווידער איר געמיט אין געפּרווירענע רייפן פארקאָוועט.

קריטשעווסקי האָט זי בא דער האנט געדריקט און קימאט זיך געבעטן:

— פארוואָס שווײַגסטו, ווערע? ווו איז מײַע?

זי האָט מעכאניש געענטפערט:

— מײַע איז געשטאָרבן, יאָסעף.

מער האָט ער גאָרנישט ניט באדארפט. ער האָט איר האנט ארויסגעלאָזט און א ביס געטון זיך דעם נאָגל פון זײַן גראָבן פינגער. ער האָט א קוק געטון אױף ווערען און פארשעמט זיך פאר איר מיט זײַן אומבאהאָלפנקײַט, וואָס האָט אים אין דער רעגע ארומגעכאפּט. ער האָט געוואָלט בא איר פרעגן, ווען און ווי

אזוי דאָס איז געשעען, און ניט געקאָנט, ער האָט מוירע געהאט זי זאָל ניט כאפּן דעם ציטער אין זײַן שטים. אים האָט זיך פאַר־וואָלט שמועסן מיט איר אף זײַטיקע טעמעס, און ער האָט צו איר א זאָג געטון דאָס ערשטע־בעסטע, וואָס איז אים אין קאָפּ אַרײַן געקומען:

— וואָס שטייסטו? זעץ זיך, ס'איז...

...געוויס שווער פאר דיר צו שטיין — האָט ער אין געדאנק דערטהאכט.

זי האָט געכאפּט דעם פאָדעם פון זײַן געדאנק, און איר איז עטוואָס פריילעכער דערפון געוואָרן. זי האָט געענטפערט:

— באַמרוִיק זיך ניט, יאָסעף. אין מײַנע כאדאָשים קאָן מען נאָך שטיין.

— וועגן וואָס רעדסטו?

זי האָט א פארוווּנדערטע א קוק געטון אף אים. איר בליק איז געוואָרן קאלט און פרעמד.

— צו וואָס פאלשעוועסטו, יאָסעף? דו האָסט דען ניט באמערקט אין דער ערשטער מינוט, אז איך בין טראָ־געדיק?

איצט איז אים באקוועם געוואָרן צו פרעגן:

— ווען איז געשטאָרבן מײַע? פון וואָס? און...

— און... ווי לאנג בין איך שוין... טראָגעדיק?

— איך האָב עס בא דיר ניט געפרעגט, ווערע.

— מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז דאפקע דאָס האָסטו געוואָלט בא מיר פרעגן.

— ניין.

— קאָן זײַן, — האָט זי רוִיק געענטפערט. — מײַע איז גע־שטאָרבן פון שקארלאטינע. אין נאָיאבער.

קריטשעווסקי האָט געקוקט אף ווערען און געטראכט וועגן טײַבלען. פארוואָס האָט זי אים א גאנצן ווינטער קיין וואָרט ניט געשריבן? ס'איז איר גרינג געווען דאָס איבערצוטראָגן? מײַעס טויט האָט זי אינגאנצן ניט באַרירט? זי האָט דאָס קינד ניט ליב געהאט? יאָ, זײַן אדרעס האָט זי געוווּסט? געוווּסט. גוט. ער וועט זי הײַנט־מאָרגן זען און וועט דאָס אלץ קלאָר מאכן. איצט האָט

ער דאָ מער ניט וואָס צו טון. יעדנפאלס... מיט ווערען אליין זיַין איז אים ניט זייער גרינג. ס׳מוז איר אויך זיַין גאנץ שווער. גוט. ער האָט אויסגעשטרעקט א האנט:

— א גוטע נאכט, ווערע.

— אלדאָס בעסטע. — האָט ווערע רויִק געענטפערט און באַן לייט אים ביז צו דער טיר. זי האָט געוואָלט צוריק אין איר צימער אריַין און פארנורען זיך אין איר טוך און א טראכט טון וועגן יאָסעפן, אָבער אין טונקל פון קאָרידאָר האָט זי זיך אָנגעשטויס־אָן א מענטשן און איז אָפּגעשפּרונגען פון דאָרטן:

— ווער איז עס?

— איך.

— וויקטאָר?

זי איז צוריקגעגאנגען צו איר צימער. זי האָט זיך שטיַיפער פארוויקלט אין איר טוך, און די הענט אירע האָט זי גרייט גע־האלטן. וויקטאָרס פּלוצלינגדיקע דערשיַינונג איז פאר איר קיין נייַס ניט.

— וויקטאָר, לאָז דורך.

— ביטע.

— ניין... גיי צו זיך.

וויקטאָר איז געבליבן שטיין אף זיַין אָרט. זי האָט געקוקט אף אים און קימאט זיך געבעטן:

— וויקטאָר... דו קאָנסט עס באנעמען, צי ניין?

— וואָס?

— א צופאל איז עס געווען... איין מאָל נאָר האָט עס גע־קאָנט פאסירן... איין־און־איינציק מאָל... שלאָג זיך עס ארויס פון קאָפּ...

— פארוואָס?

— וויַיל איך וויל ניט.

— און איך וויל.

— ווי דו ווילסט זיך. זוך זיך עמעצן אנדערש.

— איך וויל ניט... דו געפעלסט מיר...

— אלע רייד זיַינען איבעריק.

— איך וועל דיך צווינגען.

— הער אויס, וויקטאָר, דו האָסט זיך נאָך קיינמאָל מיט מיר ניט געראַנגלט. דו ווייסט נאָך ניט, מיט וואָס דו קאָנסט אוועק פון דאַנען. גיי אוועק מיט גוטן... איך בעט דיך, וויקטאָר...

ער האָט זי פאַר א האַנט אָנגעכאַפּט. זי האָט זײַן האַנט א שלײַדער געטון.

— דו ביסט מיר נימעס! איך האַס דיך!

— גוט. איך וועל טון, — וואָס איך וויל.

— ניין! — האָט זי אויסגעשריִען, — דו וועסט עס ניט טון! דו ביסט א פּאַכדן!

וויקטאָר איז מיט פּאַמעלעכע טריט צו איר צוגעגאַנגען. זײַן נידעריקער און ברייטער ווײַבערשער טאָרס האָט זיך געוויגט, ווי בײַ א כאַיע פאַר אַן אָנפאַל. ער האָט זי א כאַפּ געטון מיט ביידע הענט פאַר דער טאַליע און צוגעדריקט צו זיך. זי האָט זיך א דריי געטון, א וויג געטון. די טיר פון איר צימער האָט זיך אופגעמאַכט. איצט איז דאָ א טראָפּן ליכטיקער געוואָרן. זי האָט אָנגענומען זײַן קאָפּ מיט ביידע הענט און מיטן גאַנצן קויעך א זעץ געטון אים אָן בײַשטידל פון דער טיר. א טעמפּער קלונג האָט זיך צעקוילערט איבערן קאָרידאָר. גרינע רינגען האָבן איינע די אַנדערע געיאָגט און געטריבן. ווערע האָט דעם קאָפּ זײַנעם ניט אָפּגעלאָזט. זי האָט אים געהאַלטן אין די הענט ווי א טאָפּ און געזעצט — מעטאָדיש און פעסט, איינס נאָך איינס — אין בײַשטידל אַרײַן. די קלעפּ זײַנען געקומען אױף אים אזוי אומגעריכט, אז לעכאַטכילע האָט ער זיך ניט געוועהרט, דערנאָך איז עס אים אױף א ווײַלע קאָמיש געוואָרן, אָבער אין קורצן איז ער פון די קלעפּ אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און ווערע האָט עס דערפילט און צעוויגט און צעהוידעט זײַן קאָפּ אין אירע הענט און אזא מין קלאַפּ געטון מיט אים אין בײַשטידל אַרײַן, אז זײַנע הענט זײַנען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און זײַנען פון איר טאַליע אליין אַראָפּגע־פאַלן, און זײַנע אויגן האָבן פאַרשיקערטע און קראַנקע געקוקט אױף איר. איצט האָט זי זיך אַרײַנגעכאַפּט צו זיך אין צימער, פאַר־ריגלט זיך פון אינעווייניק, אופגעפּראַלט דעם פענצטער און א וואָרף געטון זיך אַהין. דער קאָפּ האָט בײַ איר געהיצט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט, די הענט זײַנען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און

די פיס פארכאלעשט. זי האָט צו זיך הינטן ארום, מיט די פאר־כאלעשטע פיס, א שטול צוגעשארט און אנידערגעװארפן זיך מיטן בויך אפן שוועל פון פענצטער.

עס האָט זי פּלוצלינג א געלעכטער אָנגעכאפּט פון איר קאמף מיט וויקטאָרן. נאָר אין דרויסן האָט זיך אָנגעהויבן א שלעכטער וועטער — א שניי מיט א רעגן — און זי האָט לאנג באם פענצטער ניט געקאָנט בלייבן. איר פענצטער איז צו דער גאס ארויס. א ווינט האָט געבלאָזן אף איר פּאָנעם, און א נאסער שניי האָט באַ־שאָטן איר קאָפּ. זי האָט געוואָלט א לעצטן קוק טון אפן שנייִיקן דרויסן אין דעמדאָזיקן אָנהייב פרילינג און דערזעען דאָרטן א באקאנטע פיגור: יאָסעף איז געשטאנען אונטערן נאסן שניי. זי האָט אים נאָכגעקוקט און געזעען, ווי ער איז פארשוווּנדן הינטערן ראָג און אין א ווײַלע ארום צוריקגעקומען. זי האָט אים פון איר אויג ניט געקאָנט אָפּלאָזן און פון פענצטער ניט געקאָנט אוועק.

דאָס, וואָס יאָסעף האָט זיך א ווײַלע ארום דער שטוב ארומ־געדרייט, האָט זי צוריק אין איר גליוער־צושטאנד ארײַנגעפירט. ס׳איז איר אומעטיק און פריילעך געוואָרן פונעם געדאנק, אז אויך יאָסעף וואקלט זיך, אויך ער זוכט עפּעס, אויך ער איז ניט מיט אלץ צופרידן און קאָן ניט אוועק פון דערדאָזיקער שטוב, וואָס ווערט אלץ מער און מער באשאָטן מיט בלאָטערן און געשווירן פון קליינלעכע פערזענלעכע באציִונגען. איר איז איינגאנצן אלציינס. זי וועט דאָ דאָס קינד האָבן און דערנאָך וועט זי פארשווינדן אזוי, אז ניט יאָסעף, ניט וויקטאָר, ניט קיינער פון אירע באקאנטע זאָלן וויסן, ווו זי איז אהינגעקומען. זי האָט זיך צעלאכט: — ס׳אראַ גאיִוועט ער איז, דערדאָזיקער יאָסעף. ער האָט זיך בא איר נאָכ־געפרעגט, צי זי ארבעט, צי זי דארף געלט, און געוואָלט זיך ד׳ערוויסן פון וועמען טראָגט זי, ווי איז עס בא איר געשעען — א צופאל, אָדער אומישנע, און... געשעמט זיך פרעגן. נאָר... זי דארף איצט קיינעם ניט. זי וועט געבוירן דאָס קינד און א פּרווו טון פארפירן זיך א נײַ לעבן. דאָס איז מעגלעך נאָר אף א נײַ אָרט. בעסער פון אלץ וואָלט געווען אין אויסלאנד. ניין, אין אויסלאנד טויג ניט. אין אויסלאנד וואָלט גוט געווען אָן א קינד.

דאָרט וואָלט זי ווירקלעך געקאָנט אָנהייבן פירן א נײַ לעבן — אין אונטערערד. מיטן קינד וועט עס איר ניט געלינגען. מיטן קינד מוז זי בלײַבן דאָ. זי וועט ארבעטן, זי וועט געפינען ארבעט און וועט האָדעווען דאָס קינד. עס דוכט זיך איר אויס, אז עס וועט גוט זײַן. ערגער פאר איצט — געוויס ניט. זי וועט אוועק אין א העק. אָבער וואָס דרייט זיך דאָ ארום יאָסעף? ווען זי וואָלט גע־האט מוט און קויעך, וואָלט זי צו אים פונדאנען אראָפּגעשריגן: — יאָסעף, אנטלויף פון דאנען... גיי צו זיך... ארבעט... דאָרט ליגט דײַן פרייד... אָבער זי האָט געוווסט: ניט קיין קויכעס, ניט קיין מוט האָט זי ניט אף אזוינס אויסשרײַען, און דעריבער האָט זי געוואָלט דעם פענצטער פארמאכן און אוועק צו זיך, אין איר שייד ארײַן. זי האָט זיך טיפער פון פענצטער ארויסגעבויגן און דערזעען דאָרטן צוויי פיגורן — וויקטאָרס און יאָסעפס. זי האָט געזעען, ווי וויקטאָר האָט אָנגעיאָגט יאָסעפן, ווי ער האָט אים אָפּגעשטעלט, בא א האנט אָנגעכאפּט. זי האָט זיך א ווײַלע אײַנ־געקוקט אין זייערע פּלייצעס, וואָס האָבן זיך שטיל געוויגט איינע נעבן די אנדערע און זײַנען מיט נאסן שניי באשאָטן געוואָרן. איר אומעט איז שווערער און וויסטער געוואָרן. זי האָט זיך שטײַ־פער פארוויקלט אין איר טוך. זי איז אַוועק פון פענצטער מיט פארכאלעשטע, פארמאטערטע טריט און מיט א איבלדיקן געפיל אפן הארץ. זי האָט זיך א ווײַלע ארומגעדרייט איבערן צימער און אוועקגעפאלן אין די זאכן אפן דיוואן. זי איז אין קורצן אײַנגע־שלאָפן מיט א שווערן און קלעפּיקן שלאָף.

און וויקטאָר האָט אונטערן שניי און רעגן מיט יאָסעפן גע־אָרעמט שפּאצירט.

איידער וויקטאָר האָט יאָסעפן אָנגעיאָגט, האָט ער צו אים פון דער ווײַטנס נאָך געשריִען און גערופן:

— יאָסעף, יאָסעף... ווארט...

וויקטאָר האָט זייער גוט געוווסט, אז ער קאָן אָן געשרייען און רופערײַען אויך זייער שנעל דעריאָגן יאָסעפן. ער האָט אָבער געוואָלט שאפן דעם אײַנדרוק פון אומדערוואַרטקײַט און אומגע־ריכטער באגעגעניש און דעריבער אף א מעהאלעך פון צען טריט געשריִען און גערופן יאָסעפן.

פאר דער לעצטער צײַט זײַנען אין וויקטאָרן פאָרגעקומען ווײַטערדיקע ענדערונגען. ער האָט זיך זייער אָפּט געכאַפּט, אז בא אלע אומשטענדן, ווען דאָס איז נייטיק און ווען דאָס איז ניט נייטיק, לײַגט ער אלץ מער און מער יעדן איינעם, ווּעמען ער באגעגנט. נאָר איין און איינציק מאָל איז צו אים געקומען א ליכטיקער געדאַנק, אז מע דארף די גאנצע זאך געבן א קער מיטאמאָל, אף אלע הונדערט אכציק גראדוסן, און באקומען צו־ריק די רו, דעם זין, די פּערספּעקטיוו, אָן וועלכער עס איז אומעגלעך צו לעבן. ער האָט אפילע פאָרגענומען א געוויסן שריט דערצו. ער איז איינמאָל אין א ליכטיקן זוניקן טאָג ארײַן צום קאָנסולטאנט אין קאבינעט. ער האָט מיט גרויס געדולד איבערגעווארט אלע באזוכער און אין געדאנק זיך געפרייט מיטן זײַן טאַט, וואָס ער וועט באלד אָפּטון, און נאך מער זיך געפרייט מיטן עפעקט, וואָס וועט זיך באקומען, ווען ער וועט טײַבלען שטיל און ערלעך דערציילן וועגן זײַן קער, וואָס פירט אים צו א נײַעם לעבן. ער האָט ערלעך געוואָלט צורוקציִען זײַן פּראָיעקט און געווארט אפן קאָנסולטאנט צו מעלדן אים זײַן באשלוס. ער איז גרייט נעמען יעדע אנדערע ארבעט, נאָר דעמדאָזיקן פּראָ־יעקט וויל ער ליקווידירן. ער האָט פונדאַסנײַ גוט דורכגעשטו־דירט די פראגע און זיך איבערצײַגט, אז קריטשעווסקי איז גע־רעכט, נאָר דער קאָנסולטאנט האָט אים אויסגעהערט מיט א כוי־זעק־שמייכעלע אף די ליפּן און געמאָלדן:

— כאווער שטשאָטשיקאָוו... אין יעדן פאל לוינט אײַך איצט ניט צוריקציִען אײַער פּראָיעקט. אין אײַער פּראָיעקט זײַנען פא־ראן כעסרוינעס. אין קריטשעווסקיס פּראָיעקט איז דאָ ניט ווייני־קער כעסרוינעס. מיר וועלן אָבער נעמען פון די ביידע פּראָ־יעקטן ניט די כעסרוינעס זייערע, נאָר די מײַלעס. צי באדארפט איר, אז עס זאָל פיגורירן בלויז קריטשעווסקיס פּראָיעקט? אויב איר וועט אײַער פּראָיעקט צוריקציִען, וועט דאָך אויסקומען, אז קריטשעווסקיס פּראָיעקט ווערט אָנגענומען אלס באזע, און...—

ער האָט זיך פארהאמעוועט אף א רעגעלע — בא זײַן כאראקטער וועט ער דערפון אזוי פארײַסן די נאָז, אז ס׳וועט אומעגלעך ווערן צו ארבעטן מיט אים. און אזוי וועט איר זײַן... גלײַכע...

מיר טאָרן ניט דערלאָזן דערצו, אז עס זאָל געשאפן ווערן דער קולט פון... עקאָנאָמישע לידערס. אין דער פּאָליטיק איז דערדאָזיקער קולט נייטיק, אָבער אין דער עקאָנאָמיק איז א געקרוינטער לידער — שעדלעך... יאָ, יאָ... שעדלעך, ווייל זי דארף זיין בוי־געוודיק, געשעצטער כאוואר, זי דולדעט ניט — די עקאָנאָמיק — ניט דעם אקאדעמיזם, ניט די זעלבסהערשערישע מאניר פון א לידער, אָן וועלכער א לידער איז קיין לידער ניט. און קרי־טשעווסקי וויל דאפקע ווערן א לידער. אויסער דעם, אייסעק האָט די ציפערן פון אײַערע ביידנס פּראָיעקטן דורכגעארבעט און דער רעזולטאט, צו וועלכן ער קומט, באווײַזט, אז דער כאראק־טער פון אײַער פּראָיעקט איז א רעאלער, און קריטשעווסקיס פּראָיעקט איז אן אוטאָפּיע. מיר זײַנען איצט רעאלע עקאָ־נאָמיקער, ווולגארע געשעפטסלײַט, אזוי צו זאָגן, און דאָס איז איצט גראָד דאָס נייטיקסטע פאר אונדזער ווירטשאפט...

ער האָט אסאך און לאנג גערעדט, דערדאָזיקער קאָנסולטאנט. ער האָט גערעדט, און עס האָט זיך געדוכט, אז ער רעדט ניט, נאָר ער רעדט ארײַן. ער האָט געקוקט אף וויקטאָרן מיט דיזעל־בע אויגן און מיטן זעלבן בליק, מיט וועלכן ער פלעגט קוקן אף זײַן סטענאָגראפיסטקע, אפן מיקראָפאָן, ווען ער פלעגט האלטן א פּאָרטראג אָדער דיקטירן אן ארטיקל. פאר אים זײַנען קיין לע־בעדיקע מענטשן ניט געווען, ווײַל האָט ער שוין גערעדט וועגן דער ע־קאָ־נאָ־מיק, האָט ער ניט גערעדט סטאם אין דער וועלט ארײַן, נאָר ארײַנגערעדט דירעקט אין דער געשיכטע פון עפּעסעסער, אין דער אייביקייט ארײַן. אין זײַן וואָלוועלן שפּיגעלע פון זעלבס־צופרידנקײַט, וואָס ער האָט שטענדיק מיט זיך געטראָגן, האָט ער געזען ניט נעענטער ווי די ווײַטסטע צוקונפט, און אין דער צו־קונפט — די שטאָלענע געשיכטע־ביכער פון דעם ערשטן עפּעסעסער. דאָרט איז פארשריבן דאס אלץ וואָס ער האָט נאָר־וואָס געזאָגט, וואס ער האט נעכטן געזאָגט און וואָס ער קלײַבט זיך מאָרגן צו זאָגן. עס מאכט ניט אויס, וואָס גאנץ אָפט אף זיצונגען צערײַסט אף צוויי העלפטן א וואָרט זײַנס דער פּאָלקס־קאָמיסאר:

— די פראגע באשטימט די קאָלעגיע. פון אײַך פּאָדערט זיך בלויז קאָנסולטאציע. איר האָט קאָנקרעטע קאָנסולטאציע?

ער האָט. געוויס האָט ער עס. נאָך יעדן אזא מין קאָרעקטן שמיץ, וואָס ער באקומט פונעם פאָלקס־קאָמיסאר, גיט ער ווירקלעך זאכלעכע קאָנסולטאציִע, וואָס העלפט א טראָפּעלע לייזן די פראגע, אָבער דאָס איז אף הויכע זיצונגען, דאָרט, ווו יעדערער באקומט זײַן שטרענגע פּאָרציִע צײַט, זײַן באשטימט אָרט, דאָרט, ווו מע טאָר ניט רויכערן און ווו די אָנטרײַבער פון דער ארבעט זײַנען באָלשעוויקעס, און די באָלשעוויקעס זײַנען פירער, און די פירער זײַנען א מאָדנער געמיש פון טשעקא־פּארזעעניש, וואָס קאָנען אָנעמען בא דער טשופּרינע און שטעלן צום ווענטל, מיט קאָרעקטע געזעלשאפטס־לײַט און באלעבאטים פון א גרויסער, פון א ריזיקער פירמע, וואָס וואקסט און אנטוויקלט זיך, שטייט פעסט אף די פיס און וועט קאָנען וואָס ווײַטער אלץ א גרעסערן געהאלט צאָלן אירע געוויסנהאפטע דינער. יאָ, דאָרט איז דער דאָזיקער קאָנסולטאנט אן ערלעכער אומפּארטייִשער דינער, א פּאטריִאָט פון זײַן פירמע, ווײַל די פירמע וואקסט און בליט, און ער האָט דערין אויך א פּיצעלע כיילעק. אָבער דאָ, בא זיך אין קאבינעט, מיט די קארפּלעך, וואָס יעדער איינער פון זיי וועגט ווייניקער ווי א מיטגליד פון דער קאָלעגיִע, דאָ איז ער — קאָנ־סול־טאנט! און ער רעדט ארײַן ניט נעענטער ווי אין דער אייביקײַט ארײַן.

דעריבער איז דעמאָלט וויקטאָר אוועק פון אים א דערמונטערטער און צום טויט דערשלאָגענער. ערגעץ איז נאָך בא אים געבליבן א לעצט פּיצעלע געזונטער כוש צו דער רעאלער ווירקלעכקײַט און ער האָט א טראכט געטון, אז דאָס, וואָס דער קאָנסולטאנט האָט גערעדט וועגן דער עקאָנאָמיק, זײַנען פּאָשעט אמעראצישע רייד. ער האָט אויך א טראכט געטון, אז דאָס בעסטע וואָלט איצט געווען זיך דורכשמועסן מיטן קאָמיסאר אליין. ער האָט דעריבער זיך א דריי געטון אין קאָרידאָר נעבן דעם קאָמיסארס קאבינעט. ער וועט ארײַן צו אים און וועט אים דערציילן די גאנצע געשיכטע פונעם אָנהייב ביזן סאָף. ער וועט קאטעגאָריש באשטיין דערויף, אז זײַן פּראָיעקט זאָל ניט געהערט ווערן. ער וועט אים אויך דערציילן, אז לויט זײַן מיינונג העלפן אייניקע קאָנסולטאנטן דעזאָרגאניזירן די ארבעט, און מע דארף זיי

באזײַטיקן. אויב דער קאָמיסאַר וועט זײַן ניט זייער פאַרנומען, וועט ער אים אין צוויי ווערטער אויך דערציילן וועגן זייערע פּערזענלעכע באַציִונגען און בעסן אַ קאָמאַנדירונג אויף אַ לענגע־רער צײַט ערגעץ אויף אַ ראַנד פֿונעם פאַרבאַנד. ער גייט אויף יע־דער אַרבעט. ער האָט זײַטיק אויך אַ טראַכט געטון, אַז סאָפּקאָלסאָף וועט ווערע געוויס מאַסקים זײַן און קומען צו אים מיטן קינד. געוויס וועט זי קומען, ווען ניט... וואָלט זי קיין קינד פֿון אים ניט געהאַט. עס איז אים אויף אַ ווײַלע פריילעך און ליכטיק גע־וואָרן פֿון דערדאָזיקער פּערספּעקטיוו פֿון שטילער אַרבעט אין דער ווײַטער פּראָווינץ, און ער איז אַנטשלאָסן און לײַכט אַרײַן צו דעם קאָמיסאַרס סעקרעטאַר. אָבער דער קאָמיסאַר איז איצט ניט געווען, און דער הײַנטיקער טאָג זײַנער איז געווען אינ־גאַנצן פאַרנומען, און אויף מאָרגן קאָן זי אים פאַרשרײַבן ניט פריִער ווי אין דרײַ שאָ אַרום, ווען יאַקאָוו פּאַוולאָוויטש (דער קאָמיסאַר) וועט קומען און וועט מאַסקים זײַן אויסטיילן פאַר אים אַ מינוט פינף. זאָל זי אים פאַרשרײַבן? ניין, מע דאַרף ניט... ער וועט זיך שפּעטער אַרײַנכאַפּן און דירעקט מיט אים אָפּריידן... נאָר ער האָט געוווּסט: ער לײַגט. ער וועט זיך ניט אַרײַנכאַפּן און וועט וועגן גאָרנישט ניט ריידן מיטן קאָמיסאַר — ס'איז ניטאָ וועגן וואָס, און... ס'איז נאַריש צו ריידן. אַ האַלב יאָר אָפּגע־אַרבעט אויף אַ פּראָיעקט, און איצט וועט ער אים צוריקציִען... ווי־זשע ביסטו געווען מיט אַ האַלב יאָר צוריק, מײַן ליבער פרײַנט? די פּערספּעקטיוו איז צערונען און געבליבן איז — קאַמף. קאַמף ביזן סאָף. בעסער פאַרשפּילן אַ שלאַכט, איידער אַנטלויפן פֿון שלאַכטפעלד. ער איז גערעכט, דער קאָנסולטאַנט. און מיט פּונקט אַזעלכע צופרידענע טריט, מיט וועלכע ער האָט געאײַלט אהער צום קאָמיסאַר, פּונקט מיט אַזאַ צופרידנקײַט איז ער אַרויס פֿון דעמדאָזיקן צימער, ווו אַדאַנק אַ צופאַל — דער קאָמיסאַר איז ניטאָ און וועט הײַנט אַ גאַנצן טאָג זײַן פאַרנומען — איז דער געשפּרעך ניט פאָרגעקומען און אַלץ בלײַבט ווי פריִער. אָבער הינטערן שוועל פֿון קאָמיסאַרס קאַבינעט האָט אים אָפּגע־וואַרט זײַן אומבאַהאָלפנקײַט און ווידער זיך אַ וואָרף געטון אויף אים.

— אלע זײַנען קעגן מיר! — האָט ער דעמאָלט צו זיך א שעפּטשע געטון, — אייניקע זײַנען קעגן מײַן פּראָיעקט — דאָס זײַנען מײַנע קעגנער. די צווייטע לאָזן ניט דעם פּראָיעקט צוריק־ציִען — זיי זײַנען אויך ניט קיין גוטע פרײַנט... וואָס זאָל ער טון? ער וועט ארײַן צו אייסעקן, וועט א שמעק טון, וואָס הערט זיך בא אים און וועט דערנאָך באשליסן... נאָר... מע דארף זיך נעמען אין די הענט ארײַן און ניט ארויסווײַזן קיין אומבאהאָלפנ־קײַט און צעקראָכנקײַט. צוליב דעם האָט ער זיך אפילע צו אייסעקן געווענדעט אנדערש — שטרענגער און מיט א גראָבקײַט אין דער שטימע איידער שטענדיק.

— אייסעק, — האָט ער צו אים גראָבלעך א זאָג געטון, — איך בין נאָר־וואָס געווען בא איוואן איוואניטשן. ער איז זיכער, אז מײַן פּראָיעקט וועט דורכגיין און ניט קריטשעווסקיס. אײַער פּראָיעקט, זאָגט ער, איז א רעאלער און זײַנער אן אוטאָפּיִע.

אייסעק האָט א וואָרף געטון אף הינטן זײַן קײַלעכיקן נוס־קעפּל, א ציִ אויס געגעבן די פּיס אונטערן שוועדישן שרײַבטיש און א ווײַז אָן געגעבן מיט דער רעכטער האנט אף א שטול נעבן שרײַבטיש:

— זיצט, וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש.

וויקטאָר האָט זיך ניט געזעצט, און אייסעק האָט דעריבער געפונען פאר זײַן כּיוון אופצוהייבן זיך פון זײַן שטול און פירן זײַן געשפּרעך שטייענדיק, ווײַל וויקטאָר איז געווען זײַן שעף און איז הײַנט געווען שלעכט געשטימט. דאָס זעט זיך אָן גאנץ בוילעט.

— איצט זעט איר, וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש, אז איך בין גערעכט?

— יאָ... יאָ... גוט... שטעלט אויס די ציפערן אין קאָלאָנעס... ווי סאָלדאטן... מאָרגן... איבערמאָרגן... מיר וועלן זיי אין שלאכט פירן!

— געוויס... זײַט פּולקום זיכער, וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש.

נאָר וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש איז קיין טראָפּן ניט זיכער געווען. ער איז אוועק פון אייסעקן מיט א גרעסערן אומעט, ווי דער, וועלכן ער האָט צו זײַן טיש געבראכט צו טראָגן. בא

אייסעקס טיש איז זײַן איינזאמקײַט און אומבאהאָלפנקײַט, אויס־
געוואקסן, ווי הויכע קראָפּעווע הינטער א פּלויט. די קראָפּעווע
האָט דעם געמיט געבריט און איז אריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט, און
אוועק פון איר האָט ער ניט געקאָנט. ער איז אוועק צו זיך אין
קאבינעט, אָנגעקלונגען אין גאראזש און ארויסגעפּאָדערט א מא־
שין. ער דארף נייטיק פאָרן אפן זאוואָד. ער האָט ליגן געזאָגט.
ער האָט אין ערגעץ ניט געדארפט פאָרן — דער אומעט האָט אים
געטריבן, די פּוסטקײַט פון זײַן איצטיקן לעבן האָט אים געיאָגט,
ער האָט ניט געהאט ווו אהינצוטון זיך. ער האָט אופריכטיק און
ערלעך קריטשעווסקין מעקאנע געווען, ווען ער האָט זיך דער־
מאָנט, אז קריטשעווסקי האָט אים אמאָל נאָך, אין די קורצע
כאווערישע טעג, א זאָג געטון:

— אף דער ארבעט, וויקטאָר, איז א מעכאיע. ס'איז א מין
באָדן זיך אין א גרויסן, גרויסן וואסער... דו שווימסט, דו אר־
בעטסט, דו לעבסט! נאָר אין א פרײַער שאָ איז אמאָל א טראָפּן
אומעטיקלעך... גוט, וואָס בא אונדז איז וויניק פרײַע שאָען פא־
ראן. מע דארף זיי אינגאנצן ליקווידירן — די פּוסטע פרײַע שאָען.
צום טײַוול זיי!..

און בא אים זײַנען די גאנצע פיר און צוואנציק שאָ אין מעס־
לעס פּוסטע און ויסטע, אָן א זין און אָן אן אינהאלט... ווו טוט
מען זיך אהין פון זיי?

ער האָט דעמאָלט גיך די מאשין אָפּגעלאָזט — א צווייטן ליגן
געזאָגט — ער דארף פריִער אין טרעסט, און וויפל ער וועט זיך
דאָ פארהאלטן ווייס ער ניט — זאָל בעסער די מאשין פאָרן צוריק
אין גאראזש. אין טרעסט, האָט ער געוווסט, וועט ער פאקן איינעם
אזא, וואָס איז אליין פאר זיך א פריילעך וועלטל און איז אויס־
געקניפּט און אויסגעבונדן מיט אלע פארגעניגנס. ער איז מיט אים
אוועק און פארבראכט אָן אָוונט מיט א נאכט. אין דער נאכט זײַ־
נען געקומען רייצנדיקע פרויען. זיי האָבן געררייצט ווי דער טויט
און געשטאָכן זײַן אומעט מיט דינע שפּילקעלעך — דער אייטער
האָט פון דאָרט געטריפט, און דער ווייטיק איז אביסל אָפּגעגאנ־
גען. פון דעמאָלט אָן פארברענגט ער אָפּט אזוי די נעכט, און די
טעג גייט ער ארום ווי אין הינערפּלעט. איצט איז געקומען די

רעגע, אָן וועלכער ער קאָן זיך אָנהעקלען ווי אָן א האָק און אריבערשפּרינגען אין אן אנדער פלאַך — יאָסעף איז געקומען און ער וועט זיך פּרוּוון מיט אים דורכריידן, עפּשער איז ער גאָר זײַן בעסטער פרײַנט...

— יאָסעף, — האָט ער צו אים געזאָגט, ווען ער האָט אים אָנגעיאָגט, — פאַרוואָס גייסטו צו אונדז אין מעשוגאָיִם־הויז ניט ארויף?

יאָסעף האָט זיך אויסגעדרייט צו אים און קימאַט ווי דער־פרייט זיך מיט אים:

— א, וויקטאָר... איך בין נאָר־וואָס געווען... קיינער איז דאָרט ניטאָ, און... מײַע איז געשטאָרבן...

— מײַע...

דער ווינט האָט זיך א גליטש געטון צווישן דידאָזיקע צוויי מענטשן און א ריס געטון זייערע פּאָלעס. א נאַסער שניי האָט געשאָטן אף זייערע קעפּ און אקסלען. קריטשעווסקי איז געווען אין מאַנטל און הוט. וויקטאָר—אין איין רעקל אָן א הוט. יאָסעף האָט עס באמערקט און א פרעג געטון בא אים:

— וואָס גייסטו אזוי... זומערדיק?

— ס'איז דאָך שוין פרילינג, — האָט ער אים בא א האַנט אָנגעכאַפּט, — גוט, וואָס דו ביסט געקומען... איך האָב אזויפיל צו רעדן מיט דיר!

— יאָ? — האָט קריטשעווסקי א פרעג געטון — איז ווי זשע, דאָ? אונטערן שניי?

קריטשעווסקין איז זייער שווער געוואָרן צו שטיין דאָ מיט וויקטאָרן. אין די פרײַע מינוטן, וואָס קריטשעווסקי האָט געהאַט אין איליטשעווקע אף דער בויונג און היינט אין וואַגאָן, האָט ער געטראַכט וועגן באַטראַכט וויקטאָרס לאַגע און זײַן באַציִונג צו אים. זײַן לאַגע איז ניט קיין פריילעכע — ער האָט געהאַט זײַטיקע גרוסן, אז וויקטאָר שטייט ניט פעסט מיט זײַן פּראָיעקט, אז די געזעלשאַפטלעכע און פּאַרטייִשע ארבעט האָט ער אין דער לעצ־טער צײַט פאַרוואָרפן און פירט זיך אוף זייער מאָדנע. אים איז שווער געווען פונעם באַוווסטזײַן, אז דירעקט, צי אומדירעקט, נאָר א טייל שולד זײַנע איז דאָ פאַראַן. ער איז אויך געווען ניט

אינגאנצן צופרידן מיט זיך פאר זײַנע באַציִונגען מיט טײַבלען. טײַבל איז א װוילע פרוי, א גוטע ארבעטערן און פארטיי־כאווער. אָבער זי האָט א צו גרויסן פּלאץ פארנומען אין זײַן אינערלעכן לעבן. מע דארף עס הײַנט נאָך ליקווידירן — האָט קריטשעווסקי געטראכט — און געבן א מעגלעכקײַט אי זיך, אי וויקטאָרן זיך פארנעמען מיט ארבעט און ניט מיט גימנאזיסטישער ראָמאנטיק. ער האָט דעריבער אין דער מינוט געוואָלט גלײַך און קורץ דער־קלערן וויקטאָרן, אז ער האָט קיין שום שײַכעס ניט צו טײַבלען און אוועק פון אים, ניט גיין צו זיי און ניט זען זיך אפילע מיט טײַבלען. אָבער וויקטאָרס אויסזען איז געווען אזא, אז יאָ־סעף האָט זיך ניט געקאָנט אָפּזאָגן ארײַנגיין צו אים אף א ווײַ־לע אין צימער. ער האָט אף אים דעריבער א קורצן בליק גע־וואָרפן און געזאָגט:

— נו, גוט, וויקטאָר... קום ארויף צו דיר... נאָר קײַן סאך צײַט האָב איך ניט...

וויקטאָר האָט פאָרזיכטיק און שטיל אופגעמאכט די טיר, ארײַנגעלאָזן יאָסעפן צו זיך אין צימער. אף די שפּיץ פינגער איז ער צוגעגאנגען צו ווערעס טיר. ער האָט ארײַנגעקוקט אין שליסל־לאָך און צוגעלייגט אהין אן אויער. ער איז דאָרט געשטאנען א פּאָר רעגעס און דערנאָך פאר זיך באשלאָסן: זי שלאָפט. ער איז ארײַן צו זיך און אנידערגעזעצט זיך קעגן יאָסעפן. ער האָט הארט זײַן שטול צו יאָסעפס שטול צוגערוקט און אָנגעהויבן מיט א שעפּטשענדיקער שטים:

— ווערע שלאָפט... איצט קומט אָן יענע מינוט, ווען מײַן לעבן דארף אריבערשפּרינגען איבער א טהאָם. איבערן טהאָם הענגט א דין שטריקעלע — דאָס איז... יאָסעף קריטשעווסקי. ווי מיינסטו כ׳וועל אריבער דעם טהאָם?

יאָסעף האָט זיך אומצופרידן א זריי געטון אף זײַן שטול:

— הער אויס, וויקטאָר. די גאנצע מײַסע נעמט אָן א ווילדן מעלאָדראמאטישן כאראקטער... איך בין ניט געקומען אהער צו ליקווידירן אָדער פארבינדן פערזענלעכע באַציִונגען...

— וואָס־זשע דען?

— מע האָט מיך ארויסגעדופן. דו ווייסט עס אויסגע־
צייכנט.
— איך?
— יאָ, דו, וואָס מאכסטו זיך געפּייגערט? דו האָסט דען ניט
קײַן כיילעק דערין?
— אין וואָס?
— נו, מיילע... וואָס פארלאנגסטו איצט?
— איך האָב געמיינט, אז... דו ביסט מיר ניט קײַן סוינע.
— געוויס ניט! — האָט קריטשעווסקי אויסגעשריִען מיט פרייד —
מיר זײַנען דאָך ביידע קאָמוניסטן, צו אלדי שווארצע יאָר, און
פארלאנגען איינס!
— פארוואָס־זשע פרעגסטו זיך נאָך אזוי אף מײַען?
— וואָס פאר א שײַכעס האָט עס אהער?
— פארוואָס־זשע האָסטו אזוי ווילד געקוקט אף ווערען?
— פונוואנען ווייסטו?
— איך האָב... געזעען.
— וויקטאָר שלאָג זיך עס ארויס פון קאָפּ... צו ווערעס
איצטיקער לאגע האָב איך קיין שום שײַכעס ניט. ניט פון מיר
טראָגט זי...
— פארוואָס מיינסטו אזוי?
— א? וואָס?
— אז... ניט פון דיר.
יאָסעף האָט א לאך געטון:
— ווי מיינסטו, ווען עס זאָל זײַן פון דיר, וואָלסטו עס גע־
ווּסט?
— דו שפּילסט שוין ווידער מיט מיר אין באהעלטעניש...
יאָסעף האָט זיך אופגעהויבן פון זײַן אָרט און איז צו דער
טיר אוועק. וויקטאָר איז אים דעם וועג פארלאָפן. ער האָט א
פּרווו געטון די טיר, זי איז פארשלאָסן. ער האָט ארויסגענומען
דעם שליסל און ארײַנגעלייגט צו זיך אין טאש. קריטשעווסקי
האָט אים נאָכגעשפּירט:
— וואָס טוסטו?
— איך וויל, דו זאָלסט דאָ בלײַבן...

— און איך וויל ניט. דו רעכנסט מיך צווינגען?

— יאָ.

יאָסעפֿן איז פֿריילעך געוואָרן. ער האָט זיך פֿאַרשאַרט די אַרבל, אַ שפּײַ געטון אין די הויפּנס:

— לאָמיר זיך פּרוּוון, נו?...

נאָר זיי האָבן זיך ניט געפּרוּווט. יאָסעף איז געבליבן שטיין מיט פֿאַרשאַרטע אַרבל אין מיטן צימער, און וויקטאָר איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ ווינקל. יאָסעף האָט געשמייכלט און געטראַכט, אַז וויקטאָר איז בּיכלאַל אַ מענטש אַ גאָרנישט, אָדער... אַ קראַנקער. דאָס לעצטע איז געווען פֿאַר אים אַ ביסל איבּערצײַגנדיקער, און ער האָט אין איין קורצער מינוט באַוויזן דורכצוקוקן די גאַנצע ליניִע וויקטאָרס פֿון דער מינוט אָן, זינט ער האָט אים דערקאָנט. די ליניִע איז געווען אַ געבויגענע, אַ געבראָכענע, אַ צעריסענע, אָן אַ רוקנביין. יאָסעפֿן איז איצט אײַנגעפֿאַלן, אַז ווי־ניט־ווי, נאָר וויקטאָר איז אויך אַ שטיקל בּויער, און ער האָט איצט די בעסטע געלעגנהײַט צו דערקאָנען אים גוט — אױף דורך און דורך. פֿאַרוואָס זאָל ער זיך דערמיט ניט באַנוצן? צו דער פּראָבּלעם פֿון קאַדרען (יאָסעף אַרבּעט פֿאַנאַנדער אין דער שטיל דידאָזיקע פּראָבּלעם און האַלט דידאָזיקע אַרבּעט זײַנע פֿאַר איינע פֿון די וויכטיקסטע אַרבּעטן אין זײַן לעבּן) איז דאָסדאָזיקע נישטיקע פּיצעלע איינס, וואָס הייסט וויקטאָר שטשאָטשיקאָוו, אויך אַ טראָפּן שטאָף. דעריבּער האָט ער צו אים פֿריילעך אַ וואָרף געטון:

— נו, גוט... רעד... כאַפּ דיך דער וואַטנמאַכער! לאָמיר הערן, וואָס דו האָסט אַרויסצולייגן...

נאָר וויקטאָר האָט גערעדט ווילדע זאַכן. נאָך יעדן זאַץ וויקטאָרס איז פֿאַר יאָסעפֿן אַלץ קלאָרער און קלאָרער געוואָרן, אַז וויקטאָר איז קראַנק אױף אַ מאָדנער, אױף אַ שווידערלעכער קרענק. אין די סאַמע ווילדעסטע וואַריִאַציִעס, אין די סאַמע אויסטערלישסטע געשטאַלטן האָט וויקטאָר געשטעלט פֿאַר יאָסעפֿן אַלץ איין און די זעלבּע פֿראַגע:

— איך לעבּ, אָדער איך שטאַרבּ? אויבּ איך שטאַרבּ, איז פֿאַרוואָס אַזוי פּאַמעלעך?

ס׳איז אומעגלעך געווען צו דערשלאָגן זיך בא אים, פונוואַ־נען האָט זיך גאָר גענומען צו אים אזא געדאנק. ער האָט אָנגע־רופן אסאך נעמען, אָבער זיי אלע האָבן דערצו קיין שום שײַכעס ניט געהאט. וואָס איז דען דאָ שולדיק ווערע זילב, אויב זי האָט אים איינמאָל אין א שפּאס א זאָג געטון, אז ער זאָל ניט אזוי שטארק האָפּערדיק זײַן, מאכמעס... זי איז טאקע א טויטער מענטש, אָבער ער, וויקטאָר, איז אויך א קאנדידאט... און טײַבל? און יאָסעף? און די אלע איבעריקע? ניין, קיינער איז דערין ניט שול־דיק. שולדיק איז ער, וויקטאָר אליין. אזוי זאָגט ער איצט צו יאָסעפן, און זײַנע ווערטער זײַנען אזוי מאָדנע עכט און איבערד־צײַגנד, אז יאָסעף פילט זיך באזיגט פון זיי. ווי אזוי דאָס האָט פּאסירט מיט אים — ווייס ער ניט. וואָס האָט זיך אין זײַן לעבן אָפּגעריסן — ווייס ער אויך ניט. ער ווייס איינס: אין בירגער־קריג האָט מען אים א ווײַז געטון א כאָלעם. ער האָט דערפאר זײַן לעבן אײַנגעשטעלט און... מע האָט אים מיִעס אָפּגענארט. מע האָט אים צוגעזאָגט די זון און געגעבן האָט מען אים א צע־שפּאָלטענעם טעלער, נא, זאָגט מען צו אים, מאך אזעלכע טעלער. ווען דו וועסט אָנמאכן אסאך, אסאך אזעלכע טעלער, וועט שוין די זון אליין אראָפּפאלן פון הימל, גלײַך צו דיר אין שיסל ארײַן. ער גלויבט ניט דערין און קאָן דעריבער קיין טעלער ניט מאכן. איז וואָס זאָל ער טון? ארײַנלאָזן זיך א קויל אין שלייף?

קריטשעווסקי האָט געהאט אן איבל־געפיל צו אים. דאָס, וואָס וויקטאָר האָט איצט גערעדט, איז געווען זייער ענלעך אף דער פּליסיקײַט, וואָס עס לאָזט ארויס פון זיך א וואָרעם, ווען מע צעטרעט אים. ווער און וואָס האָט וויקטאָרן צעטראָטן, האָט איצט יאָסעפן ניט אינטערעסירט. וויקטאָר איז קראנק און נייטיקט זיך אין הילף. צוויי שאָ האָט וויקטאָר גערעדט, און יאָסעף האָט גע־הערט. די גאנצע צוויי שאָ האָט יאָסעף געהאט דעם קעסיידער־דיקן איבלדיקן אײַנדרוק, אז וויקטאָר ברעכט. ער ברעכט מיט ווערטער, זײַן מארך איז לויז געוואָרן, און ער ברעכט ניט פון מאָגן ארויס, ניט מיט ניט קיין איבערגעקאָכטע אָדער פאַרדאָר־בענע שפּײַז, נאָר פון מארך ארויס, מיט לויזן מארך ברעכט ער. און די גאנצע סינע, וואָס יאָסעף האָט פריִער געהאט צו דעמ־

דאָזיקן מענטשן, האָט זיך איצט אריבערגעשווענקט און פאַרגאָסן טײַבלען. ווו איז זי געווען? פאַרוואָס האָט זי זיך ניט אומגעקוקט אַף דעמדאָזיקן מענטשן? ער איז דען איר ניט קיין כאַוער? פאַר די צוויי שאָ האָט זיך אין קאָרידאָר צוויי מאָל די טיר אָן עפן געטון, און צוויי מענטשן זײַנען אין דער דירע ארײַן. איינער פון די צוויי מענטשן איז טײַבל געווען. ער האָט אירע טריט דער־קאָנט. נאָר ער איז צו איר ניט ארויס. ער האָט וויקטאָרן א פאַר־כאַלעשטן געלאָזט ליגן, שטיל ארויסגעגאַנגען דעם שליסל פון זײַן טאַש און איז אוועק. פון דעם נאָענסטן אווטאָמאַט האָט ער אָנגעקלונגען אין דער גיכער הילף — ארויסגערופן צו וויקטאָרן. פון דעמזעלבן אווטאָמאַט האָט ער אָנגעקלונגען צו טײַבלען. ער האָט איר אַלץ דערציילט און געמאָלדן, אַז אין א פּאָר מינוט ארום קומט צו זיי די גיכע הילף. ער וועט האָבן מיט איר א שמועס, ווען וויקטאָר וועט געזונט ווערן. ביז דאַן וועט ער זיך מיט איר ניט קאָנען זען. ער האָט אופגעהאַנגען דאָס טרײַבל און איז אוועק אין גאַס. דער ווינט האָט געבושעוועט. אים איז געווען אין דער מינוט אַלצײנס, וווהין צו גיין. ער דאַרף א פּאָר שאָ שפּאַצירן, זיך אָפּפרישן אביסל. ער האָט א קוק געטון אפן הימל — דער שניי מיטן רעגן האָבן געשאָטן און געגאָסן ווי פון אונטן ארוף. ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום ווינט און איז אוועק אין דער שטאָטישער נאַכט.

.4

און ווידער איז דער הימל הויך און לויטער. דאָס ביסל אומ־ענדלעכקײַט, וואָס הענגט איבער אונדזער דאַרעם, ווערט גאָר קיינמאָל ניט מיד לויטער און מונטער צו זײַן. דאָס איז אונדזער פענצטער אין דעם אייביקן הויכן זומער ארײַן, און דערדאָזיקער פענצטער לײַכט גוט. און ווידער טראָגט זיך א צוג, דאָסמאָל פון צאָפן אַף דאַרעם, און בא איינעם א פענצטער פון איינעם א וואַ־גאָן שטייט ווידעראמאָל יאָסעף קריטשעווסקי און קוקט ארויס אַף די שווינדלדיקע לילאָווע ווײַטן און גרינע פעלדער.

דער מענטש, וואָס האָט געהייסן וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש שטשאָטשיקאָוו, עקזיסטירט שוין ניט. ער איז צען טעג אָפּגעלעגן אין דער קליניקע פאר פסיכיש־קראנקע און אפן עלפטן טאָג איז ער געשטאָרבן. אפן צוועלפטן טאָג האָט מען אים פארטיק געמאכט צום פּאלמעסן און אפן דרײַצנטן טאָג האָט מען אים געשניטן, און בײַ זײַן מארך און אינגעווייד האָבן זיך סטודענטן ארומגעפּאָרעט. אפן פערצנטן, אפן פופצנטן, אָדער ווייס איך ווען דאָרטן, האָט מען די רעשטלעך, וואָס איז געבליבן פון וויקטאָרן, צונויפגעקליבן און אין דער קרעמאטאָריִע עס פארברענט.

דער מענטש, וואָס האָט געהייסן וויקטאָר וויאטשעסלאוויטש שטשאָטשיקאָוו, ווען ער האָט געלעבט, איז ער ווי יעדער לעבע־דיקער מענטש מיט טויזנטער פעדים געווען פארבונדן און פאר־קניפּט מיטן לעבן און האָט געשריִען פון ווייטיק און בלינדקײַט, אז ער איז אליין און אים איז שווער. איצט איז די איבערבלײַבע־ניש זײַנע — די אורנע אש — געשטאנען אין דער וואנט, אין איין ריי מיט אסאך אנדערע אורנעס — איבערבלײַבענישן פון מענטשן, וואָס האָבן געלעבט, געשריִען, געבלוטיקט און זײַנען געבליבן רויִק אין זייערע ליימענע טעפּ דאָ, אין דער קרעמאטאָריִע. די פּאָליצעס אורנעס — דאָס איז געווען א שטילע פארזאמלונג פון מענטשן, וואָס האָבן אמאָל געלעבט, און יעדער איינער פון זיי האָט געהאט זײַן פּאָנעם. איצט זײַנען זייערע אלע פּנימער דורכן קוימען פון דער קרעמאטאָריִע ארויסגעפלויגן, און דאָס ביסל אש, וואָס איז געבליבן נאָך זיי, רוט שטום אין דער אורנע. אָבער פון וויקטאָרן איז כוץ אש געבליבן נאָך עפּעס. צוויי האלב־קײַלעכדיקע שטיקער מארך, ווי צוויי פערטל יאָדערן פון א ריזיקן נוס, האָבן זיך אין שפּירעט געווייקט אין א גלעזערנעם טאָפּ אין דער לאבאָראטאָריִע פון דער קליניקע. אף די רינוועלעך און גריבעלעך פון וויקטאָרס מארך־הײַטל איז געווען עפּעס פארשריבן אף א ווונדערלעכער שפּראך. דאָרט איז געווען אויסגעמאָלט די אינערלעכע געשטאלט פון דער לעבעדיקער מאשין, וואָס האָט געהייסן וויקטאָר שטשאָ־טשיקאָוו, פון דעם מענטשן, וואָס האָט אף איינעם פון די באלקאָנס בא אונדזער ניט דערבויטער שטוב דעם גלײַכגעוויכט פארלאָרן און איז אראָפּגעפאלן אין טהאָם פון ניטזײַן — אין סאמע אומזי־

ניקסטן און כּוישעכדיקן טאָל, ווו קיין לעבּעדיקע מענטשלעכע פוס איז נאָך קיינמאָל ניט געטראָטן.

קריטשעווסקי איז געשטאַנען באַם אָפענעם פענצטער פון וואַגאָן און געטראַכט וועגן דער בּויונג. ער האָט געבּענקט נאָך דער אַרבּעט. ער האָט געבּענקט נאָך די זעקס טויזנט פּאָר הענט, וואָס טרעטן צו די בּויונג צו בּויען.

וואָס פאַר אַ זין, — האָט ער געטראַכט, — האָט די זון, דער לויטערער הימל, די גרינגע שווינדלדיקע ווײַטן אָן דעם מענטש? אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט דער מענטש אין זײַן צעשטויבּטקײַט, אין זײַן אָפּגעזונדערטן, אָפּגעשיידטן זײַן, אין זײַנע איבּערלעבּונגען, וואָס זײַנען שטענדיק נישטיק, אויב זיי קומען נאָר פון זיך און גייען ניט ווײַטער ווי צו זיך אַליין? דער געשריי פונעם איינצלנעם מענטשן, ווי הויך ער זאָל ניט זײַן, איז קיינמאָל ניט מער ווי אַ קוויטש, און דער שטילסטער געבּרום פונעם אַרבּעטנדיקן און שאַפנדיקן קאָלעקטיוו, ווי פאַרשטיקט ער זאָל ניט זײַן — איז מוירעדיק און קאָן די וועלט אופטרייסלען. דער ווייטיק פונעם איינצלנעם מענטשן, ווי שאַרף ער זאָל ניט זײַן, איז קיינמאָל ניט מער ווי אַ ווייטיק פון אַ צעשניטענעם פינגער, און זײַן פרייד איז קיינמאָל ניט מער ווי די פרייד פון אַ שטויבּל, וואָס הייבּט זיך און פאַלט גלײַך אָנמעכטיק צוריק. אָבער די פריידן און ווייטיקן פון די מיליאָנען אַרבּעטנדיקע הענט בײַטן דאָס פּנים פון דער ערד.

פונדאַנען האָט געשטאַמט קריטשעווסקיס בּענקשאַפט נאָך די זעקס טויזנט פּאָר הענט, וואָס דאַרפן אָט־אָט צוטרעטן צו דער בּויונג. אין זײַן זינגעוודיקער פאַרכאָלעמטקײַט האָט ער שוין געזען, ווי זעקס טויזנט מענטשן שלעפּן באַלקנס און לייגן שטאָק אויף שטאָק, ווי זעקס טויזנט פּאָר פּיס טאַפּן די ערד ווו אַ טראָט צו שטעלן, ווי זעקס טויזנט פּאָר אויגן קוקן אַ אַרויף, אַ אַראָפּ, אַ אין די ווײַטן, אָבער דעריקער — פאָרויס, ווײַל די מענטשלעכע אויגן זײַנען אײַנגעפאַסט אין זייער הויכן פּראָנט.

— האַלט זיך! — האָט קריטשעווסקי אויסגעשריִען — דו וועסט פון צוג אַראָפּפאַלן און געניזעקט ווערן.

— ווער — האָט דער אוקראַיִנישער דעלעגאַט, וואָס איז איצט צוזאַמען מיט אים צוריק פון צענטער געפאָרן א פרעג געטון.

— א פּאַסאַזשיר עפּעס דאָרטן, — האָט קריטשעווסקי מעכאַניש געענטפערט, — האָט זיך פאַר די פּאַרענטשעס פון די וואַגאָן־טרעפּלעך אָנגענומען און די פיס אונטערגעהויבן, געוואָלט פליִען.

— אָ... ס'ווענדט זיך, ווּהין ער וועט שפּרינגען, אויב פּאָרויס...

— אַלצײַנס! — האָט קריטשעווסקי אויסגעשריִען. — אויב ער וועט אינגאַנצן ניט געניזעקט ווערן, וועט ער רוק און לענד ברעכן און וועט ארומפּויזען איבער דער ערד ווי א וואָרעם און נעדאָווען בעטלען.

— דאָס — יאָ, — האָט דער אוקראַיִנער מאַסקים געווען און אויך אַף די שווינדלדיקע ווײַטן זיך פאַרקוקט.

— עס גרינט גוט, — האָט ער אין א ווײַלע ארום צו קריטשעווסקין א ווונק געטון.

— עס גייט אוף הויך! — האָט קריטשעווסקי מאַסקים געווען; און פאַר זיך האָט זיך אים א טראַכט געטון: ווײַסע שיידים, ווו זײַט איר ערגעץ דאָרטן? קומט אהער, זעט, מיר לעבן און וואַקסן!

— האַלט זיך! — האָט קריטשעווסקי צו זיך אליין א שעפּטשע געטון — מיר שטייען נאָך ניט אזוי הויך און שוין שווינדלט דער קאָפּ בא די איינע מערוינעס! — אזוי האָט זיך אים אין דערדאָזיקער רעגע וועגן וויקטאָרן געטראַכט.

דער צוג האָט געיאָגט. דער שטויב האָט געשמיסן אין פּאָנעם אַרײַן. דער רויך פונעם לאָקאָמאָטיוו האָט זיך געברוינט אַף דער זון, און דער געבריל און געברום און געלויף פון די רעדער אַף די רעלסן איז געווען א הייסער און אײַליקער — אײַזערנע הינט זײַנען אין דעם צוג געווען געשפּאַנט. יאָסעף האָט זיך געקוויקט מיטן געלויף און געטראַכט, אז אין יעדן פּיצל מאַטעריִאַל, פון וואָס דער צוג איז געמאַכט, ליגט פאַרקנאָטן מענטשלעכע זין, מי און ווילן — דרײַ שטיקלעך געצײַג פונעם מענטש, וואָס איז...

וואַרט צו... וואָס איז דער מענטש? יאָ: קיינמאָל ניט ווייניקער פון א באשעפער.

ס׳אַרא וווּנדערלעכע באשעפעניש דאָס איז! — האָט ער זיך אין געדאַנק אַנטציקט, — עס ווערט קיינמאָל ניט אויס שעפער, ניט באַם זינען, ניט אויסערן זינען, ניט נאָכן טויט אפילו. וויק־טאָר איז דאָ קיין אויסנאַם ניט. ס׳איז אוממעגלעך צו פארגעסן די שאָ, וואָס ער האָט אין דער קליניקע פארבראַכט.

פאַרן אָפּפאָרן אױף דער בויונג איז ער צום דירעקטאָר פון דער קליניקע אַריין.

— באַ אייך אין קליניקע איז געלעגן און געשטאָרבן וויק־טאָר וויאַטשעסלאַוויטש שטשאָטשיקאָוו...

— יאָ, כאַווער.

דאָס וואָרט „כאַווער" האָט אומגעריכט דערקוויקט.

אין דער שטילקייט פונעם פּראָפעסאָרס קאַבינעט, דאָרט, וווּ אויפן שרייבטיש זיינען אויסגעלייגט געלעגן שטיקער אייזערנע טרויבן מיט הילצערנע הענטלעך, האַלבע ציגל, קיזלשטיינער, פעסטע דעמבלעך — געוויער פון די קראַנקע אױף דערהאַרגענען דעם אשמעדאַי דעם דאָקטער, דאָרט, וווּ אױף זייטיקע טישעלעך זיינען געווען אויסגעשטעלט גרינע טייוולאָנימלעך, פרעש, קראָקאָדילן, אַכבערעשן, שלאַנגען, עקדעשן, אש־קעסטעלעך, הענטלעך, שאַכ־טעלעך, קוישעלעך און וווּנדערלעכע שפּילצייג — אַלץ פון שוואַרצן ראַזעווען ברויט אויסגעקנאָטן אין שאָען פון וועלפּישן אומעט דורך הענט פון מענטשן, באַ וועמען דער זינען האָט זיך געפעלט אָדער איז געלעכערט געוואָרן; דאָרט, וווּ די ווענט זיינען דורכויס באַהאַנגען געווען מיט פארביקע, שוימיקע, העלע און שרייענדיקע בילדער פון ווילדע לאָטאָסן, וווּנדערלעכע בלומען, וואָס האָבן עקזיסטירט נאָר אין דעם צעפּיצלטן מאַרך פון זייערע באשעפער, מאָדנע פויגל אױף מענטשישע פיס און ווילדע מענטשן מיט פויגל־שע קעפּ, ריזיקע לאַבירינטן פון ליניִען און שטריכן, שווינדל־דיקע קאָמבינאַציִעס פון פארביקע געפלעכטן — אין אַזאַ מין צי־מער האָט אויך געלעבט דער מענטש —דער באשעפער און אַרויס־געקאָטעמט דורך זיינע שאַפונגען צעפּיצלטן זינען, פאַראַקשנטן ווילן און ליכטיקע מי.

באַם טיש איז געזעסן א מענטש אין די יאָרן. דער מענטש איז אלט געווען געוויס אריבער פופציק. ער איז געווען אָנגעטון אין א פּאַשעטן פרענטש. זײַן קורץ געשוירן בערדל האָט זיך געגראָט און געזילבערט, און די אויגן זײַנען געווען פארשטעלט מיט א פּאָר פּאָשעטע ברילן אין א זילבערן רעמל. דעם מענטש האָט מען גערופן פּראָפעסאָר לין, ער איז געווען דער דירעקטאָר פון דער קליניקע. ער האָט מיט א שטילן באַוועג מיט דער האַנט געוויזן קריטשעווסקין א שטול קעגנִיבער זיך און געבעטן זיצן. קריטשעווסקי האָט זײַנע אויגן פון די ווענט אָפּגעריסן און מיט א ווײַטערדיקן ברום אין דער שטימע א פרעג געטון:

— פון וואָס איז ער אראָפּ...

— אנטשולדיקט, כאווער... דאָ איז ניטאָ... קיין אראָפּ... דאָ איז א שפּיטאָל פאַר קראנקע.

קריטשעווסקי איז רויט געוואָרן.

— אנטשולדיקט. . איך האָב געוואָלט פרעגן... אף וואָס איז ער קראנק געווען, פון וואָס איז ער געשטאָרבן...

פּראָפעסאָר לין האָט די פארבּ אף קריטשעווסקיס באַקן באַמערקט און געשמייכלט.

— מיר באַנוצן שוין איצט ניט די טערמינעס: מעשוגענער, דולער, אראָפּ פון זינען... קיין מעשוגאָים־הײַזער איז בא אונדז ניטאָ... דאָ איז פּאָשעט א... רעמאָנט־ווארשטאט... מיר לאָזן ארויס א היפּשן פּראָצענט אויסגערעמאָנטירטע...

פּראָפעסאָר לין האָט זיך איבערן טיש אריבערגעבויגן:

— אײַער פּראָפעסיִע?

— בוי־אינזשענער.

— א־א... אײַך אינטערעסירן פּראָטים, אָדער אלגעמיינע שטריכן פון זײַן קרענק? פארוואָס אינטערעסירט עס אײַך? איר זײַט זײַנער א פרײַנט?

— א כאווער. מיר האָבן צוזאמען געארבעט אף איין בוי־פּראָיעקט. מיך אינטערעסירט דער טאָך פון זײַן קרענק.

— יאָ, געוויס... פּראָטים זײַנען ניט אזוי אינטערעסאנט. דאָ האָבן מיך שוין באַזוכט צווײ פרויען, די כאווערטע... שטשאָטשיקאָווע, זײַן פרוי און ווערע זילבּ.

— זיי האָבן גערעדט מיט אײַך?

— יאָ. װערע זילב איז איצט אונדזער פּאַציִענטקע... זי... נייטיקט זיך אין א שטיקל רעמאָנט.

— יאָ?

— יאָ. איז אָט. די קרענק איז, פארשטייט זיך, אן אלטע. נאָר אָפּהענגיק פון דער עפּאָכע און סוויווע נעמט זי אָן אלעמאָל נײַע פאָרמען.

ס׳איז געשטאנען א גאנץ לינדער פרילינג־פארנאכט. דער פענצטער פון קאבינעט איז געווען אָפן און פארהאנגען. פּראָפע־סאָר לין האָט א קוק געטון אף קריטשעווסקין און געוואָלט פאָרזעצן. נאָר דער פאָרהאנג האָט זיך א שטילן וויג געטון און אין קאבינעט האָבן זיך ארײַנגעריסן עטלעכע אומגעריכטע כוואליעס הילכיקע קלאנגען: אפן הויף האָבן עטלעכע הארמאָני־קעס מיטאמאָל א שפּיל אוף געגעבן עפּעס א מוזיקאלישע פּיעסע, און א צוויי צענדליק מענער־און פרויען־שטימען האָבן א פריי־לעכע ליד פארצויגן. קריטשעווסקי האָט אויסגעדרייט זײַן קאָפּ צום פענצטער. לין האָט עס באמערקט. ער איז צום פענצטער צוגעגאנגען און אופגעהויבן דעם פאָרהאנג. א ווײַלע איז ער גע־שטאנען און געקוקט, דערנאָך האָט ער יאָסעפן צו זיך א רוף געטון:

— איר זעט, אָט די געשטופּלטע? די ערשטע רעכטס? זי האָט א זעלטענע שטים, און דערוווּסט זיך וועגן דעם האָט זי בא אונדז. זי האָט דאָ ניט שלעכט אנטוויקלט איר שטים, — האָט ער קימאט ווי צו זיך אליין א זאָג געטון און געוואָלט פון פענצטער אוועק.

— ווער זײַנען זיי? אײַער פּערסאָנאל?

לין האָט א שמייכל געטון:

— ניין. קראנקע. אין א שטיקל צײַט ארום וועלן זיי זיך אלע אומקערן אהיים, יעדערער צו זײַן ארבעט. דאָס רעפּעטירן זיי איצט אן ארויסטרעטונג.

— אָ, יאָ... — האָט זיך אף עפּעס קריטשעווסקי געכאפּט און איז צום פענצטער צוגעפאלן.

דער געזאנג איז געוואקסן און געשטיגן הויך און העכער. דער געזאנג האָט זיך אין קיין פּראט ניט אונטערגעשיידט פון א

געזאנג בא געזונטע און נאָרמאלע מענטשן. נאָר קריטשעווסקין האָט זיך אויסגעדוכט, אז ער כאפּט אויף אין יעדער שטים א באַזונדער פריידיקן ציטער. פונוואַנען שטאמט עס? א, יאָ... פון אנטציקונג. די קראנקע זײַנען אנטציקט פון זייער אייגענעם געַ-אַנג, פון זייערע אייגענע שטימען, וואָס טראָגן זיך הויך און גלאט, וואָס וואקסן און פלעכטן זיך אין פריידיקע כוואליעס. עס איז זייער מעגלעך, — האָט קריטשעווסקי פאר זיך אָן אנטציקטער געטראכט, — אז זיי ווייסן אליין ניט פון דעם רירנדיקן ציטער אין זייערע שטימעס. אָבער ער האָט עס גלײַך געכאפּט. אָט הערט ער בוילעט, ווי זייערע לידער שרײַען: גי־כער! לאָ־מיר גי־כער גע־זונט ווע־ע־רן! מיר ווילן לעבן! לאָ־מיר לעבן הע־לער! לאָ־מיר לעבן פו־לער! לאָמיר טיפער, ברייטער, שטארקער לעבן! לאָמיר לעבן! לאָמיר לעבן!! לאָמיר לעבן!!!

אָ, ווי ער האָט געקאָנט כאָלעמען, דערדאָזיקער יאָסעף קרי-טשעווסקי, דער זון פונעם קליינשטעטלדיקן ייִצכעק־יאנקעוו דעם מעכאניקער, וואָס האָט געוויײַסט באלעבאטישע פיש־פאנען, פאַ-ריכט יונגעלײַטישע זייגערלעך און א לעבן נעכט אָפּגעארבעט איבער עפּעס א מין דערפינדונג, צוליב וועלכער ער האָט זיך מיט אהיווי־יעדידי־בריוועלעך איבערגעשריבן אזש מיט עדיסאָנען פון אמעריקע! ייִצכעק־יאנקעוו דעם מעכאניקער האָבן פּעטליר-ראָווצעס פארטיק געמאכט, איידער ער האָט באוויזן מארעש־אוילעם צו זײַן מיט זײַן דערפינדונג, אָבער די פעיִקײַט צו כאָלעמען האָט ער ביערושע איבערגעלאָזט זײַן זון — יאָסעף יאקאָוולעוויטש קריטשעווסקין.

פּראָפעסאָר לין האָט געקוקט אף קריטשעווסקיס אימפּולסיווע באַוועגונגען, אף זײַן אויסדרוקפולן און לעבעדיקן פּאָנעם און געטראכט פאר זיך, אז דערדאָזיקער סוביעקט איז מיט א לעבנס-טאָנוס, וואָס איז כאראקטעריסטיש פאר אונדזער צײַט, אז דער-דאָזיקער סוביעקט איז שוין אף גוטע זעכציק פּראָצענט א פּראָ-דוקט פון אונדזער עפּאָכע — אַן עפּאָכע, וואָס האָט דעם אלטן פּראָפעסאָר יונג געמאכט און געפרייט.

פּראָפעסאָר לין האָט צוריק דעם פאָרהאנג אראָפּגעלאָזן, קריטשעוו-סקין אונטער דער האנט גענומען און אנידערגעזעצט אים אף זײַן אָרט.

— איז אָט, וועגן וויקטאָר שטשאָטשיקאָווס קרענק, לויטן טעמפּ דערמאָנט זי א שנעל־פליסנדיקע שווינדזוכט. א וויכטיקער צענטער אין קאָפּ־מארך ווערט רויִנירט אין מעשעך פון שאָען און טעג. אמאָל פלעגן אזעלכע סוביעקטן באגיין זעלבסטמאָרד, ווײַל אף זייער באוווסטזײַן פלעגט דריקן מיט אן אומגעהײַערער קראפט די מאניע פון איינזאמקײַט. איצט האָט זיך דידאָזיקע מאניִע טראנספאָרמירט אין... א מאניִע פון אומנוצלעכקײַט. דער סוביעקט פילט זיך אָנמעכטיק אויסצופילן די פונקציִעס, וואָס ער וואָלט געוואָלט, און אלדאָס איבעריקע ווײַזט אים אויס נישטיק און אומנוצלעך. די אידייע־פיקס בא אזא מין סוביעקט איז, אז ער שטארבט, נאָר ער שטארבט צו פּאמעלעך. „שטארב גיכער!“— שעפּטשען זיי צו זיך אָן אופהער, און... דערמיט שטארבן זיי. דער לאָזונג אן און פאר זיך, — האָט פּראָפעסאָר לין גע־שמייכלט, — איז א גאנץ נוצלעכער און אקטועלער, ווען מע ווענדט אים אָן צו יענע דערשײַנונגען אין לעבן, וואָס האלטן ווירקלעך באם אָפּשטארבן און שטארבן טאקע צו פּאמעלעך. דאָס כאראקטעריסטישע אָבער פאר קראנקע סוביעקטן איז דאָס, וואָס זיי ווענדן אים אָן צו זיך, און דאָס פארשנעלערט זייער שטארק דעם טעמפּ פון די רויִנירונג־פּראָצעסן אין זייער אָרגאניזם. וועגן פּראָפילאקטישע און קלינישע מיטלען איז שווער איצט גענוי עפּעס צו זאָגן. די קרענק בײַט אירע פאָרמען, און די אלטע מיטלען זײַנען, פארשטייט זיך, ניט אינגאנצן צוגעפּאסט. אויסער אלגעמיינע פיזישע מיטלען איז, לויט מײַן מיינונג, זייער נייטיק ארומרינגלען אזא מין סוביעקט מיט א גרויסער פארשיידנארטי־קער טעטיקער און לעבעדיקער סוויווע — קוידעמקאָל! מע דארף אים געבן טון אזוינס, וואָס זאָל אים אויסווײַזן צו זײַן זייער וויכטיק, און דעריקער — ער מוז גלײַך זען די רעזולטאטן פון זײַן ארבעט. ער נייטיקט זיך אין דערנעענטערונג. ער האָט ליב, מע זאָל אים רימען, מע דארף איר צוריקערן די פרייד, און דעריקער — די עמפּינדונג פון לעבן. בא שטשאָטשיקאָוון איז די קרענק געווען אין א שארפער פאָרמע. דאָס איז, ווי שטענדיק, אי ערגער, אי בעסער. ווען ער קומט צו אונדז צו דער צײַט — ווערט ער גיך אויסגעהיילט. ער איז געקומען צו שפּעט. בא

זילבּ איז עס אין א כראָנישער פֿאָרמע. זי וועט מוזן דורכגיין א לאנגן און קאָמפּליצירטן קורס. אין דער ערשטער צײַט איז איר זייער שווער. מיר האָבן מיט גוואלד איבערגעריסן איר טראָגן. זי האָט אפֿן קינד געווארט מיט א געוויסן אומגעדולד און נײַגיר. דאָס איז געווען איר פֿאלשע פּערספּעקטיוו. נאָכן האָבן וואָלט זי פּעיִק געווען דאָס קינד דערשטיקן, און דאָס וואָלט זי געבּראכט צו שטשאָטשיקאָווס צושטאנד. אָבער שוין איצט לאָזט זיך מערקן די סטאַבּיליזאַציִע פֿון איר דעפּרעסיִע. אין קורצן וועלן מיר פֿון עטלעכע פּונקטן מיטאמאָל אָנהייבן די אטאקע אף איר דעפּרעסיִע און מיר האָפֿן אף גוטע רעזולטאטן.

גענוג! — האָט קריטשעווסקי א טראכט געטון און דערזעען, ווי זײַנע שווינדלדיקע לילאָווע ווײַטן זײַנען פֿארטונקלט געוואָרן — ס'איז אלץ אוועק, אוועק!.. ס'איז אף אים דעמאָלט — ווארט צו, ווען דעמאָלט? הײַנט פֿארנאכט איז דאָך עס געווען! נו, יאָ. ס'איז אף אים הײַנט פֿארנאכט אזא מין ליכטיקע פֿרייד באַפֿאלן, אז ער האָט מיט א מאָדנער קינדערשער ווארעמקײַט דעם פּראָפֿעסאָרס האנט געדריקט און איז געלאָפֿן פֿון זײַן קאַבּינעט גלײַך צום וואָקזאל. אפֿן וועג צום וואָקזאל האָט ער זיך אָן טײַבּלען דערמאָנט און געוואָלט הייסן דעם שאָפֿער פֿארקערעווען די מאשין צום נומער 23, אָבער אין די אויגן האָבן אים א בּליץ געטון איר פֿײַכטער בּליק אין דער קרעמאטאָריִע, און ער האָט אין געדאנק ווי אָנגעטריבן די מאשין: צום וואָקזאל! צום וואָקזאל! און איז ארײַנגעשפּרונגען אין וואגאָן, און אָט טראָגט אים דער צוג ווידער אהין, אפֿן דאָרעם, צו דער בּויונג, צו די זעקס טויזנט פּאָר הענט, וואָס זײַנען בּארופֿן א פּיצל וועלט איבּערקערן און איבּעראנדערשן. איבּערמאָרגן אינדערפֿרי וועט ער א גרויסן טייל זייערן זען, און דאָס וועט אפּסנײַ צעאקערן די רויערד פֿון זײַן הארץ, און אלע בּיינער אין זײַן גוף וועלן ערגעץ אינעווייניק אין זיך שרײַען און זינגען: מיר זײַנען געווען. זײַנען מיר, מיר וועלן נאָך זײַן, וועלן מיר!

די נאכט איז נעענטער צו דער ערד צוגעפֿאלן. דער קאָפּ איז בּא יאָסעפֿן ווי א פֿולער עמער שווער געוואָרן. מאָרגן וועט די זון זײַן, הא? זײַן! זײַן!

מיט איין שפרונג איז ער געווען אין דער קאבינקע, מיטן צווייטן — אף דער אייבערשטער פּאָליצע.

— וואָס איז געשען? — האָט דער אוקראַינער מיט א שטי־פערישן שמייכל א פרעג געטון.

— די נאכט טרײַבט אין בעט אריַין, — האָט קריטשעווסקי געענטפערט.

— אָ־אָ, ס׳ווענדט זיך וואָס פאר א נאכט... אן אנדער נאכט טרײַבט פון בעט ארויס.

שטענדיק ווענדט זיך בא אים אָן עפּעס, — האָט קריטשעווסקי פריילעך א טראכט געטון, — א ליבער יונגאטש, דערדאָזיקער ברוינער יונג. נאָר גיי, פיר מיט אים לעבעדיקע געשפּרעכן, אז אלץ ווענדט זיך...

נאָר ער האָט ניט דערטראכט. אלץ איז צערונען געוואָרן און אוועקגעשווומען ערגעץ ווײַט־ווײַט, ניט געוואָרן. די אויגן האָבן זיך מיטאמאָל א קלעפּ צונויף געגעבן, און אין דער ווײַטער וויגעניש איז ער טיף און שטארק אײַנגעשלאָפן.

און אף מאָרגן באגינען האָט א גרויסע, רויטע האלבע זון די לעדעלעך פון זײַנע אויגן פריילעך און ליכטיק אופגעריסן.

אָבער דאָס איז נאָך ניט געווען די עמעסע זון. דאָס איז גע־ווען א זון אין כאָלעם. אין דעמזעלבן כאָלעם האָט ער אויך וויקטאָרן געזען. ער איז געשטאנען אנטקעגן אים א לעבעדיקער און ביז ווייטיק די אויגן געשטאָכן. וואָס האָט ער געוואָלט? נאָר ניין. ער האָט זיך לאנג ניט געהאלטן. ער איז ניט גע־וואָרן, אוועק, און יאָסעפן איז דערפון לײַכטער ניט געוואָרן. דערנאָך איז אף אירע קורצינקע אײַליקע פיסלעך מײַנע געקומען צו לויפן. זי האָט געזאָגט: „פאפא, זע, דער בער וויל ניט טאנצן". און זי איז אויך ניט געוואָרן. און ס׳איז יאָסעפן דערפון שווערער געוואָרן. נאָר דער גאנצער כאָלעם האָט געדויערט ניט מער ווי א האלבע רעגע. אין דערדאָזיקער קורצער האלבער רעגע האָט נאָך יאָסעף באוויזן א קורצן דיאַלאָג צו פאַרפירן מיט עפּעס אן אומבאַקאנטן, אָבער זייער נאָענטן פרײַנט.

— זיי זײַנען ביידע ניטאָ, געשטאָרבן, — האָט יאָסעף צו זײַן פרײַנט געזאָגט.

— ניטאָ, — האָט דער פרײַנט באַשטעטיקט.
— שטאַרב גיכער, — האָט יאָסעף צו זײַן פרײַנט אַ ווונק געטון.
— גיכער. — האָט אים זײַן פרײַנט געענטפערט.
— און דער אַלטער? ער זיצט אין זײַן שטול, און זײַנע פיס זײַנען מיט אַ געקעסטלטן טוך צוגעדעקט?
— זיצט צוגעדעקט.
— ער לעבט?
— לעבט.
— ער וועט אין קורצן שטאַרבן.
— אין קורצן שטאַרבן.

קריטשעווסקי האָט זיך מיט גוואַלד פון זײַן געלעגער אופגעריסן און געגעבן אַ זעץ אוף. ער האָט זיך דעם קאָפּ אָן באַלקן פון וואַגאָן אָפּגעקלאַפּט און אַ שטילער אומעט האָט זײַן געמיט אַרומגעכאַפּט. ער האָט אַ קוק געטון אין פענצטער און דערזעען די האַלבע זון האַרט בײַ דער ערד. אַ ווײַלע האָט ער געקוקט אויף דער זון און גאָרנישט ניט באַנומען. וואָס איז עס? פרימאָרגן צי פאַרנאַכט? אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס איז פאַרנאַכט, און ער האָט זיך אַ וואַלגער געטון צוריק אויפן געלעגער, פאַרנורעט דעם קאָפּ אין די אַקסלען, פאַרשטעקט בײדע הענט אין די קניִען און ווידער אײַנגעשלאָפן.

און די זון האָט זיך געקוילערט האַרט בײַ דער ערד.

ווען ער איז אינדערעמעסן פון שלאָף אופגעשטאַנען, איז די זון געווען שוין אַ פּאָר מעטער איבערן האָריזאָנט. דער אוקראַיִנער האָט זײַן קליין רענצעלע געפּאַקט, געקליבן זיך אַראָפּשטײַגן.

— ווו זײַנען מיר?
— אונטער קיִעוו.
— איר שטײַגט דאָ אַראָפּ?
— יאָ. און איר?
— איך פאָר קיין איליטשעווקע.
— דאַרפט איר אויך דאָ אַראָפּשטײַגן.
— פאַרוואָס?

— דער צוג גייט ניט ווײַטער. קיין איליטשעווקע וועט איר האָבן א צוג עלף אינאָוונט.

קריטשעווסקי האָט זיך אומגעקוקט. א ווײַלע האָט זיך אים אויסגעדוכט, אז ער שלאָפט נאָך, און דאָס איז ניט מער ווי א כאָלעם. נאָר דער אוקראַינער האָט אים בא א האנט אָנגעכאפט:

— איר זעט?

— וואָס?

— ווי מע האקט די סטויפעס.

ער האָט געזעען: עטלעכע דאמף־גלאָמפן האָבן געהאקט סטויפעס אין דער ערד אריַין. די גלאָמפן האָבן שווער געדאמפט, געטעמט, געקרעכצט און געהאקט די סטויפעס אלץ טיפער און טיפער אין דער ערד אריַין. די סטויפעס זײַנען געקראָכן אין דער ערד, און דאָס ביסל איבערגעארבעטער דאמף איז געפלויגן ארויף, צום לויטערן הימל. דער אוקראַינער האָט מיט א געוויסן שטאָלץ געקוקט אף קריטשעווסקין. ער האָט צו אים א זאָג געטון:

— דאָס איז שוין א פיצעלע פונעם פינפטל!

— פון וואָסער פינפטל?

— פונעם פינפיאָריקן פלאַן.

— א־א... — האָט קריטשעווסקי א פארכאָלעמטער געענטפערט און געטראכט, אז ער איז א מיִעסן פעלער באגאנגען — ניט אפן ריכטיקן צוג זיך געזעצט. אים האָט אף א רעגע א פיצל קינע אָנגעכאפט. אים האָט זיך געוואָלט אין דער מינוט, גלײַך, דעם אוקראַינער בא א האנט אָנכאפן און ווײַזן אים:

— דו זעסט? אָט דאָס איז איליטשעווקע... א פוסט פעלד, יאָ? ווארט צו א ווײַלע, אָט גראָבט מען שוין די ערד. דאָ וועט זײַן א זאוואָד — א קראַך!

ער האָט אין געדאנק מיט א אינערלעכן בליק זיך א גליטש געטון איבער דער גאנצער מאסע צייכענונגען, פלאנען און געמעלן, ציפערן און צעטעלעך און פאפירן, — דאָס אלץ איבער וואָס ער און אנדערע — וויקטאָר האָט דאָ אויך א פיצעלע כיילעק — האָבן א יאָר צײַט אָפּגעארבעט און איצט פירט ער זיי באשטעטיקטע און פארטיקע — נעם און בוי!

אָבער איליטשעווקע איז ווײַט געווען — א גאנצע נאכט פאָרן — און א צוג וועט ער האָבן ערשט עלף אינאָוונט. און ער האָט דערוויַיל ניט מיט וואָס צו דעקן דעם אוקראַינערס שטאָלץ. ער האָט מיט זיך אליין אין געדאנק פלינק אָפּגעמאכט: „פּוסטע מײַ־סעס! וואָס איז דאָ צו בארימען זיך!״ און איז א פרייליכער מיט א ייִנגלשן שטיף אוועקגעשפּרונגען אין וואַש־צימער.

ווען ער איז צוריקגעקומען פון דאָרטן אַן אויסגעוואשענער, א פרישער, א מונטערער און שטארקער, — ער האָט שטענדיק גע־פילט ארום זיך דאָס הייסע צאַפּלדיקע לעבן. ער האָט שטענדיק געזעען זיך אליין אינעם מיטן פונעם דאָזיקן לעבן, — האָט ער זײַן בליק אין פענצטער פארוואָרפן. די זון האָט זיך דאָרט געשמאָלצן און געוואַרעמט אין דער אייגענער היץ. זי האָט זיך קאָנדענסירט. זי איז געוואָרן מיט יעדע פינף מינוט אלץ קלענער אין פארנעם, אָבער העלער און היציקער אין איר גלי. זי האָט זיך אין איר איי־גענעם גלי געגליט — דאָס האָט זי זיך גרייט געמאכט צום מיטן טאָג, צום העכסטן פּונקט אירן, ווען זי וועט קאָנען פון זעניט געבן א קוק אראָפּ, א ברי, און אוועקוײַלערן זיך אראָפּ, צוריק צום ראנד.

— אָהאָ! — האָט קריטשעווסקי אויסגעשריִען — הײַנט וועט א הייסער טאָג זײַן!

— יאָ, — האָט דער אוקראַינער פּאַשעט מאסקים געווען.

— אָן וואָס וואונדט זיך עס? — האָט קריטשעווסקי פריילעך בא אים א פרעג געטון.

דער אוקראַינער האָט ניט פארשטאנען און געענטפערט ניט צו דער זאך;

— אין דרײַ מינוט ארום זײַנען מיר אין קיִעוו.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט, און קריטשעווסקי איז אראָפּ־געשטיגן. ער האָט זיך אָפּגעמאָסטן די זיבעצן שאָ, וואָס ער האָט געהאט צו זײַן צוג קיין איליטשעווקע, און א טראכט געטון, וואָס ער האָט צו טון. ער איז ארויס אין גאס און פארווונדערט זיך אף דער ליידיקײַט. וואָס באטײַט עס? א־א! — האָט ער זיך א כאַפּ געטון, — הײַנט איז זונטיק! גוט. ער וועט די שטאָט בא־טראכטן.

ער איז אוועק איבער די גאסן מיט אופגעמאכטע אויגן. ער האָט זייער ווייניק בעלעטריסטיק געלייענט, דערדאָזיקער בויער. ער האָט דערפון ניט זייער שטארק געהאלטן. האָט ער ווען גע־האט א פרײַע שאָ, האָט ער זי קימאט שטענדיק געפּאטערט מיט מענטשן, אין שטוב צי אַף דער גאס — אָבער ניט אליין. ער האָט געקאָנט גוט כאָלעמען און ניט ערגער קוקן און זען. ער איז ניט געווען „צוגעבונדן" צום לעבן — ניין! ער איז געווען דאָס לעבן אליין. ער האָט זיך ניט געדארפט „באהעפטן" מיט דעם אלעמען, וואָס אין לעבעדיקן לעבן איז פאָרגעקומען, — ער איז געווען א טייל דערפון, און דאָס איז געווען דער דעקלאָזער קוואל פון זײַן ליכטיקן זײַן. ער איז געווען אין לעבן, ווי א פיש אין וואסער, און צום ברעג האָט ער ניט שטארק געצײַלט — דאָרט איז געלעגן דער טויט, אהין האָט ער געטריבן די געפּייגערטע פיש, וואָס האָבן זיך אים אין זײַן געשווים געטראָפן.

— שטארב גיכער! פאריפּעש מיר ניט דאָס ביסל וואסער!

ער האָט געהאט א לעבעדיקן און פריילעכן קאָנטאקט מיט אלדעם ווירקלעך לעבעדיקן, און צו אים האָבן זיך פון אייביק אָן געקלעפּט אין שטוב און אין דרויסן מענטשן, אָבער — דערי־קער — די אלע דרויסן־לײַט, וואָס האָבן דעם פּײַנסטן כוש אונטער־צושיידן פון אן עכטן לעבעדיקן מענטשן, ביז א פארגעלט וואָ־זאָגדל, וואָס וואקסט אין א שאכטעלע פון פיר ווענט מיט אַ פּאר־גרינטן שײַבל אינעם דרויסן ארײַן.

דעריבער איז אים אומעטום גוט געווען, און דאָ אַף די גאסן אויך.

דער ערשטער, וועמען ער האָט אַף דער גאס באגעגנט, איז געווען א ייִד מיט א קלאָטשעוואטער באָרד. דער ייִד איז אלט געווען בא א פּערציק יאָר, און זײַנע אויגן זײַנען רויט געווען. דער ייִד האָט בא אים א נעדאָווע געבעטן, און זײַן שפּראך איז געווען א פריילעכער ייִדיש.

— שאָלעם־אלייכעם, רעב שאָלעם־אלייכעם, — האָט דער ייִד צו אים געזאָגט, — גיט עפּעס אַף ברויט א יונגן פּיאָנערל.

פארוואָס עפּעס א יונגן פּיאָנערל? ווײַל מער פארמאָגט ער ניט ווי א יונגן יאטל פון א יאָר צען מיט א רויטן טיכל אפן

האלדז. ער אליין איז ארבעטלאָז. דער יאָט לערנט זיך אין א יידישער שול און דארף האָבן א שיכל, א פּאָר הויזלעך און א „שטורעם"־קאָסטיום. ער האָט ניט קיין ארבעט, דער אלטער. ער פארדינט אלע נאכט א פּאָר גראָשן בא די מוידן, בא די פריילע־כע מוידן. מע לאָזט זיי ניט שטיין אף די גרויסע גאסן, באהאלטן זיי זיך אויס אין די ליקעלעך, און ער רופט אהין פורמאנעס — די פּאָרלעך אָפּצופירן אף זיסן נאכטלעגער — גיבן זיי אים פארן גאנג א פּאָר גראָשן, האָט ער עס פאר זיך אף ברויט און פארן פּיאָנערל אף א שיכל. הייַנטיקע נאכט האָט ער קיין גראָשן פאר־נאָסע ניט געהאט, בעט ער בא אים אף ברויט. ער האָט געקאָנט שאָלעם־אלייכעמען — ער האָט אים דערקאָנט — אָט דאָס איז ער!

— פארוואָס שלעפּסטו אף זיך אזא שווערן פעלץ? — האָט קריטשעווסקי בא אים א פרעג געטון.

דער ייִד האָט אף אים א קוק געטון:

— ווער, מיינט איר, בין איך, פארן פּיאָנערל און פאר זיי — ער האָט ערגעץ אין דער וויַיט אָנגעוויזן — פאר דער וועלט? א נאכט־שוימער בין איך! א נאכט־שוימער טשעפּעט קיינער ניט...

קריטשעווסקי איז געגאנגען מיט אים א פּאָר הונדערט שפּאַן און געגעבן אים א פּאָר מאטבייעס פּאָשעט און ברידערלעך, אָן א טראָפּן פון יענעם סאָרט איבל־געפיל, וואָס פארביטערט ביידנס געמיטער — דעם געבערס און דעם נעמערס.

אף א באלקאָן איז א ייִד אין א זיַידענער יארמעלקע געשטא־נען. פון אונטער זיַין אלפּאגענעם וועסטל איז דער טאלעסקאָטן ארויסגעהאנגען, און די ציצעס האָבן זיך לייַכט באוועגט אפן ווינט. קריטשעווסקי האָט אים באמערקט. דער טאטע פונעם יונגן פּיאָ־נערל האָט ארופגעריסן אין דער הויך זיַין קלאָטשעוואטע באָרד און אויסגעשריִען:

— א גוט שאַבעס, רעב זיימעלע! איר שטאָפּט זיך ס׳בייַכל מיט פרישע לופט? — און צו קריטשעווסקין האָט ער א ווונק גע־טון: — בויך־קולטור מאכט ער!

דער ייִד אפן באלקאָן האָט זיך א דריי אויס געגעבן צו זיי מיט דער פלייצע און איז פון באלקאָן אַוועק. דער ייִד מיט דער

קלאָטשעוואטער בּאָרד האָט זיך צו א צווייטן פארבײַגייער אוועק־געדרייט, און די זון איז איבּער דער שטאָט אופגעאנגען.

קריטשעווסקיס געמיט איז ניט אָפּגעשטאנען. ווי די זון אפּן האָריזאָנט איז ער הויך אופגעאנגען.

ער האָט באגעגנט א כאָפּטע ווײַבער און מיידלעך מיט גראָבּ־אײַזנס, בעזימער און לאָפּעטעס. זיי זײַנען געגאנגען די בולווארן ריינִיקן. צוויי פרויען האָבּן געטראָגן א טראָגבּרעטל. איין פרוי איז געגאנגען מיט א קינד אף די פּלייצעס. דאָס קינד איז געלעגן דאָרטן אין אזא מין רוק־זעקל און איז געשלאָפן. די פרוי האָט געזונגען מיט א ברוסטיקער שטים הויכע און מונטערע לידער. די איבּעריקע פרויען און מיידלעך האָבּן מיטגעזונגען. דער פרי־מאָרגן איז ווי אן אָנגעצויגענער פּויק געווען. לוסטיקע ארבּע־טערנס האָבּן אין אים אויסגעפּויקט בּודיאָניס מארש.

דער פרימאָרגן איז געוואקסן. די שטאָט האָט אופגעוואכט. די גאסן זײַנען מיט מענטשן אָנגעפּילט געוואָרן. די טראמוויַיען האָבּן זיך צעקלונגען און די אווטאָבּוסן האָבּן זיך צעהודזשעט. צײַטונג־ייִנגלעך האָבּן זיך בּאָרוועסע איבּער די גאסן צעשאָטן מיט פּעק־לעך פרישע צײַטונגען אונטער די יונגע אָרעמס. געוויס איז דאָרט געשטאנען געשריבּן וועגן טשעמבּערלענען מיט אלע זײַנע פינצ־טערע שטיק. די צײַטונג־ייִנגלעך האָבּן זיך דערמיט זייער פלינק באנוצט און געשריִען:

— פינף קאָפּיקעס א דיקטאטור... פינף מיט א טשעמבּערלען... דרײַ קאָפּיקעס פאר א טשעמבּלרען מיט אלע זײַנע פינצטערע שטיק...

דער פרימאָרגן איז געוואקסן. אין פרימאָרגן איז אף דער גאס אויסגעוואקסן אן אָנפּיסיקער הויקער. ער זיצט אף א וועגעלע א צווייטער הויקער (אף פּיס) שטופּט פון הינטן דאָס וועגעלע. באם אָנפּיסיקן הויקער אין די הענט — צײַטונגען. דאָס ווע־געלע טראָגט זיך שנעל. ביידע הויקערס שמייכלען. די זו שמייכלט אף זייערע הויקערדיקע פּלייצעס. א בּאָרוועסער יאטל לויפט פארבײַ און שטעלט זיך אָפּ. ער קוקט לאנג מיט קינע אף די ביידע הויקערלעך. די הויקערלעך וועלן די ערשטע אלע צײַ־טונגען זייערע אויספארקויפן. זיי זײַנען אף רעדלעך. ער פאר־

געסט גלײַך דערפֿון און גיט זיך א יאָג. ער יאָגט זיי איבער און זײַן פארשמירטע צורקע לײַכט. די זון שײַנט דאָרטן. וווּנדערט זיך ניט — די זון איז דאָ אומעטום. עס איז דאָרעם.

קריטשעווסקי שטייט א ווײַלע א פארגאפטער.

דער פרימאָרגן איז אויסגעוואקסן. קריטשעווסקי האָט שוין זײַנע צײַטונגען דורכגעלייענט. ער האָט שוין זײַן קורצן פרישטיק אײַנגעשלונגען. ס'קומט אים אָן פונקט אנטקעגן א רויטע לעוואיע. צוויי אָרקעסטרען מוזיק. איינער שפּילט דעם טרויער־מארש, וואָס זײַן טרויער איז שוין קריטשעווסקין אזוי דערעסן, ווי א פאר־האסטער ריטואל. ער קערט זיך אָפּ פון דער לעוואיע און גייט אוועק מיט אַן אנדער גאס. דאָ שפּילט אויך מוזיק? וואָס איז עס פאר אזא מין מוזיקאלישע שטאָט? אָ, ניין... דאָ גייען קאָ־לאָנעס.

ער האָט זיך פארקוקט אויף די קאָלאָנעס.

נאקעטע קעפּ, געשוירענע. אָפענע און געזונטע פּענימער, ווי אָפענע פענצטער אין זוניקן דרויסן ארײַן. נאקעטע פיס, נאקעטע הענט. רויטע, בלוע, ווײַסע, שווארצע, דינע געשטריקטע לײַב־לעך אויף די יונגע קערפּערס. קורצע הויזלעך. די הויזלעך זײַנען אלע טונקעלע. די פארבן זײַנען ניט געמישט. יעדער קאָלאָנע האָט איר פארב. רויטע קאָלאָנעס, בלוע, ווײַסע, שווארצע. בא די פרויען זײַנען די ליניִעס פון זייערע פיגורן ווייכער און קײַלעכ־דיקער, בא די מענער — שטײַפער און ווינקלדיקער. אָבער די גע־מיטער בא אלע ביידע זײַנען שטײַפע און מונטערע. פיזקולטור־ניקעס,

זאָל ער זיך שעמען? ניין. זײַן קערפּער איז אויך שטײַף און זײַן געמיט איז אויך מונטער.

ער איז ארײַנגעלאָפן אין דער נאָענטסטער קראָם. ער האָט זיך געקויפט א פאָר טונקעלע הויזלעך מיט א ווײַסן לײַבל. ווו זאָל ער זיך איבערטון? ער איז ארײַנגעלאָפן אינעם נאָענטסטן האָטעל. ער האָט דאָרט איבערגעלאָזט זײַן „מענטשישן" אָנצוג, און איז ארויסגעשפרונגען אויף דער גאס מיט נאקעטע הענט און פיס, מיט א נאקעטן קאָפּ, אין לײַכטע ספּאָרט־שיכלעך, און אוועק־געלאָפן מיט דער גאס אָניאָגן די קאָלאָנעס פיזקולטורניקעס.

*

ווען די זון האָט זיך געזעצט און ער איז געזעטיקט געווען מיטן טאָג ליכטיקער פרייד אפן גרויסן וואסער הינטער דער שטאָט, האָט אים א שטילע באהאלטענע בענקשאפט ארומגעכאפט, און ער האָט זיך אָן טײַבלען דערמאָנט.

ער האָט זיך דעמאָלט געענוג געלאסן איבערגעטון, אײַנגעוואשן, און צו דער טעלעפאָן־סטאנציִע אוועק. דאָרט האָט מען אים פאַרייניקט מיט דער שטאָט, ווו טײַבל האָט געוווינט, און ווען ער האָט גענומען דאָס טרײַבל מיט טײַבלען צו ריידן, האָט אים אף א קורצע רעגע א שטילער ציטער אָנגעכאפט. פּונקט ווי דעמאָלט די טעלעגראמע, אזוי אויך איצט האָט אים אויסגעוויזן, אז זײַן טעלעפאָן־געשפּרעך איז איבעריק. אָבער דאָס האָט געדויערט נאָר א קליינע רעגע, ווײַל ווען ער האָט דערהערט טײַבלס שטים, האָט ער זיך דערפרייט און ארײַנגעשריִען אין טײַבל ארײַן:

— טײַבל! איך האָב דיך געוואָלט זען און ניט געקאָנט!

און ווען ער איז געגאנגען פון די טרעפּ פון דער טעלעפאָן־סטאנציִע האָט ער געטראכט, אז ערשט איצט האָט ער באנומען דעם זין דערפון, וואָס דער פּראָפעסאָר לין האָט אים דערציילט: טײַבל איז גערעכט: ניט נאָר צווישן אונדז זײַנען דאָ אזעלכע, צו וועלכע מע דארף שרײַען „שטארב גיכער!" — אין אונדז גופע זײַנען נאָך פאראן אזעלכע ווינקעלעך, וואָס מע דארף זיי גיכער טויטן, ווען ניט... ווען ניט — לאטען זיי אונדזער טאָג מיט אלטע שמאטעס, און מיר זעען אויס אין זיי אָרעמער, ווי מיר זײַנען אין דער עמעסן. אָט דאָס, און קאָן זייער זײַן, אז דאפקע ניט דאָס, נאָר דאָס, וואָס טײַבל האָט צוגעזאָגט אין א כוידעש ארום איר אורלויב פארברענגען מיט אים, אין איליטשעווקע, אף דער בויונג, האָט אים דערפרייט, און זײַן לעצט פּיצל אומעט איז אים געשטאָרבן.

ער איז אוועק צום וואָקזאל. א נאכט וועט ער פאָרן, און אף מאָרגן וועט ער קומען אפן אָרט און וועט אָנהייבן בויען.

מאָסקווע 1928—1929.

# אינהאלט